# שלמה לבדי

# שװעלן

## א טרילאָגיע



שיקאגא · „ידידים“ · נײַנצן פערציג אַכט


מיינע פרומע
טאטע-מאמע
און ברידער
וועלכע זיינען אומגעקומען
אויף קדוש השם
אין די הענט פון די
נאצי רוצחים אין
ליכטיגן אנדענק
געווידמעט

# אינהאַלט

## צווייטער טייל:
## זוניקע וועגן

# פערזאָנען־פאַרצייכעניש

באַמערקונג:

מיטן אויסנאַם פון עטלעכע געשיכטלעכע פיגורן, זיינען אַלע פערזאָנען, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער טרילאָגיע, דורכאויס אויסגעטראַכטע, און יעדע ענלעכקייט צו וועלכער ס'איז ווירקלעכער פער־זענליכקייט — הן אין נאָמען און הן אין שילדערונג — איז ניט מער ווי צופעליג.

דער מחבר

**אביגדור** — אין דערהיים — דייכעס

אין דער ישיבה — דער פילענאָווער

אין פּאַלעסטינע — דוכס

אין דער טערקישער אַרמיי — אַבוקאַדיר עפענדי

אין אַמעריקע — וויקטאָר דיקענס

**מאיר דייכעס** — אביגדורס פאָטער

**אסתר־מלכה** — אביגדורס מוטער

**שכר** } אביגדורס ברידער
**לויק**
**איסרל**

**רב מאירל** — דער ערשטער רב פון פילענאָווע און דער גרינדער פון דער דייכעס־משפחה

**דייכע** — רב מאירלס ווייב

**ר׳ שלום־יעקב דייכעס** — אביגדורס זיידע

**גיטעלע** — ר׳ שלום־יעקבס ווייב; אביגדורס באָבע

**פעטער חנא** — ר׳ שלום־יעקבס עלטסטער זון

**מומע חיה־שרה** — פעטער חנאס ווייב

**פעטער איטשע** — ר׳ שלום־יעקבס זון; עלטער פון מאירן

**פעטער אביגדור** („ער״) — ר׳ שלום־יעקבס יונג־פאַרשטאָרבענער זון

**הדסל** — פעטער אביגדורס טאָכטער ; אַ יתומה ; אין איין עלטער מיט אביגדורקען

**רב טעוועלע** — דער פּילעוּנאָווער רב

**ר׳ שעיה** — ר׳ שלום־יעקבס נאמן

**מיכאַלקע** — דער דוואָרניק ביי ר׳ שלום־יעקבן אין הויף

**יאַנעק** — מיכאַלקעס זון

**ר׳ שכנא דרדקי** — אביגדורס ערשטער רבי

**ר׳ משה־לייב** — אביגדורס מלמד פון חומש ביז התחלת־גמרא

**ר׳ יאָשע־בער חריף** — אביגדורס גמרא־מלמד

**יאָשקע** — אַ קצבס אינגל
**אברעמעלע** — אַ סופרס אינגל
} אביגדורס חדר־חברים

**יאָחאַניצי** — אַ ציגיינערשער פידל־שפּילער

**זישע פידעלע** — אַ קלעזמער

**רב אשרל** — דער טעלזער ראש־הישיבה

**מאַלקין** — אַ העברעאישער לערער ; אַ ציוניסט

**גרישע** — אַ סטודענט ; דער אָנפירער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּילעוּנאָווע

**עליע ליפשיץ** — אַ קאָלאָניסט

**חוה** — ליפשיצעס ווייב

**תמרה** — ליפשיצעס טאָכטער

**אפרים ליפשיץ** — עליע ליפשיצעס אַ פּלימעניק ; אַ יפור גימנאַזיסט ; שפּעטער — אַן אָפיצער אין דער טערקישער אַרמיי (איבראַהים עפענדי)

**ראובני** — אַ פּועל ; געבוירן אין פּילעוּנאָווע

**בן־טובים** — אַ פּועל

**שרה מייזלס** — אַ קעכין אין דער אַרבעטער־קיך ; ראובניס פריינדין

**אדון שיפריס** — דער דירעקטאָר פון לערער־סעמינאַר אין ירושלים

**כייקל** (כאַקי עפענדי)
**דוד קאַפּלאַן**
**יואלי**
**פרידמאַן**
**שמחוני**
**שאַפּיראָ**
} סעמינאַריסטן ; אביגדורס נאָנטע חברים ; שפּעטער — טערקישע אָפיצערן, אַחוץ שאַפּיראָ און דוד קאַפּלאַן

**שוואַרצבערג** — אַ קונסט־שילער אין דער „בצלאל״־שול ; אַ חבר פון אַביגדורן און די אויבנדערמאָנטע

עספיר — אַ גרוזינער מיידל ; שמחוניס פריינדין

פייערשטאַם — אַ לערער פון דייטש אין סעמינאַר

חכם נסים — אַ לערער פון טערקיש אין סעמינאַר

בן־עמי־הוד — אַ כלל־טוער ; דער רעדאַקטאָר פון אַ טעגליכער צייטונג אין ירושלים

אדון אמרתי — אַ שריפטשטעלער, אַ מיטאַרבעטער פון אַ צייטונג און אַ לערער אין דער ירושלימער גימנאַזיע

דער קאַלאַגאַסי — דער רעקרוטן־קאָמאַנדאַנט פון ירושלימער געגנט

דזשאַמאַל פאַשאַ — דער הויפט־קאָמאַנדאַנט פון דער פערטער טערקישער אַרמיי און רעגענט פון סיריע און פאַלעסטינע

ביילין<br>פייגלזאָן<br>חפץ } סעמינאַריסטן

קאַץ<br>בענדער } יפור גימנאַזיסטן

} שפעטער — אָפיצערן אין דער טערקישער אַרמיי

ענווער פאַשאַ — דער טערקישער קריגס־מיניסטער און דער הויפט־קאָמאַנדאַנט פון די אָטאָמאַנישע אַרמעען

פאָן קרעס — דער דייטשישער קאָמאַנדאַנט פון מדבר־פראָנט און באר־שבע

איסמאַאיל ביי — קאָמאַנדאַנט פון 162טן רעגימענט ; שפעטער — דער קאָמאַנדאַנט פון דער 53טער דיוויזיע

וועהבי עפענדי — אַן אויבער־לויטענאַנט ; אביגדורס אויבער־אָפיצער

אַכמעד טשאַוש — אַן אונטער־אָפיצער אין אביגדורס אָפטיילונג

איליאַ — אַן אייראָפּעאיש מיידל פון אַ מיליטערישן שאַנד־הויז אין קאָנסטאַנטינאָפּל

אוני עפענדי — אַ מאַשין־געווער־אָפיצער<br>עליאַס עפענדי — אַ גרעק<br>קאַלאַסט עפענדי — אַן אַרמענער } אָפיצערן אין אביגדורס אָפטיילונג

אנאַסטאַסי עפענדי — אַ מיליטערישער דאָקטער ; אַ גרעק

אַלעפּאַ — אַ יונגע רוסישע נאָנע

דאָקטער גראַהאַם — אַ כירורג אין דעם שפיטאָל פאַר קריגס־געפאַנגענע אין עגיפּטן

קאָלאָנעל וואָודס — דער קאָמאַנדאַנט פון די געפאַנגענשאַפט־לאַגערן נעבן אַלעקסאַנדריע, עגיפּטן

לויטענאַנט באַשטאַנסקי<br>קאַפּיטאַן טרומפּעלדאָר } די גרינדער פון אידישן לעגיאָן אין דער ענגלישער אַרמיי

גפן — אַ געוועזענער סעמינאַריסט; שפּעטער — אַ לעגיאָנער

מיסטער יוריסאָן — אַ פאָרשטייער פון אַמעריקאַנעם ציוניסטישן קאָמיטעט אין פּאַלעסטינע

מיסטער מילנער — אַ פּרעזידענט פון אַ תּלמוד־תּורה; דיקענסעס אַ לאַנדסמאַן

טאָני — אַן אײגענטימער פון אַ רעסטאָראַן; אַ איטאַליענער

דאָקטער מק׳קאַרטי — אַ כירורג

נענסי לערי — אַ קראַנקנשוועסטער

מרס. לערי — נענסיס מוטער



ס איז אים ענג געוואָרן, האָט ער זיין טאַטנס היים פאַר־
לאָזן און האָט זיך געלאָזט אין דער ווייטער פרעמד —
זיך אַליין צו געפינען, זיך אַליין צו פאַרלירן.



# פּראָלאָג

# I

## שײַר־חנגן




ען ער האָט זײַנע אױגן אױפֿגעעפֿנט, האָבן זיך אין צימער אַרײַנגעבראָכן די ערשטע זונשטראַלן פֿונ׳ם פֿרילינג־פֿרימאָרגן און זיך צונױפֿגעגאָסן מיטן אָפּשײַן פֿון לאָמפּ נעבן דער מאַמעס זילבערנע בענטש־לײַכטער. בלעטער־שאָטנס האָבן זיך אומגעװױגט איבער די שױבן, און אַ געצװיטשער פֿון פֿױגל האָט זיך דערטראָגן פֿון גאָרטן. בײַם טיש איז געזעסן דער טאַטע, אָנגעבױגן איבער דער גמרא, און האָט געלערנט מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם ניגון.

ער האָט צוריק זײַנע אױגן צוגעמאַכט און האָט זיך צוגעהערט צום טאַטנס לערנען.

פֿון קינדװײַז־אױף האָט ער ליב געהאַט אַזױ צו ליגן, מיט צוגעמאַכטע אױגן, און זיך צוהערן צום טאַטנס לערנען אין די גרױע שעהן פֿון פֿרימאָרגן. רױק און אומגעשטערט פֿלעגט דעם טאַטנס האַרציקער גמרא־ניגון זיך אומװיגן אין דער דרעמלענדיקער שטילקײט פֿון צימער. אַ צאַרטער, אַ פֿאַרבענקטער, נאָר פֿול מיט פֿעסטן בטחון, פֿלעגט דער דאָזיקער ניגון אים דערהױבן אַלץ נענטער צו זײַן פֿרומען טאַטן. צערטלענדיק און זינגענדיק, פֿלעגט ער אין זײַן יונג האַרץ אױפֿטליִען דעם פֿײַער פֿון חשק און התמדה פֿאַר די קומענדיקע מאָרגנס, און פֿלעגט פֿאַרטרײַבן פֿון אים אַלע אומקלאָרע ספֿקות, װאָס האָבן געעגבערט זײַן קינדישן מוח.

שעהן־לאַנג פֿלעגט ער אַזױ ליגן.

צײַטנװײַז פֿלעגט ער זײַנע אױגן אױפֿעפֿענען און זיך פֿאַרקוקן אױפֿן טאַטנס שאָטן, װאָס האָט זיך ריטמיש אומגעפֿליגלט איבערן װאַנט, װי ער

וואָלט באַוואַכט און באַשירעמט זיין געלעגער. דאָ, אין די דלד־אמות פון זיין פרומען טאַטן, איז ער געווען זיכער אַז קיין בייז וועט אים ניט געשען. און שפּעטער, ווען דער הימל איבער זיין קאָפּ האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן, און מיט יעדן גוססן טאָג האָט אַ פּרישער אומרו פון אים געמאָנט אַ פּתרון אין דעם שווייגן פון דער נאַכט — אויך דאַמאָלט פלעגט דעם טאַטנס לערנען אים דער־מונטערן און שטאַרקן, און פלעגט אַרייננברענגען טרייסט און זוניגקייט אין זיינע פאַרנעפּלטע טעג.

דעם טאַטנס גמרא־ניגון — דאָס געזאַנג פון דורות.

נאָר פאַרוואָס איז היינט זיין ניגון אַזוי טרויעריג? וואו איז די שבת־דיגקייט, די נחת־רוחדיגקייט, וואָס פלעגט פון אים אַרויסזינגען?... פאַר־לאָרן און איינזאַם ציט זיך אַצינד זיין גמרא־ניגון, דורכגעטומען מיט אַ שטילן אומעט, מיט אַ פאַרשטיקט ליידן. אַט הערט ער, דאַכט זיך, ווי דער טאַטע בעט זיך ביי אים: „זון מיין! פאַרלאָז מיך ניט — גיי ניט אַוועק פון מיר!...״

און ער ווייסט, אַז זיין איצטיגער אַוועקגיין פון דערהיים פאַרשאַפט דעם טאַטן גרויס עגמת־נפש. דעם טאַטנס האַרץ בלוטיגט, דעם טאַטנס האַרץ איז צוקרענקט; נאָר דער טאַטע רעדט ניט — דער טאַטע לערנט, דער טאַטע זינגט. דאָ, פאַר די אַלטע ספרים, וויל ער זיין שטומען צער אָראָפּ־ריידן; צווישן די פאַרצווייגטע סוגיות פון דער גמרא וויל ער זיין טיפן וויטאָג באַהאַלטן; מיטן גמרא־ניגון וויל ער זיך אַליין פאַרזינגען...

אַזוי האָט ער אַמאָל געהערט דעם זיידן זינגען.

ס'איז געווען אַ פרייטיק־צו־נאַכט ביים זיידן אין הויז.

אין שטוב איז געווען ליכטיג, וואַרעם. דער זיידע איז אַקאָרשט געקומען פון שול, האָט אומגעשפּרייזט בהרחבה איבערן שבתדיג־אויפגעראַמטן צימער, און האָט געזאָגט „שלום עליכם״ — דבקותדיג, צעוואַרעמט. די באָבע, אין איר זיידענער יאַקע און פינקלדיגער שטערנטיכל, איז געשטאַנען ביים טיש און האָט איבערגעדעקט די חלה מיט דער ארץ־ישראל־טישטאַכל. קיינמאָל האָט די באָבע ניט אויסגעקוקט אין זיינע אויגן אַזוי חנעוודיג, אַזוי אינגאַנצן־שבתדיג, ווי דאַמאָלט, באַלד נאָך איר לעצטן קראַנק־זיין. יעדער קנייטש אויף איר אויסגעבלאַסטן שטערן, יעדער ריר פון אירע פרומע פינגער, איר יעדער פינטל מיט אַן אויג — האָט אָפּגעשטראַלט מיט ליבשאַפט און צאַרטקייט, און האָט זיך ווי געבעטן: „קוקט אויף מיר!...״ אַ זינגענדיגער האָט דער זיידע זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן איר, האָט תלמיד־חכמיש־קלוג אַ שמייכל געטאָן מיט די אויגן און האָט צוגעקנאַקט מיט די פינגער:

— אַי, אשת חיל מי ימצא... בטח בה לב בעלה ושלום לא יחסר... גמלתהו טוב ולא רע כל ימי חייה...

דערנאָך איז דער זיידע צוגעגאַנגען צו אים מיט הדסלען, האָט זיי אַרויפ־

געלייגט די הענט אויפן קאָפּ, האָט זייביידן געבענטשט און אַ קוש געטאָן אין שטערן. מיט פּאַטריאַרכאַלער ווירדע און געלאַסנקייט האָט ער זיך דערנענ־טערט צום אויבנאָן פון טיש. די באָבע, מיט אַ ליכטיגן שמייכל אויף אירע ליפּן, מיט צערעמאָניאַלער הכנעה און הייליגן ציטער אין אירע פינגער, האָט אים דעם קידוש־בעכער אויף די הענט אַרויפגעשטעלט. פּלוצים האָט די באָבע צוגעמאַכט די אויגן און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויפן שטול. אירע ליפּן האָבן קוים אויסגעפּליסטערט:

— שלום־יעקב, ס'איז מיר ניט גוט... רוף די קינדער...

— גאָט איז מיט דיר, גיטעלע! וואָס איז דיר, חלילה?!

— איך גיי אויס, שלום־יעקב... זיי מיר מוחל... זאָג וידוי מיט מיר...

דער זיידע האָט איר צוגעטראָגן אַביסל וואַסער צום מויל און האָט אַ זאָג געטאָן צו אים:

— גיי, מיין קינד, רוף אַריין דעם טאַטן — רוף צונויף דעם הויף; — דער באָבען איז ניט גוט געוואָרן...

ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויסצופירן די שליחות. און ווען ער איז צוריקגעקומען, איז די שטוב געווען פול מיט מענטשן — אייגענע און פרעמדע. דערשטוינט און דערשראָקן האָבן זיך אַלע געשפּאַרט אַהין, וואו די באָבע איז געלעגן אַ פאַרחלשטע, אַ צעאָטעמטע. אַ פאַרטאָיעטער געמורמל. אַ פּאָר־שטיקט שלוכצן. אַן אָפּגעטויבט ברעכן פון הענט. ער האָט פאַרשטאַנען: די באָבע גוססט, די באָבע שטאַרבט... ביים בעט איז געשטאַנען דער זיידע מיטן פעטער חנא, אַריבערגעבויגן, מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם, און האָבן באַוואַכט דער באָבעס גוססע ליפּן. מיטאַמאָל האָט זיך דער פעטער חנא געטאָן אַ גלייך־אויס, האָט פאַרריסן די הענט און די אויגן צום הימל און האָט אויסגעשריען:

— ש—מ־ע ישר—אל!... אדוני אל—הינו!... אדו—ני א—ח—ד!...

אין שטוב האָט אויסגעבראָכן אַ יללה, אַ געשריי. ווייבער האָבן זיך צע־יאָמערט; קינדער, אויף זיי קוקנדיג, האָבן זיך צעוויינט. דער פעטער חנא האָט אַרויפגעלייגט זיינע פינגער אויף דער באָבעס אויסגעלאָשענע אויגן און האָט זיי מיט יראת־הכבוד צוגעמאַכט. דער זיידע האָט אַ ציטער געטאָן. זיין בוימיגער קערפּער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, האָט זיך אויף אַ רגע ווי צוזאַמענ־געבראָכן. ער האָט זיך אָבער באַלד צוזאַמענגענומען, האָט זיך אויסגעגלייכט אין זיין פולער הויך, און מיט אַ האַרטן פויסט האָט ער הילכיג אַ זעץ געטאָן אין טיש:

— ש־אַ! שבת!! מ'טאָר ניט וויינען!!!...

אַ שטילקייט איז באַפאַלן ס'גאַנצע הויז — אַן אַנגעווייטאָגטע שטילקייט — די שטילקייט פון אַ בית־הקברות. פון דער שטילקייט האָט אַרויסגעקוקט דער שבת אַ פאַראָבלטער, אַ פאַרשטערטער. איינציגוויין, ווי די שאָטנס, האָט

זיך יעדער אָפּגעטראָגן אין אַ באַזונדער ווינקל און האָט אויסגעמיטן דעם צווייטנס בליקן. פון ערגיץ־וואו האָט זיך אַ קרעכץ אַרויסגעריסן און איז אויסגעגאַנגען אין איינזאַמקייט. און באַלד האָט זיך איבער אַלץ געלאָזט הערן דעם זיידנס קידוש:

— יום השׁשׁי... ויכולו...

אויפן טיש האָבן געברענט ליכט — דער באָבעס ליכט, אירע לעצטע שבת־ליכט; אויפן בעט, מיט אַ שוואַרצער ליילאַך איבערגעדעקט, איז געלעגן די באָבע אַ טויטע; און אויבנאָן ביים טיש איז געזעסן דער זיידע, אַ פאַר־וואַלקנטער, און האָט געזונגען זמירות. דיזעלבע זמירות ווי אַלע שבת, דער־זעלבער ניגון; נאָר פון זיין געזאַנג האָט אַרויסגעווײנט דער צער פון אַ פאַרעלנטער נשמה וואָס ראַנגלט זיך מיט איר אייגענעם יאוש...

אַזוי האָט דאַמאָלט דער זיידע געזונגען, אַזוי לערנט איצט דער טאַטע.

און ער ווייסט, אַז אָפּט — זייער אָפּט — ווערט ער בענקען נאָכן טאַטן, נאָך זיין באַגייַנענדיגן לערנען. דאָרט, אין דער ווייטער פרעמד, ווערט אים דעם טאַטנס גמרא־ניגון אויספעלן־נאָכפאָלגן אויף אַלע זיינע וועגן. און גראָד היינט, אין דעם טאָג פון זיין אַוועקגיין, איז דערדאָזיגער ניגון אַזאַ פאַר־צווייפלטער, אַזאַ פאַריתומטער. אָט אַזאַ ווערט ער אים מיטנעמען אין זכרון...

מיט צוגעמאַכטע אויגן זעט ער ווי אויפן טאַטנס פּנים לייגט זיך אויס קנייטש נאָך קנייטש; די אונטערשטע ליפּ ציטערט ביי אים, און זיינע אויגן בלאָנדזשען־אום פאַרלאָרן אין דער אַרומיגער האַלב־שאָטנקייט... אַ וואָרע־מער רחמנות־געפיל נעמט אים אַרום. ער דערפילט זיך מיטאַמאָל שולדיג קעגן טאַטן. און ער וואָלט איצט געוואָלט צופאַלן צום טאַטן און זאָגן צו אים: „טאַטע מיינער! נעם מיר צוריק אַריין אין דיין מחיצה, אין דיין באַשוואוי־רענעם עיגול, און מיט דיר צוזאַמען וועל איך, זינגענדיג־ווייַנענדיג — דאָ, צווישן די אַלטע שמות, מיט טויטע ווערטער פון פאַרשוואונענע נעכטנס — שטילן מיין ברענענדיגן דורשט צום לעבן!...” אָבער דערנאָך? — — וידער אַמאָל אכזריותדיגע, שלאָפלאָזע נעכט; ווידער אַמאָל דער געראַנגל מיט זיך אַליין...

אַ טרוקנקייט האָט אים אַ ברי געטאָן אין האַלדז, און ער האָט דערפילט דעם וואַרעמען אַראָפּגליטש פון טרערן איבער די שלייפן.

ער האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער.

דעם טאַטנס לערנען האָט זיך איבערגעריסן, אויפגעהערט. דער פלאַם אין לאָמפּ האָט זיך געטוקט אין אויסגיין. ניט ווייט פון זיין געלעגער איז געשטאַנען דער טאַטע און האָט געקוקט אויף אים. דעם טאַטנס בליקן זיינען געפאַלן שוויגנדיג, שווער.

— טאַטע! — האָט ער בלאָס אַרויסגערעדט — פאַרוואָס ביסטו אין כעס אויף מיר?

דער טאַטע האָט ניט געענטפערט. זיינע טיפע, מילדע אויגן האָבן דורכ־גענומען זיין גאַנצן וועזן. ער האָט זיך דערפילט נאַקעט און פאַרלאָרן אונטערן טאַטנס בליקן.

— טאַטע! — האָט ער באַלד ווידער אָנגעהויבן — פאַרוואָס רעדסטו ניט מיט מיר? זינט איך האָב זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין, האָסטו נאָך צו מיר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט...

דער טאַטע האָט אַלץ פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען און איז געשטאַ־נען אומבאַוועגט אויף זיין שטעל. אַ דינער חוזק־שמייכל איז אויפגעשוואומען אויף זיינע ליפּן. ער האָט מיושבדיג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט שטיף פאַרצויגן די ברעמען און האָט דורכגעפירט זיינע פאַרטראַכטע פינגער איבער דער ברייטער, שוואַרצער באָרד —

— עס איז שוין אפילו צייט פאַר מיר צו גיין אין שול אַריין; נאָר דו ביסט דאָך ביי מיר היינט, קאָן מען זאָגן, אַ שטיקל אורח, וועל איך שוין דיר צוליב דאַוונען מיטן צווייטן מנין. הויב זיך אויף און קום אַרויס אין גאָרטן, וועלן מיר זיך דורכריידן...

דרויסן האָט געהעלט אַ לויטערער פרילינג־פרימאָרגן. דער גאָרטן איז געשטאַנען אין פולן בליען. אויפן באַנק, אונטערן „זיידנס בוים”, איז געזעסן דער טאַטע און האָט געוואַרט אויף אים.

ער איז אַריין אין גאָרטן און האָט זיך אַנידערגעזעצט נעבן טאַטן. אַ ווילע האָבן זיי בײדע געשוויגן. דער טאַטע האָט זיך צוגערוקט נענטער צו אים, האָט זיך פאַרקוקט אין דער טיפער גרינקייט און האָט אָנגעהויבן רואיג, באַזאָכט:

— האָסט מיר געפרעגט פאַרוואָס איך רייד ניט צו דיר. ביסט מיר חושד אַז איך טראָג, חלילה, אַ כעס אויף דיר... כ'ווייס ניט פאַרוואָס מ'זאָל בכלל טראָגן אַ כעס אויף אימעצן, און בפרט נאָך — איך אויף דיר... איך ווייס ניט אויב איך האָב דאָס דיר ווען געזאָגט; כ'ווייס ניט אויב איך מעג עס אפילו אַצינד טאָן; איך קאָן מיך אָבער ניט העלפן... וואָס איך וואָלט געוועזן אַ בעלן צו וויסן, איז אויב דו, מיין זון, וויסט — אויב דו באַגרייפסט — ווי ליב דער טאַטע האָט דיר?... כ'האָב דאָס דיר אפשר קיינמאָל בפועל־ממש ניט אַרויסגעוויזן; כ'האָב דאָס דיר אפשר קיינמאָל ניט געלאָזט פילן בגלוי — ווייל איך האָב דאָס ניט געטאָרט טאָן פאַר די אַנדערע, זאָלן געזונט זיין. זיי זיינען אויך מיינע קינדער, אויף לאַנגע יאָר, און גאָט ברוך־הוא איז מיין עדות, אַז כ'האָב זיי ליב ווי ס'לעבן. צו דיר אָבער האָב איך תמיד געפילט גאָר אַן אַנדער ליבשאַפט — פון אינגאַנצן אַן אַנדער בחינה. דו ביסט מיר, פון שטענדיג־אָן, איינגעבאַקן אין מיין האַרצן. איך האָב ליב דיין שכל־הישר, דיין גרונטיגקייט אין לערנען; און זיצנדיג מיט דיר ביי דער גמרא, פלעג איך שטענדיג זען בחוש, ווי די קייט, וואָס מיינע עלטערן האָבן פאַר דורות־לאַנג

אויסגעשמידט, ווערט גרעסער און שטאַרקער... אויף דיר האָב איך מיין גאַנצע האָפענונג געלייגט... נאָר זינט דעם לעצטן „טומל", ניט היינט געדאַכט, ביסטו געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. עפּעס דערקאָן איך דיר ממש ניט! אַ שווערער אומרו איז דיר באַפאַלן, און איך האָב דערפילט ווי דו דערווייטערסט זיך פון מיר, אביגדור... איך האָב דיר קיינמאָל ניט געפרעגט פאַרוואָס; אַליין אויפצובינדן זיך פאַר מיר האָסטו משמעות ניט געפונען פאַר רעכט. אַצינד גייסטו פון מיר אַוועק — קיין ארץ ישראל, הייסט עס, פאַרסטו — און אָן מ י י ן ה ס כ מ ה...

שוין לאַנג זינט ער איז געזעסן אַזוי פּנים־אל־פּנים מיטן טאַטן. שוין לאַנג זינט דער טאַטע האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ וואַרעמקייט צו אים. און די איצטיגע נאַנטקייט אין דעם טאַטנס אָפנהאַרציקייט האָבן אין אים אַרויסגערופן אַן איינגענעמע פיינליכקייט.

— איך קאָן מיר ניט העלפן, טאַטע; — איז געקומען זיין ענטפער שולדיג־בעטנדיג — איך קאָן דאָ לענגער ניט פאַרבלייבן! איך מוז אַוועק!... דאָ שטיקט מיר די לופט וואָס איך אָטעם איין. די ערד וואָס איך באַטרעט ברענט מיינע פיס. מיט יעדן טאָג ווערט שווערער דער וואָלקן איבער מיין קאָפּ, און איך פיל דעם אָנקום פון שטורעם...

דעם טאַטנס פּנים האָט אויפגעלעבט. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. זיין שטים איז געקומען זאַפטיג און צעוואָרעמט:

— ש ט ו ר ע מ ו ו י נ ט ן! — טעג פון גאָטס איבערפילטן צאָרן! — ווער עס האָט מורא פאַר זיי און אַנטלויפט, און ווער עס שטאַרקט זיך אין בטחון. דער טיף־איינגעוואָרצלטער בוים, ער האָט ניט קיין מורא פאַרן שטורעם! מעג דער שטורעם אין אים וואו אַ צווייג צעברעכן; מעג ער אפילו צומאָל זיין שטאַם אויסקרימען; ער ווייסט אָבער, אַז טיף אין דעם געטרייען באָדן אונטער זיך האָט ער זיינע וואָרצלען געשלאָגן, און ווען דער שטורעם וועט זיך פאַרבייטראָגן און די זון וועט ווידער נעמען שיינען, וועט ער זיך צוריק אויסגלייכן, וועט ווידער אויפבליִען, וועט זיך אויפסניי צעוואַקסן. ווייַ איז אָבער צום בוים וואָס האָט פאַרשווענדט זיין גאַנצן כוח אויף צו וואַקסן אין דער ה ו י ך און ניט אין דער ט י ף! עס האָט אים געצויגן צו דער זון, די הויכן האָבן אים געמאַניעט, און ער האָט העכער און העכער זיינע צווייגן פאַרריסן די ערשטע זונשטראַלן צו פאַרכאַפּן. דערפאַר אָבער ווען אַ שטורעם ברעכט אויס, ציטערט אויף אים יעדער צווייגעלע, יעדער וואָרצעלע... ש ט ו ר ע מ ו ו י נ ט ן פ א ר ש ט א ר ק ן א ו נ ד ז ע ר א מ ו נ ה און וועקן אין אונדז האָפענונג אויף ליכטיגערע, זוניגערע טעג! די שוואַכע אָבער, זיי אַנטלויפן... און דו, מיין זון, דיר ציט אין דער פרעמד — אין דער וויט אַריין — ווייל דו האָסט מורא ד אָ צו זיין. דו ווילסט זיך פון דאַנען אויסרייסן און זיך איבערפלאַנצן אויף אַן אַנדער באָדן. געדענק, אביגדור: יעדער

געוויקס מוז האָבן אַרום זיינע וואָרצלען יענע ערד אויף וועלכער ער האָט די ערשטע טראָפּנס טוי פון הימל געטרונקען, פון וועלכער ער האָט זיין ערשטע יניקה געצויגן. דאַמאָלט בליט עס, דאַמאָלט וואַקסט עס. רייס עס אויס און פלאַנץ עס איבער אויף אַ פרעמדן באָדן, וועלן זיינע בליטן אָפּפאַלן, זיינע בלעטעלעך וועלן פאַרוועלקט ווערן און זיין שטאַם וועט נעמען דאַרן. ווייל פרעמד איז אים די נייע ערד, — פרעמד — די נייע סביבה!...

— פרעמד, האָסטו געזאָגט, טאַטע?! — איז אַביגדור אויפגעשפּרונגען און האָט אָנגעקוקט דעם טאַטן דערשטוינט — און איך האָב פון שטענדיג־אָן געפילט ווי מיט טויזנטער פעדים איז מיין נשמה פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן אבות־לאַנד. פון יעדער לידעלע וואָס די מאַמע האָט ביי מיין וויגבעטל געזונגען; פון יעדער מעשהלע וואָס דו, אָדער דער זיידע, צי דער רבי אין חדר האָט מיר דערציילט; פון יעדער תפילה וואָס איך האָב אויף מיינע ליפּן אויפגעבראַכט, און פון מיינע ליכטיגסטע קינדישע חלומות — האָט זי שטענ־דיג אַרויסגעקוקט צו מיר אַ געלייטערטע, אַ שטראַלנדיגע, און האָט מיין האַרץ געפאַנגען. האָסטו אַליין סיידן ניט געוועקט אין מיר אַ ליבשאַפט צו איר?! דו אַליין האָסט דאָך מיר, פון קינדוויז־אויף, געלערנט צו מתפלל זיין און גאַרן אויף איר דערלייזונג. און אַצינד, ווען פון די בערג ציונס האָט זיך געלאָזט הערן דער גאולה־רוף — דער אָנזאָג פון אַ ניי לעבן — שטאַרקן האָסטו דאָך געזאָלט מיינע הענט, טאַטע!...

— אָט דאָ, מיין זון, גייען זיך אונדזערע וועגן פאַנאַנדער. ארץ־ישראל איז מיר אַזוי ליב און טייער, ווי דיר. אַ איד דאַרף זי ליב האָבן, אַ איד מ ו ז זי ליב האָבן, ווייל זי איז הייליג — זייער הייליג! — כמעט אַ רוחניות. און טאַקי דערפאַר קאָן זי דורך מענטשן־הענט ניט אויסגעלייזט ווערן... שוין לאַנג האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט, אַז „אלמלא משמרין ישראל שתי שבתות כהלכתן, מיד נגאלין" — אויב אידן וואָלטן געהעריג אָפּגעהיט נאָר צוויי שבתים, וואָלטן זיי באַלד דערלייזט געוואָרן. פאַרשטייסט?! נאָר דורך ש ב ת ד י ג ק י י ט — נאָר דורך ה י י ל י ג ק י י ט — קאָן ארץ־ישראל אויס־געלייזט ווערן! ביי די דייניגע אָבער איז דאָך ארץ־ישראל ניט מער ווי אַ ג ש מ י ו ת — אַ מקום־מקלט פאַר די שוואַכהאַרציגע און אַנטלאָפענע. עס פעלט די שבתדיגקייט אין אייער האַרצן, און דערפאַר קאָן אייער גאולה קיין גאולה־שלמה ניט זיין!... אָט וואו עס ליגט דער אָפּגרונט צווישן אונדז.

— אָבער פאַרשטיי מיך, טאַטע... — האָט ער פאַרלאָרן אַרויסגערעדט.

— איך פאַרשטיי דיר, מיין קינד — האָט דער טאַטע געזאָגט, אַרויפ־לייגנדיג אים אַ צערטלענדיגע האַנט אויפן אַקסל — איך פאַרשטיי דיר זייער גוט; אפשר אַ סך בעסער ווי דו ביסט זיך אַליין משער. איך ווייס ווי אויפ־ריכטיג דו ביסט, און דערפאַר טאַקי טוט מיר דאָס האַרץ אויף דיר אַזוי וויי. איר בלאָנדזשעט נעביך ווי בלינדע שאָף נאָכן טייוולס פייפל... אַביגדור!

עס איז דאָ נאָר איין וועג אַן אמתער! — אַ וועג וועלכן דורות פאַר אונדז האָבן דורך פייער און בלוט דורכגעטראָטן. אמת, עס איז אַ לאַנגער וועג, אַ שווערער וועג, אָבער דער אמתער וועג. די וואָס קערן זיך פון אים אָפּ און לאָזן זיך זוכן נייע וועגן, בענטערע וועגן — די ווערן פאַרבלאָנדזשעט און זייַנען דערנאָך ניט ביכולת זיך אַליין צו געפינען. עס איז דאָ נאָר איין אמת, און איין אמתער וועג צו אים...

דער טאַטע האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זיך געלאָזט גיין אין הויז אַריין. אביגדור האָט פון דער ווייט נאָכגעקוקט דעם טאַטנס געמאָסטענע, זיכערע טריט איבער די שטעגן פון גאָרטן. געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין מוח:

„...ער האָט מיר מנצח געווען, ווייל איך האָב מיינס ניט דערזאָגט... איך האָב זיין צער ניט געקאָנט צוזען, און האָב אים דערפאַר מיין אמת ניט אויפגעוויזן... מיין אמת און דעם טאַטנס אמת — ביידע האָבן מיר אויפן שיידוועג אָנגעטראָפן, און יעדער איינער פון זיי מאָנט אַ קרבן פון מיינע הענט. וועלכן זאָל איך נאָכפאָלגן? וועלכן זאָל איך פאַרלאָזן? דעם טאַטנס אמת — דער אמת פון נעכטן, מיין אמת — דער אמת פון מאָרגן, און דאָ שטייט דער היינט ווי אַן אייזערנע וואַנט צווישן זיי ביידן... וואו איז דער פייער וואָס זאָל אָט די וואַנט דורכברעכן, און ביידן אין איין גרויסן אמת צוזאַמענשמעלצן?!... איך מוז עס געפינען! איך וועל עס געפינען! מיט דעם שטאַרקן ווילן און פעסטן בטחון, וואָס מיין טאַטע און מיין זיידע האָבן אין מיר איינגעפלאַנצט, וועל איך די וואַנט דורכברעכן און וועל געפינען דעם וועג צו יענעם איינציגן גרויסן אמת — ווי גרויס מיין קרבן זאָל ניט זיין!...“

# II

## הבדלה

פאַרנאַכט.
דער טאַטע האָט אָפּגעגעסן שלש־סעודות און איז אַוועק אין שול דאַווענען מעריב. שטומע בין־השמשותדיגע שאָטנס האָבן זיך פאַרגנבעט און אויסגעלייגט איבערן הויז. אביגדור איז געשטאַנען ביים פענצטער און האָט אַרויסגעקוקט צום גאָרטן, אויפן שקיעה־צעפלאַמטן הימל.

ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, פלעגט אים די באָבע זאָגן, אַז „דאָס ברענט מען אָן דעם גיהנום פון די רשעים־ס־וועגן. און ווי נאָר אידן מאַכן־אָפּ הבדלה, אַזוי טראָגט זיך דורך אַ כרוז איבער אַלע זיבן הימלען: „ישובו רשעים לשאולה!”. און באַלד דערהערט זיך דאָס ביטער געוויין פון די ניט־אויסגעלייזטע נשמות. די שכינה כביכול וויינט־מיט מיט זיי; און דערפאַר זייַנען די שבתדיגע פאַרנאַכטן אַזוי טרויעריג...”

ווען ער פלעגט זיך פאַרקוקן אויף אַ רויט־צעצונדענעם זונאונטערגאַנג, פלעגן אים קומען אויפן געדאַנק דער באָבעס ווערטער אין זייער פולער תמימות־דיגער בילדליכקייט. אַצינד אָבער האָבן דער באָבעס פשוטע ווערטער אַרויסגע־רופן אין אים אַ פאַרטאַיעטע שרעק, אַ בלינדן אומרו, ווי אין זיי וואָלט געלעגן פאַרבאָרגן די נבואה פון זיין מאָרגן, דער סוד פון זיין גורל אויף ווייטע וועגן...

ער האָט זיך ווי פאַרשעמט פאַר זיך אַליין: „דאָ ווערט מיין האַרץ צע־ריסן פון שקיעה־אומעט פון גרויע הייַנטן און נעכטנס, און דאָרט גייט אויף אַ נייע זון, אַזוי שטראַלנדיג און ליכטיג, פאַר א זינגענדיגן מאָרגן...” און דאָך האָט זיך אים געוואָלט, אַז לאַנג זאָל זיך נאָך ציען דער שבתדיגער בין־השמשות; לאַנג, לאַנג זאָל נאָך דויערן ביז דער טאַטע וועט מאַכן הבדלה.

דער הימל האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעלאָשן. אַ הילכיגער געפּילדער פון שטיפנדיגע קינדער האָט זיך אומגעטראָגן אין דער גרין־גרויער טונקלקייט פון גאָרטן. זייַנע בליקן זייַנען געפאַלן אויפן „זיידנס בוים”. —

„ד ע ם  ז י י ד נ ס  ב ו י ם...” האָט ער געטראַכט, „דורות גאַנצע האָבן זיך אונטער אים אויסגעזונט און צעוואָקסן. דאָרט האָט זיך מיין

קינדהייט אויסגעבליט און אויסגערייפט. אַצינד שפּילט זיך שוין דאָרט אַ נייער דור — דעם פּעטער חנאס אייניקלעך. און אַז זיי וועלן אויפוואַקסן, וועלן זיי — ווי איך אַצינד — דאָ, אין זיין שאָטן, זייער בענקשאַפט איבערלאָזן, און זיך לאָזן איבער איינזאַמע וועגן צו זוכן זייער גורל אין לעבן, זייערע פאַרלאָרענע שטערן...״

— וואָס, אביגדורקע, דו זעסט נאָך אַלץ קיין שטערן ניט? — האָט ער פּלוצים דערהערט נעבן זיך דער מאַמעס קול — אָט זיינען זיי דאָך, קינדעלע; זעסט זיי ניט?... אַי, גאָט פון אברהם, פון יצחק, פון יעקב... — האָט זיך ווייך און האַרציג אָנגעהויבן איר זינגעוץ־זאָגן — אַי, דיין ליבער שבת־קודש גייט אַוועק...

איבערן שטוב איז געווען פינצטער. אין דער פינצטער האָט אומגעבלאָזט דער מאַמעס געשטאַלט, אירע צניעותדיגע, בעטנדיגע פינגער. אין דער ביך־השמשותדיגער שטילקייט האָבן אומגעשוועבט אירע ווערטער פרום־טרויעריג:

— ... און מיינע קינדערלעך זאָלן גיין אין דרך־הישר, אין די וועגן פון דיין הייליגער תורה, טאָן דיין ליבן רצון און זיך פרייען אין דיין ליכט...

דער מאַמעס געזאַנג האָט זיך לאַנגזאַם אַפגעוויטערט און איז אויסגעגאַנגען אין מיסטישן חלל. באַלד האָט זיך פון דערבייאיגן צימער אַריינגעבראַכן אַ פּאַס־מע ליכט פון אַן אָנגעצונדענעם לאָמפּ. דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון שול.

— אַ גוט וואָך, אסתר־מלכה!

— אַ גוטע וואָך, אַ גוטינקער יאָר.

— וואו איז עפּעס איסרל? ניט געווען גאָר אין שול צו מעריב...

— ביסט אַוועק אַן אים, האָט ער זיך פאַרשטיפט מיט די קינדער אין הויף, איז אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ פאַרהאָוועטער, אַ פאַרמאַטערטער; איז געפאַלן ווי אַ סנאָפּ. אַן עבירה געווען אים אויפצוואַועקן.

דער טאַטע איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע, וואו ס׳איז געלעגן דער איינגעשלאָפענער איסרל, האָט אים פאַרזיכטיג פאַנאַנדערגעשפּיליעט ס׳העמדל ביים האַלדז און האָט אים אַרומגעווישט דעם שווייס פון זיין איינגעשמירט פּנימל —

— זיך לחלוטין פאַרגעסן אַן אים. דער קאָפּ איז מיר, ברוך־השם, אַזוי קלאָר...

— וואָס עפּעס, שונאי־ישראל, אַזוי צעטראָגן אויף אַ פולער וואָך, מאיר?

— פרעג ליבערשט ניט, אסתר־מלכהלע; ס׳האָט ניט באַדאַרפט זיין אַזוי...

נו! — האָט ער אַ פיר געטאָן די האַנט איבערן שטערן — צייט צו מאַכן הבדלה...

— גיי, אביגדורקע מיין קינד — האָט די מאַמע געזאָגט צו אים מיט אַ פרומען בליק — גיי האַלט דו היינטיגסמאָל די הבדלה פאַרן טאַטן, וועט דיר, אם ירצה השם, ליכטיג זיין אויף אַלע דיינע וועגן.

ער האָט אָנגעצונדן די הבדלה און האָט זיך געשטעלט נעבן טאַטן.

די איינציגע פלעמעלעך פון דער הבדלה־ליכט האָבן זיך צונויפגעגאָסן

אין איין שלענגלדיגן פלאַם, וואָס האָט זיך געצויגן מיט זיינע פייער־צונגען אין די הויכן אַריין. הייסע טראָפּנס וואַקס האָבן אים אַראָפּגעטריפט אויף די פינגער. און מיט יעדער אַראָפּטריפנדיגער וואַקס־טרער, האָט זיך אים געדאַכט, ווערט גרעסער און שטאַרקער די וואַנט צווישן זיין נעכטן און מאָרגן — צווישן זיין טאַטן און אים...

— העכער, מיין זון — האָט די מאַמע, אונטערהאַלטנדיג זיין עלנבויגן, אים איינגערוימט — אַט אַזוי... העכער האַלט די הבדלה, וועט העכער און ליטערער שיינען דיין מזל...

ער האָט העכער אויפגעהויבן די הבדלה־ליכט. דער באַלויכטענער עיגול אַרום האָט זיך אויסגעשפרייט און האָט איינגערינגלט אין זיך אַלע בני־בית. אַרום האָט שוין געלויערט אַ טריבע וואָכעדיגקייט; נאָר דאָ, אין דעם עיגול דעם באַשוואוירענעם, איז נאָך שבת געווען, איז נאָך ליכטיג געווען. דאָ, אונ־טערן הבדלה־אָפּשיין, איז דער טאַטע פלוצים ווי אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן, און איז געשטאַנען פאַר אים אַ ריזיגער, אַ מאַכטיגער. מיט צוגעמאַכטע אויגן קוקט ער ווייט און ווייטער, איבער יאָרן, איבער יובלות, אין דער אייביגקייט אַריין. געמאָסטן און זיכער זיינען זיינע טריט אויף דעם וועג דעם אויסגעטראָ־טענעם, צו דעם זיג דעם געהאָפטן. זיינע ווערטער פאַלן גלויביג און שטאַרק:

— הנה אל—ישו—עתי אבטח ולא אפחד...

דער בעכער וויין אין זיינע הענט פליסט מיט שפע אַריבער די ברעגן און קווילט־אָן אויפסניי מיט זינגענדיגן געטראַנק. נאָר וואו־ניט־וואו פאַלט אַ וויין־טרער פון זיינע פינגער אַראָפּ וויינענדיג אויף אים, זיין זון, דעם פאַרבלאָנ־דזשעטן...

דער טאַטע האָט אויסגעלאָשן די הבדלה, האָט איינגעטונקט די שפּיץ־פינגער אין דער לוזשקעלע ווייַן אויפן טיש, און האָט זיך דערמיט אויסגעווישט די ברעמען און די אויער־לעפּעלעך. ער האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן דעם שבת־דיגן מלבוש און האָט אָנגעטאָן אַ וואָכעדיגן ראָק, און אינגאַנצן אַ וואָכעדיגער האָט ער זיך אָפּגעטראָגן צו זיך אין צימער. באַלד האָט זיך פון דאָרט דער־טראָגן דעם טאַטנס נאָכאַנאַנדיגער אומשפּרייזן, זיין פאַרבענקטער מוצאי־שבת־דיגער זמירות־ניגון:

— אוי־ווי, חל־פה עונת מ־נו־ח־תי...

די מאַמע האָט אַריינגעבראַכט געטריקנטע צימערינג־קיכל פאַר אים „אויף אין דערוועגנס". עס זיינען אַריינגעקומען חברים, עטליכע פון די אינגערע קרובים. ווער עס האָט אים געהאָלפן פאַרשנורעווען דעם קאָרב, ווער עס האָט געטרונקען טיי פון סאַמאָוואַר און פאַרצויגן אַ שמועס וועגן דאָרטן. די מאַמע איז געזעסן אין אַ ווינקל, האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרלאָפענע אויגן, האָט געשוויגן. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, אַ לאַנגווייליגע.

דער זייגער האָט געשלאָגן עלף.

די מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַריין צום טאַטן אין צימער. דורך דער אָפּגעבליבענער טיר האָט זיך פון דאָרט דערטראָגן זייער סודותדיגער איבעררייד — דער מאַמעס בעטן זיך, דעם טאַטנס מיושבדיגע איינגעשפּאַרט־קייט. באַלד איז די מאַמע פון דאָרט אַרויסגעקומען —

— גיי, מיין קינד; דער טאַטע וויל מיט דיר וואָס ריידן.

ער איז אַריין צום טאַטן און איז געבליבן שטיין ביים שוועל. דער טאַטע איז געשטאַנען ביים ספרים־שראַנק און האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט שווייגנדיג. אַ פאַרקלערטער איז ער נאָכדעם צוגעגאַנגען צו אים און האָט אָנגעהויבן געלאַסן, דורך אָפּטע, קורצע איבעררייסן:

— די מאַמע האָט מיר געבעטן... זי האָט מיר געזאָגט... זי וויל, הייסט עס, אַז איך זאָל עפּעס ריידן מיט דיר — זאָגן דיר וואָס... וואָס אַשטייגער האָב איך דיר איצט צו זאָגן? וואָס ק אָ ן איך דיר זאָגן?... דו פאַרסט, הייסט עס. לאָזט זיך אויפן וועג וועלכן דו האָסט אַליין אויסדערוויילט. פאַרשטייט זיך, אַז מיין ברכה קאָן איך דיר ניט מיטגעבן... איין זאַך אָבער וואָלט איך געוואָלט דו זאָלסט געדענקען: אביגדור! עס איז גרינג — זייער גרינג — צו פּורץ־גדר זיין; עס איז אפשר ניט שווער ווייט — אַמאָל, צו־ווייט — אַוועקצוגיין; עס איז אָבער שווער צו דערגרייכן אָט די התפּשטות, די פאַרגעסנקייט, וואָס דו האָסט זיך אויסגעמאָלט; נאָך שווערער איז דער צוריקקומען!... דער פּועל־יוצא דערפון איז אַן אייביגער אומבלאָנדזשען אַרום דעמזעלבן שוועל, וועלכן מ'האָט אַליין אַריבערגעטראָטן...

דער טאַטע האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל און האָט זיך כלומרשט אָפּגעווישט דעם נאָז. באַלד האָט ער דערפילט דעם באַריר פון טאַטנס פייכטע ליפּן אויף זיין שטערן. דערנאָך איז אַלץ ווי איינגעהילט געוואָרן אין אַ גרויען נעפּל... ווי אַ זינדיגער האָט ער זיך אַרויסגעשלייכט פון טאַטנס צימער, האָט אַ קוש געטאָן דעם שלאָפנדיגן ברודערל און —

דערנאָך, דער באַן־הויף.

די מאַמע איז דאָרט געווען, הדסל,ביידע עלטערע ברידער, חברים, חברטעס, מאַלקין, זיין אַמאָליגער לערער, האָט אים מעשה־חבר וואַרעם געדריקט די האַנט און האָט עפּעס לאַנג, לאַנג גערעדט — מליצהדיג, האַרציג. מיטאַמאָל איז דער באַן אָנגעלאָפן. די מאַמע האָט געוויינט... פון וואַגאָן־פענצטערל האָט ער איר צום לעצטן מאָל געזען שטיין מיט פאַרוויינטע אויגן, אָנהאַלטנדיג זיך אָן הדסלען... פייערלעך גרינע, רויטע, האָבן זיך דורכגעטראָגן פון ביידע זייט וועג. דערנאָך דער טייוולשער געיעג פון צוג אין דער פרעמדער בלינדער נאַכט אַריין.



# ערשטער טייל:

# דאָס געזאַנג פון דורות

## 1

### אזוי האָט מען דערציילט...



ין דער משפחה האָט זיך אומגעטראָגן דידאָזיגע לעגענדע: מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק, האָט אין שטעטעל געלעבט אַ רב, אַ גרויסער צדיק, מיטן נאָמען רב מאירל — „דער בעל עינים מאירות“. אָט דער רב מאירל האָט זיך געשמט איבער גאָר דער וועלט מיט זיין גאונות, מיט זיין גרויס יראת־שמים און מיט זיין חריפותדיקן מוח. פון אַלערהאַנד האָט מען זיך געצויגן צו אים, ווער מיט אַ שאלת־ותשובה, ווער נאָך אַן עצה־טובה און ווער מיט אַ געבראָכן געמיט. ווייל אָפן זיינען געשטאַנען די טירן פון רב מאירל'ס הויז — אָפן ווי זיין ברייט האַרץ — פאַר יעדן נויטבאַדערפטיגן און פאַר יעדערן וואָס האָט זיך געפעדערט פאַר זיין שוועל. און האָט רב מאירל וועמען זיין ברכה געגעבן, איז יענער באַלד געבענטשט און אויפגעריכט געוואָרן.

אַכטצן יאָר כסדר האָט רב מאירל געפאַסט הפסקות משבת־לשבת און איז געזעסן משמרות נאַכט־אין נאַכט־אויס, ביז ער איז געוואָרן בקי אין נגלה און אין נסתר. און כדי ער זאָל חלילה ניט איינדרעמלען ביים לערנען, האָט ער געהאַלטן די פיס אין אַ צעבערל קאַלט וואַסער. פאַר זיין הסתלקות האָט ער האָט דערציילט, אַז אין דעם משך פון די אַכטצן יאָר האָט ער געהאַט צוויי מאָל גלוי־אליהו און ער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט רזין־דרזין.

מחמת גרויס עניוות האָט רב מאירל ניט געוואָלט אָננעמען דעם כסא־

הרבנות; נאָר מן־השמים האָט מען געהייסן, האָט ער מקבל געווען. היות אָבער ווי ס׳שטעטל איז דאַמאָלט געווען קליין און אָרים, און איז ניט געווען ביכולת צו צאָלן קיין שכירות; און אַזוי ווי רב מאירל אַליין איז געווען לחלוטין אויסגעטאָן פון הוויות־העולם — איז דערפאַר דייכע זיין ווייב געווען די פּרנסה־געבערן פאַר די בני־בית. ווייל אַ תנאי האָט רב מאירל אויסגענומען מיט דייכען זיין ווייב, אַז האַלב פון זיין חלק־לעולם־הבא זאָל געהערן צו איר, דערפאַר אָבער מוז זי זיך מתחייב זיין צו פאַרזאָרגן די בני־בית מיט אַלע הצטרכות; און פון אירע רוחים זאָל זי ניט נהנה זיין מער ווי זי דאַרף האָבן פאַר הוצאות־הבית; דאָס איבעריגע זאָל זי אָפּגעבן אויף צדקה און גמילות־חסדים. דייכע האָט מקיים־תנאי געווען באהבה. זי האָט אויפגעעפנט אַ בשמים־קרעמל, און דער רבונו־של־עולם האָט שורה־ברכה געווען, און זי האָט געפונען חן אין די אויגן פון די אַרומיגע פּריצים און שררות, האָט געהאַט פּרנסה בשפע, אָן האָט געטאָן צדקה און גמילות־חסדים מיט אַ ברייטער האַנט.

ומעשה שהיה, אַז צווישן אירע קונים איז געווען דער פּריץ פון שטעטל, פּאַן דובשינסקי. צו דעמדאָזיגן פּריץ האָבן אָנגעהערט די מערסטע וועלדער פון פּאָלעסיע, און פאַרמאָגט האָט ער מאַיאָנטקעס לרוב. אַז עס האָט צום פּריץ דערגרייכט די הערונג פון רב מאירלס גרויסקייט, האָט ער געזוכט זיין התקרבות. און עס זיינען ניט פאַרלאָפן קיין סך טעג, און ער איז געוואָרן אַ יוצא־ונכנס ביי רב מאירלען אין הויז. דערציילט האָט מען, אַז שעהן־לאַנג פלעגן זיי זיך ביידע מתווכח זיין אין גאָר־גאָר הויכע ענינים. אויף דעמדאָזיגן פּאַן דובשינסקי האָט רב מאירל אַמאָל געזאָגט, אַז ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ ניצוץ פון גאָר אַ גרויסער נשמה. זיבעציג יאָר האָט דידאָזיגע נשמה אומגעשוועבט צווישן הימל און ערד, ביז די סטרא־אחרא האָט איר פאַרכאַפּט אין איר שוואַרצער נעץ.

ויהי היום, איז דער פּריץ געקומען צו רב מאירלען און איז געווען שטאַרק פאַרדאגהט. האָט רב מאירל אים געפרעגט:

— אדוני פּריץ! פאַרוואָס ביסטו אַזוי טרויעריג? און פאַרוואָס איז דייך פּנים אַזוי געפאַלן?

האָט אים דער פּריץ געענטפערט און געזאָגט:

— ראַבין הייליגער! גרויס איז מיין צער! גאָט האָט מיר געבענטשט מיט אַלץ. ער האָט מיר געשאָנקען אַלע פאַרגעניגנס וואָס אַ שטערבליכער מענטש קאָן נאָר באַגערן אונטערן הימל. אָבער צוואָס טויגן מיר מיינע פיל רייכטימער, מיינע וועלדער און פעלדער, מאַיאָנטקעס און פּאַלאַצן, אוצרות און הויפן — ווען גאָט האָט פון מיר פאַרמיטן אַ קינד? איך בין דער איינציגער און דער לעצטער פון מיין פּאָטערס משפּחה; און אַז איך וועל זיך איינזאַמלען מיט מיינע עלטערן, וועלן פרעמדע זיך טיילן מיט מיין פאַרמעגן, און דער נאָמען פון די מאַכטיגע דובשינסקיס וועט פאַרטיליגט ווערן פון אונטער גאָטס הימל.

האָט רב מאירל צו אים אַזוי געזאָגט:

— אדוני פריץ! איך פאַרשטיי דיין האַרץ און פיל־מיט דיין צער. אָבער זיי וויסן, אַז ווען דיין עלטער־זיידע, פאַן קאַזימירש דער ערשטער, האָט, אין אַ שעה פון צאָרן, אומגעבראַכט אויפן שייטערהויפן צוויי יונגע צוויגן פון מיין טאַטנס משפּחה, האָט מען אין די הימלען גוזר געווען אַז דער גזע פון די דוב־שינסקיס זאָל פאַרשניטן ווערן. דאָס בלוט פון קדושים שרייט פון דער ערד אַרויס. אָבער אונדזער גאָט, וועלכער איז אַן אל קנא ונוקם, איז אויך אַן אל רחום וחנון. לכן, אויב דו וועסט אויף זיך נעמען בנדר צו מתקן זיין וואָס דיינע עלטערן האָבן פאַרקרימט, וועל איך אָנווענדן מיין זכות־אבות, און וועל מיט אַלע כוחות זיך מיען פאַר דיר, אַז מן־השמים זאָל מען זיך אויף דיר מרחם זיין און צערייסן דעם גזר־דין; ווייל מיין האַרץ איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן רחמנות צו דיר.

אַז דער פריץ האָט דערהערט דידאָזיקע ווערטער פון רב מאירלס מויל, איז ער גערירט געוואָרן, און איז צוגעפאַלן צו רב מאירלס פיס און האָט אויס־געשריען:

— ראַבין הייליגער! דו ביסט אַ געטליכער מענטש! איך וועל טאָן אַלץ וואָס דו וועסט מיר הייסן. באַפויל מיר ווי דיינעם אַ קנעכט, און איך וועל דיינע רייד דערפילן, ניט מינערנדיג פון זיי קיין וואָרט! ווייל איך וויים, אַז דיין רצון איז דער רצון פון אייער גרויסן גאָט.

האָט רב מאירל צו אים ווייטער געזאָגט:

— אדוני פריץ! ווען כמעלניצקי, ימח־שמו, מיט זיינע חיילות האָבן באַצוואונגען דעם מקום, האָבן זיי חרוב געמאַכט די שול און פאַרברענט די ישיבה. און ווי דיר איז באַוואוסט, איז דאָס שטעטל זייער פאַראָרימט און איז ניט בכוח זיי צוריק אויפצובויען. זיצן מיר דאָ אָן אַ מקום־תורה און אָן אַ גע־העריגן מקום־תפילה. די שטייערן, וואָס מיר מוזן דיר צאָלן, פאַלן אויף אונדז צו שווערער לאַסט, און די בעלי־בתים זיינען ניט ביכולת צו צאָלן שכר־לימוד פאַר זייערע קינדער. האָדעוועט זיך דער יונגער דור אויף ווילד, וואַקסט־אויס פּרעמד, און גאָטס וואָרט ווערט פאַרגעסן. בכן בעט איך דיר, אַז דו זאָלסט אויף זיך נעמען אויפצובויען די שול און די תלמוד־תורה, ובזכות־זה וועסטו בקרוב אויפגעריכט ווערן מיט אַ בן־זכר.

דער פריץ האָט מסכים געווען, און רב מאירל האָט גלייך אויפן אָרט פון אים מקבל־קנין געווען פאַר צוויי עדות.

אויף מאָרגן האָט רב מאירל גוזר־תענית געווען אויפן גאַנצן שטעטל און אַ תחום־שבת אַרום. קינד־און־קייט האָט געפאַסט. דער פריץ אַליין האָט זיך אויך מתענה געווען. מיט אַ מנין אידן, מיט רב מאירלען בראש, האָט ער זיך געלאָזט אויפן הייליגן אָרט צו בעטן מחילה אויף די קברים פון די קדושים.

און צו מנחה, נאָכן לייענען „ויחל", האָט רב מאירל פאַררופן אַ ישיבת־בית־דין און האָט געזאָגט צום עולם אַזוי־צו־זאָגן:

— עדה קדושה! דער בית־דין־צדק פאַרלאַנגט פון אייך כוח און רשות צו מבטל זיין על־פּי דין־תורה אַ גזר־דין, וואָס מ'האָט אין די עולמות־העליונים אַרויסגעגעבן אויף איינעם וואָס איז ניט קיין בן־ברית; גיט איר אייער כוח־הרשאה?

האָט קהל געענטפערט ווי איין מאַן:

— יאָ, רבי! איר האָט אונדזער כוח־הרשאה.

האָט רב מאירל אָנגעטאָן טלית און קיטל, האָט געהייסן אָנצינדן שוואַרצע ליכט פאַרן ארון־קודש, האָט גענומען אַ ספר־תורה אין די הענט און האָט גע־זאָגט בזה־הלשון:

— מיט דעם כוח און רשות פון אַ הייליגער עדה אידן, מיט דער מאַכט פון מרא־דאתרא, אינ'ם נאָמען פון בית־דין של־מטה און אויפן סמך פון די רייד פון יחזקאל הנביא, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן מפּי־הגבורה, אַז „אַ זון זאָל ניט באַלעסטיגט ווערן מיט די זינד פון זיינע עלטערן" — בין איך, מאיר בן שפרה, מבטל דעם גזר־דין פון בית־דין של־מעלה, וואָס האָט דן געווען דעם גזע פון פריץ קאַזימירש דער זון פון העלענע צו כרת און ערירות! בלאָזט תקיעה!

דעם פּסק־דין האָט מען אויף אַ פּאַרמעט אויפגעשריבן און אין ארון־קודש אַריינגעלייגט. די דיינים האָבן רב מאירלען אָפּגעגעבן יישר־כוח. און רב מאירל האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן פריצס קאָפּ און האָט אים גע־בענטשט און געזאָגט:

— רבונו־של־עולם! טאַטע פון חסד און רחמים! פאַרנעם דעם גרויסן צער פון קאַזימירש דעם זון פון דער דוכסת מאַריע, וועלכע ווערט געשטראָפט פאַר זיינע עלטערנס זינד. טו־אָפּ פון אים דיין גרימצאָרן, און זאָל ווי אַ ליבליכער ווייראַך אויפגיין פאַר דיר זיין הרהור־תשובה און זיין ווילינג האַרץ. און בענטש זיינע לעבדן מיט די פרוכט פון אַ זכר, כדי ער זאָל ניט אַוועקגיין פון דער וועלט אָן אַ יורש און אָן אַ געדעכעניש. און כדי גרויסן זאָל זיך דיין נאָמען צווישן די פעלקער, און דערהויבן זאָל ווערן דאָס פאָלק, וואָס דו האָסט אויסדערוויילט, אין די אויגן פון אַלע אומות, זיי זאָלן אונדז טאָן נאָר גוטס, און מיר זאָלן דיר קאָנען דינען מיט אַ גאַנץ האַרץ!

און קהל האָט געענטפערט: אמן!

דער פריץ האָט מקיים געווען זיין הבטחה. ער האָט גלייך צומאַרגנס אַרויסגעשיקט שלוחים קיין פּראַג און קיין ירושלים־דליטא נאָכצוקוקן די דאָרטיגע שולן. פון מרחקים האָט ער אַראָפּגעבראַכט די בעסטע בוימייסטערס און האָט זיך געשטעלט בויען די שול ביד־רחבה. די פריצטע האָט פאַרנומען אין טראָגן; און פונקט צום יאָר, ווען די שול איז פאַרטיג געוואָרן, האָט

זי געבוירן צום פריץ אַ קינד אַ מאַנסביל. די שמחה אין שטעטל איז געווען גאָר אין־לשער, דער חנוכת־הבית פון דער שול איז געפייערט געוואָרן מיט פויקן און טרומייטערן, און ביים פריץ אין הויף האָט זיך געגאָסן וויין ווי וואַסער.

ויהי כטוב לב הפריץ ביין, האָט ער באַפרייט די אידן פון שטעטל פון צאָלן צינזן פאַר גאַנצע זיבן יאָר. ער האָט תיכף באַפוילן אויסצוהאַקן איינעם פון זיינע עלטסטע דעמבעס וועלדער און צוגרייטן ס׳געהילץ פאַר דער ישיבה. האָט רב מאירל געשיקט נאָכן פריץ און האָט אים געהייסן איבערפלאַנצן איינעם פון דידאָזיגע דעמבעס אין פריצישן הויף, אַלס אַ שמירה פאַרן קינד. און רב מאירל אַליין האָט דעם ערשטן רידל ערד אויפגעגראָבן און האָט געבענטשט דעם באָדן.

איז אָבער דעם פריצס בן־יחידל קראַנק געוואָרן, און די מומחים האָבן פאַרזאָגט אַוועקצופירן אים אין די וואַרעמע לענדער. האָט דער פריץ אַוועק־געשאָנקען זיין מאַיאָנטעק מיט אַלע זיינע כלי־בית רב מאירלען, און דייכען זיין ווייב האָט ער געמאַכט פאַרן ממונה איבער אַלע זיינע גיטער. ווייל גע־וואוסט האָט דער פריץ אַז דייכע איז אַן אשת־חיל און ערליך ביז גאָר.

די צלמלעך פון איבער די דעכער האָט מען אַרונטערגעבראָכן. פון דער שוואַרץ־טומאה אויף די ווענט און סטעליעס איז קיין זכר ניט געבליבן. און באַלד האָט זיך איבער די גרויסע סאַליעס פון פּאַלאַץ געלאָזט הערן רב מאירלס קול־תורה.

און אַזוי האָט זיך אין אַ פריצישן הויף איינגעוואָרצלט און צעצווייגט די משפחה פון די דייכעסעס פאַר אַ שיינקייט און רום ביי אידן פון דור צו דור.

# 2

## דער בוים

ר' שלום-יעקב דייכעס, אביגדורס זיידע, איז געווען דער ערשטער איבערצורייסן די גילדענע רבנים-קייט וואָס האָט זיך געצויגן אין דער משפחה פאַר דורות-לאַנג, פון רב מאירלס צייטן אָן.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון שבעה נאָכן טאַטן, זכרונו לברכה, און האָט צום ערשטן מאָל פאַרנומען דעם טאַטנס שטול, זיינען די חשובי-העיר געקומען אים אָפּגעבן מזל-טוב. האָט ר' שלום-יעקב פאַר זיי מוסר-מודעה געווען, אַז מהיום והלאה איז ער מוותר אויפן כסא-הרבנות. ער האָט אַראָפּגע-בראַכט אויף זיין אָרט זיין אַמאָליקן חבר, דעם טעלזער ראש-הישיבה, רב טעוועלען, און האָט גענומען אויף זיך אויסצושטיין אַ שליש פון די שכירות. רב טעוועלע איז געוואָרן מרא-דאתרא און ראש-הישיבה, און ר' שלום-יעקב האָט זיך גענומען צו מסחר.

ער איז געווען דער ערשטער אין דער דייכעס משפחה וואָס האָט אַרויס-גענומען דעם וואַלד-מסחר פון די ווייבערשע הענט און עס אָוועקגעשטעלט אויף פעסטע יסודות. ער האָט אָנגעפירט מסחרים מיט קרוין-פּוילן, האָט געלאָזט פליטן איבערן וואַסער קיין טיף ראָסיי און קיין פּרייסן, און איז אַליין געפאָרן צוויי מאָל אַ יאָר קיין אויסלאַנד. זיין גרונטיגער פאַרשטאַנד אין מסחר, זיין שאַרף אויג און ווייטער בליק, און זיין גאַנצער שכלדיגער באַנעם, האָבן פאַר אים געוואונען דעם צוטרוי פון סוחרים פון נאָנט און ווייט, און זיינע מסחרים האָבן זיך צעצווייגט און צעוואַקסן. מיט דער צייט איז כמעט דער גאַנצער תבואה-האַנדל אין דער סביבה אַריבער אין זיינע הענט. ער האָט געלאָזט אויפשטעלן די לעסאָפּילנע און די גרויסע מיל ביים פּערעסלושטש, און האָט אָנגענומען פּאַדריאַטן ביי קאַזניאַ.

די ערשטע צייט, ווען אים אַליין האָט נאָך אַביסל אויסגעפעלט ס'לשון, פלעגט גיטל זיין ווייב פאַרהאַנדלען מיט די פּריצים. זי האָט שוין געוואוסט זייערע דרכים, האָט געקאָנט זייערע שוואַכקייטן און קאַפּריזן און האָט זיך

בכלל בעסער אויסגעטויגט דערצו. ביסלעכווייז אָבער האָט ער זיך „די תורה" אַליין אויסגעלערנט, איז געוואָרן אויפגעטראָגן מיט די אָרומיגע פּריצים און שליאַכצעס, האָט אָנגעפירט מיט זיי מסחרים אין די אלפים, און האָט געהאַנדלט מיט זיי אויפן וואָרט. זיין שכל־הישר און זיין ערליכקייט האָבן ביי זיי שטאַרק אויסגעגעבן, און ער איז געוואָרן זייער גאַנצער בעל־עצה, זיי האָבן זיך אָנפאַר־טרויט אויף אים מיט לייב־און־לעבן. „יעדען פאַן באַך אי יעדען פאַן דייכע!"[1]

ביי נאַטשאַלסטוואָ איז ער געווען אַ גאַנצער חשוב. ער האָט שוין געוואוסט ווי אַזוי צו געווינען זיי אויף זיין זייט, ווי זיינס צו פועלן. ער האָט פאַרשטאַנען ווי צו ריידן מיט זיי: אַמאָל — מיט אַ גוט־וואָרט, מיט אַ גלייכ־ווערטל מיט אַ וויץ; אַמאָל — דורך אויסטייטשן פאַר זיי אַ זאַקאָן פון אידנס טובה וועגן; און אַמאָל — מיט תחנונים. ער האָט אָבער שטענדיג געזען אָנצוהאַלטן זיין זעלבסטשווירדע אין זייערע אויגן. „אודאי איז ניט גוט אַז אידן זיינען נעביך אין גלות ביי אַזוינע חמורים, און מ'מוז צומאָל דעם קאָפּ אַרונ־טערגעבויגן; אָבער זיין, חלילה, דערפאַר געפאַלן ביי זיך — דאָס ניט! אידישער כבוד איז טייער און הייליג און מ'מוז עס אָפּהיטן ווי די אויג אין קאָפּ! דאָס איז דאָך דאָס איינציגע שטיקל צירונג אונדזערס מיט וועלכער מיר קאָנען זיך ווייזן פאַר די אויגן פון דער וועלט..." טשינאָווניקעס — סיי גרויס, סיי קליין — האָבן געהאַט דעם גרעסטן אָפּשיי פאַר אים, און האָבן געוואוסט אַז צו דעם אידן דאַרף מען זיך פאַרהאַלטן אַנדערש, מיט אים דאַרף מען ריידן אַנדערש, ווייל „ער איז ניט ווי די אַנדערע".

כאַבאַר געבן — „פאַרשטעכן די לאַפּע פון אַ רעגירונגס־באַאַמטן" — דאָס איז ביי ר' שלום־יעקבן געווען חס מלהזכיר! אַט, אַ גאַשטשינעץ, אַ מתנה אויף חגא, צי אפילו אויף אַ אידישן יום־טוב, להבדיל; אַזוי אַמאָל אַ טובה'לע, אָדער אַ גמילות־חסד ביז דוואַדצאַטע — דאָס יאָ! דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש: דאָס איז מענטשלעכקייט, שטאַט. און אַמאָל טאַקי פאַרבעטן וועמען פון די „הויכע קנעפּ" צו זיך אַהיים אויף כיבוד — „אדרבה, זאָלן זיי זען אונדזער שבת, אונדזער יום־טוב, אונדזער שלום־בית, אונדזער כיבוד־אב. זאָלן זיי זיך צוקוקן ווי מיר ריכטן אָפּ אונדזער פּאַסכע, ווי מיר פירן זיך אויף אין אַ שמחת־תורה, אַ פּורים, ווען ביי אידן איז אַ מצוה צו טרינקען. זאָלן זיי אַליין איינזען, אַז מיר זיינען גאָרניט אַזוינע דזשיקאַנעס, אַזוינע געפערלעכע ברואים, ווי שונאי־ישראל דאַרט אין פּעטערבאַרג ווילן זיי איינשמועסן..."

אגב־אורחא, פאַרקניפּט מען אַ שמועס מכוח גאַט — רעליגיע — מנהגים — אָבערגלויבנס — בלבולים — גזירות. מ'רעדט זיך דורך האַרץ־צו־האַרץ. מ'קאָן איינטענהן, אויסטייטשן, אַריינקנעלן. מ'איז ביכולת אַריינצוזוואַרפן אַ גוט־וואָרט פאַר כלל־ישראל:

---

1. איין גאָט און איין פאַן דייכע!

— אַי, אַזאַ גרויסע וועלט, אַזאַ שיינע וועלט! אַזאַ אַלמאַכטיגער גאָט, אַזאַ גוטער גאָט האָט אונדז אַלעמען באַשאַפן! אַלעמען אין איין פורעם אויסגעגאָסן, און אַלע שפּייזן זיך פון ז י י ן ה אַ נ ט — פון ז י י ן געגנאָד. אַלע דינען מיר דאָך דעמזעלבן גאָט — דעם א י י נ צ י ג ן גאָט — איר אויף א י י ע ר לשון, מיר אויף א ו נ ד ז ע ר לשון; איר האָט זיך א י י ע ר ע מנהגים, מיר האָבן א ו נ ד ז ע ר ע; איינער טראָגט אַן ארבע־כנפות אויפן לייב, דער צווייטער — אַ צלמל, להבדיל, אויפן האַרצן. אונדזערע השגות, אונדזערע אויסטייטשונגען פון'ם סוד־הבריאה קאָנען אפילו זיין לחלוטין אַנדערש. אָבער דער תמצית — ד ע ר ת ו ך — פון אַלע אמונות איז דאָך דערזעלביגער: לעבן אין אמת און אין שלום. „שמו של הקדוש ברוך־הוא — שלום!" וואָרים סיי אונדזער תורה־הקדושה, סיי אייער עוואַנגעליע, להבדיל, האָבן דאָך געשטעלט דעם ב י ן א ד ם ל ח ב ר ו — דעם „ואהבת לרעך כמוך" — פאַר דעם עיקר־העיקרים. ווייל, אין גרונט גענומען, זיינען מיר דאָך א ל ע גאָטס קינדער. היינט צוואָס אָט די אַלע העצעס, און די בלבולים, דאָס איזדיקעווען זיך, און די אַלע גזרות, און רדיפות, און שנאת־חנם, און די אומזיסטע שפיכת־דמים — ווען מ'וואָלט דאָכט זיך געקאָנט לעבן צווישן זיך אַזוי שיין, בשלום — טאָקי ווי ברידער?...

קוקט אויף אים דער פּאַניע מיט פאַרגלעזערטע אויגן און שאָקלט מיטן שווערן קאָפּ:

— פּראַוודאַ גאָלובטשיק — יעי באָהו, פּראַוודאַ!... עך, שאַליעם כאַניטש, טי בראַט, פּראַוואָסלאַווני יעוורעי...[1]

אַ שטאָט האָט ר' שלום־יעקב אָנגעהאַלטן אַ גרויסאַרטיגן, אַ אידיש־געהוי־בענעם. ער האָט געזען אַז „די תורה זאָל באַוואַכן איר אכסניה". האָט קובע עתים לתורה געווען: בין־מנחה־למעריב געזאָגט אַ בלאַט גמרא פאַר חברה־ש"ס אין בית־המדרש, און שבת — אַ פּלפּול פאַר די אייגענע און חשובע בעלי־בתים ביי זיך אין דערהיים. ער האָט געהאַלטן די בעסטע מלמדים פאַר די קינדער. האָט געשיקט די זין קיין דעמיר און קיין וואָלאָזשין. און הגם ער האָט ניט געהאַט בדעה צו מאַכן זיי פאַר רבנים, איז ער פונדעסטוועגן באַשטאַנען אַז יעדערער פון זיי מוז צוערשט זיין בקי אין ש"ס און פוסקים, איידער ער האָט מיט אים אַ שידוך געטאָן און אַריינגענומען אין געשעפט.

אַז אַ טאָכטער איז אויפגעוואַקסן און געוואָרן ראויה לחופה, פלעגט ר' שלום־יעקב זיך אַוועקלאָזן איבער די ישיבות און קיבוצים, האָט זיך דורכגע־רעדט מיטן ראש־הישיבה און האָט אַליין פאַרהערט די לערנער. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויפן אָפּשטאַם, אויפן יחוס, האָט פאַרפירט אַ שמועס אין עניני־

1. אמת, ליבינקער — ביי גאָט, ס'איז אמת!... עך, שאַליעם כאַניטש, דו, ברודערל, ביסט אַ פּראַוואָסלאַוונער איד...

דעלמא — האָט געזען אַז ס'זאָל זיין מיט וועמען צו גיין צום טיש. „זין, איז ווי גאָט ברוך־הוא גיט; איידעמס אָבער מוז מען קליבן...״ און אַז גאָט האָט אים געהאָלפן און ס'האָט זיך אים געמאַכט עפּעס צום האַרצן, האָט ער געשיקט שדכנים צום חתנס צד, האָט געשטעלט דעם שיינעם לעקאַך־און־בראַנפן, האָט געשריבן ראשי־פּרקים, געגעבן דעם ראש־הישיבה אַ געהעריגע מתנה, און איז אַראָפּגעקומען אַהיים אַ צעפרידענער, אַ שטראַלנדיגער, מיט אַ „מזל־טוב דיר, גיטעלע! אונדזער טאָכטער איז למזל אַ כלה! דער אויבערשטער האָט מיר צוגעשיקט פון אירטוועגן דעם ריכטיגן זיווג, צו לאַנגע יאָר! איך זאָג דיר, בלי־עין־הרע, אַ הדרל! טאָקי שופרא־דשופרא!...״ און ערשט דאַמאָלט איז אָוועק אַ סדרה: זעענישן, חתן־כלה־מתנות, אויפרופנס, קוגלען, תנאים. ר' שלום־יעקב איז באַשטאַנען אַז חתן־כלה זאָלן זיך דוקא זען פאַר די תנאים. נאָך דער התונה — געגעבן אַ נוסף צום נדן, אַ חלק אין געשעפט, איינגעטיילט אַ נחלה אין הויף, און „זאָלן זיי זיך פרוכפּערן און מערן און מגדל זיין אַ דור לתורה ולחופה ולמעשים־טובים — נישט ערגער אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן!...״

ער האָט אָבער קיינמאָל „די לייצעס פון דער האַנט ניט אַרויסגעלאָזט״. ער האָט געזען אַז די הויפט דעה אין געשעפט זאָל ע ר האָבן. און אפילו שפּעטער — ווען ער אַליין האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט קהלשע ענינים, און דער געשעפט איז געלעגן אַממערסטן אין די קינדערס הענט — איז ער נאָך אַלץ באַשטאַנען אַז ער זאָל זיין דער איינציגער אונטערצושרייבן קאָנטראַקטן, חתמנען וועקסעלעך; און יעדן מוצאי־שבת־מברכים האָבן פאַר אים געמוזט געבראַכט ווערן די חשבונות מיט די ביכער פאַרן גאַנצן חודש. אָן אים האָט ניט געטאָרט געטאָן ווערן קיין זאַך — קליין, צי גרויס. זיין וואָרט איז געווען געזעץ.

„מענטשן״ — סיי איד, סיי קריסט — האָט ער באַהאַנדלט ווי אייגענע, ווי אַ טייל פון דער משפחה. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט זייערע פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן; האָט געזען צו באַהילפיג זיין זיי מיט וואָס בויטיג. אויף פסח — אַריינגעשיקט מעד און וויין, און יעשען־צייט — קאַרטאָפל און קרויט פאַרן ווינטער. איז ביי אימעצן אַ קינד צוגעקומען, האָט ר' שלום־יעקב באַלד געהייסן דעם נאָמן געבן יענעם אַ הוספה אויף די שכירות, און גיטל זיין ווייב האָט שוין געזען אַז דער קינפּעטאָרן זאָל חלילה גאָרניט פעלן. איז ביי אימעצן, חס־ושלום, ווער קראַנק געוואָרן, איז מען גלייך געלאָפן צו ר' שלום־יעקבן. ער האָט שוין געשיקט נאָכן רופא, נאָכן דאָקטער, האָט גערעדט מיטן אַפּטייקער, האָט באַשטעלט אימעצן צו וואַכן איבערן חולה. אַז אַ זון האָט זיך ביי וועמען פון זיינע „מענטשן״ געדאַרפט „שטעלן״, איז שוין ר' שלום־יעקב אומגעלאָפן צו נאַטשאַלסטווא, האָט געכלאָפּאָטשעט אין „די הויכע פענצטער״ און האָט געזען אַז יענער זאָל אויסגעלייזט ווערן פון גויאישע הענט. פון חתונה־אויס־

שטייער און דרשה־געשאַנק איז דאָך אָפּגערעדט: דאָס איז שוין געווען ביי אים אַ חזקה.

„מענטשן" האָבן אים חיות־ליב געהאַט, האָבן זיך באַצויגן צו אים מיטן גרעסטן דרך־ארץ און געטריי געווען אים ביז גאָר.

באַליידיגן אַ „מענטשן" איז ביי אים געווען פאַררעכנט פאַר אַן עוון שאין לו כפּרה. פון אָפּזאָגן אַ „מענטשן" איז נאָך ביי ר' שלום־יעקבן ניט געהערט געוואָרן. ס'פלעגט זיך אַמאָל מאַכן אַז אַ „מענטשן" איז איינגעפאַלן אַוועק־צוגיין פון דער שטעלע און אויספּראָוון זיין אייגענעם מזל אין מסחר; פלעגט ר' שלום־יעקב אים פאַררופן צו זיך, האָט זיך דורכגעשמועסט מיט אים גאַנץ געמיטלעך וועגן גאַנצן עניך, ווי אַן אייגענער, ווי אַ טאַטע; האָט דורכגע־טראַכט די גאַנצע זאַך פון אַלע זייטן; און אַז ער האָט איינגעזען אַז ס'איז אַ גלייכע זאַך, האָט ער אים געעצהט ווי־וואָס־און־ווען, געגעבן אים אַ געהעריגע הענקה און צוגעוואונשן גליק. „אדרבה, אַ איד וויל פאַרבעסערן דעם אייגענעם מצב, וויל ווערן אַ בעל־הבית פאַר זיך — מהיכי־תיתי? זייער שיין! פאַרוואָס ניט? טאַקי אַ שאָד — שוין צוגעוואוינט; אָבער דער אויבערשטער וועט אים אם־ירצה־השם צושיקן אַן אַנדערן אויף זיין אָרט..." אָבער אָפּזאָגן אַ „מענטשן"" — צונעמען ביי אימעצן דאָס ביסן ברויט פון מויל — דאָס האָט זיך נאָך פאַר ר' שלום־יעקבס לעבן ניט פאַרלאָפן.

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט, ווען ר' שלום־יעקב איז געווען פאַררייזט פון דער־היים, אַז דער פעטער חנא — דער בכור — האָט זיך איבערגערעדט מיט ר' שעיהן דעם נאמן איבער אַ געשעפט־זאַך. ר' שעיה איז גראָד ניט געווען מיט אים בדעה אחת: „אים זיינען באַקאַנט ר' שלום־יעקבס דרכים; ער וועט דערצו ניט מסכים זיין". אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און ר' שעיה האָלט זיך ביי זיינס, איז דער פעטער חנא — בטבע אַ ספּילטשיוועך — אַרויס פון די כלים און האָט אַ זעץ געטאָן אין טיש:

— מ'פרעגט ביי אייך ניט, פאַרך איינער! איר וועט טאָן ווי איך הייס, אָדער אייער געביין זאָל דאָ שוין ניט גערדאַכט ווערן!...

איז ר' שעיה נשתומם געוואָרן: שוין אָפּגעווען ביי ר' שלום־יעקבן אַ קימא־לן פון איבער דרייסיג יאָר, און נאָך אַזוינס ניט געהערט! שומו שמים!... האָט ער זיך אויפגעהויבן, האָט אָנגעטאָן דעם אויבערראָק, האָט אַ קוש געטאָן די מזוזה און—— אַוועק. און דער פעטער חנא האָט תיכף־ומיד אָנגעשטעלט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט.

אַז ר' שלום־יעקב איז צוריקגעקומען פון דערוועגנס און האָט זיך אָנגע־הויבן נאָכפרעגן אויף ר' שעיהן, האָט דער פעטער חנא געפּרוּווט אים פאַר־ריידן די ציין:

— בע־מע... כ'ווייס — עפּעס אין כעס געוואָרן... אַן אינגערער מענטש... בוכהאַלטעריע... רוסיש...

האָט ר׳ שלום־יעקב באַלד דערשמעקט אַז די מעשה איז עפּעס ניט גלאַטיג, נאָר האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט. נאָר באַלד נאָך מעריב האָט ער פאַררופן „דעם הויף״ — די זין מיט די אײדעמס — האָט געשיקט נאָך ר׳ שעיהן, און האָט זיך געהייסן דערציילן די גאַנצע מעשה מהחל ועד כלה. פאָרט מסתמא דער פעטער חנא באַלד אַרויס מיט אַ גאַנצער טענה, צעקאָכט זיך און צעפּרעגלט זיך, וויל פאַרלויפן דעם וועג:

— ס׳טייטש?! ער איז דער בכור... ר׳ שעיה איז פאַרעקשנט... מ׳קאָן——

שטעלט אים ר׳ שלום־יעקב גאַנץ מיושבדיג אָפּ אינמיטן:

— וואָרט אַ ווײלע; וואָס האָסטו קיין צייט ניט? ר׳ שעיה איז דאָכט זיך מיט אַ מיטוואָך עלטער.

קוועטשט זיך ר׳ שעיה, פּינטלט מיט די אויגן, פאַרהוסטלט זיך, און קאָן אַליין ס׳לשון ניט געפינען: ס׳איז פאַר אים אַליין ניט קלאָר צי איז ער דאָ דער תובע, צי דער נתבע? אַז ניט געוואוינט צו אַזעלכע זאַכן... כ׳ווייס? אַ בעל־הביתס אַ זון — אַליין אַ שטיקל בעל־הבית — און ווער איז ער?... ר׳ שלום־יעקב באַשטייט אָבער דורכאויס אַז ער זאָל טענהן:

— זעצט זיך אַנידער. כאַפּט־אָפּ ס׳אָטעם. וואָס זייט איר אַזוי מבולבל?! מ׳וועט אייך, חלילה, ניט קעפּפן, ניט הענגען. איך וויל נאָר הערן דעם אמת — דעם גאַנצן אמת! — אַ וואָרט זאָל ניט געמינערט ווערן. איר קאָנט דאָך מיר, אַ דאַנק גאָט, ניט פון נעכטן־אָן; איך בין ניט קיין גזלן פון וואַלד.

קריגט שוין ר׳ שעיה אַביסיטשקע מער מוט און דערציילט נעביך דברים כהויתם: אָט אַזוי—— און אַזוי—— און... אָט!

ר׳ שלום־יעקב הערט אים אויס מיט קאָפּ, כלומרשט קאַלטבלוטיג.

נאָך אים עפנט דער פעטער חנא זיין טענה; פאַרפלוטעט זיך אין אַ באַרג רייד און מאַטערט זיך אַרויסצופּלפּלען פון זיין אייגענעם טומל. ר׳ שלום־יעקב לאָזט אים ריידן. ביז ער ווערט רויט אין פּנים און זעצט זיך אַליין אַוועק.

אויסגעהערט די טענות פון ביידע צדדים און האַבנדיג איבערגעלייגט דעם גאַנצן ענין אין געדאַנק, איז ר׳ שלום־יעקב געוואָרן אויסער זיך און האָט געטאָן אַ מעסט אָפּ דעם פעטער חנאן מיט די אויגן —

— אַ, דו שניעק, דו! ווי האָסטו דאָס געהאַט די העזה צו מבייש זיין אַ אידן אַ תלמיד־חכם?! ווי קומסטו דאָס גאָר אַזוי צו ריידן צו אַן עלטערן אידן?! דו צוציק, דו! ער האָט דאָך דיר נאָך אויף די הענט געטראָגן... ווי אַזוי האָסטו זיך עס דערוואָגט צו טרייבן אַ מענטשן פון מיין שטוב?! ער האָט סיידן דיין ברויט געגעסן?!... כעס?! אויף וועמען? — אויף אַזאַ אידן אַן עניו ווי ר׳ שעיה?! און פאַרוואָס? — ווייל ער האָט געוואָלט פאַרהיטן אידיש געלט פון היזק, חלילה?!... מ׳עט הערן, וועט מען דאָך

אויף דיר מיט די פינגער טייטלען! וועסט זיך דאָך שעמען צו ווייזן די אויגן פאַר לייטן!... ווען מיר זייגען, חלילה, ניט קיין אידן, וואָלט איך דיר אַצינד דעם פּרצוף דיינעם צעפּאַטשט!... כל־זמן איך בין נאָך — מיט גאָטס הילף — בעל־הבית, וועט קיינער זיך ניט דערוואַגן ביי מיר צו זאָגן אַ הויך וואָרט צו אַ „מענטשן" — ניט צו ר' שעיהן, ניט צו אימעצן אַנדערש! ס'איז גאָט ברוך־הואס ברויט וואָס זיי עסן ביי מיין טיש — ניט מיינע, ניט דיינע!... שוין זאָלסטו ביי ר' שעיהן מחילה בעטן בפני כל עם ועדה, דו שקאָץ!... אַזוינס?!... האָסט אָנגעשטעלט אַן אַנדער „מענטשן"? ס'האָט זיך דיר געגלוסט בוכהאַלטעריע? — פאַרפאַלן! האָב זיך דיין בוכהאַלטעריע, מיט דיין רוסיש, מיט די אַלע אַנדערע גליקן. אָנגעשטעלט, איז פאַרפאַלן! ביי מיר זאָגט מען קיין מענטשן ניט אָפּ. נאָר צאָלן וועסטו אים, פון דיין חלק, אַ שליש פון די שכירות פאַר אַ גאַנצן יאָר צייט. נאמן אָבער איז ר' שעיה געוועזן, און ר' שעיה וועט, אם ירצה השם, ווייטער זיין, אַזוי לאַנג ווי גאָט ברוך־הוא וועט אונדז אַלעמען שענקען יאָרן. האָט איר געהערט?! איך בין דאָ בעל־הבית!...

דער פעטער חנא — שוין אַליין אַ טאַטע פון דערוואַקסענע קינדער — איז נעביך געשטאַנען מיט די אויגן צו דער ערד, ווי אַן אָפּגעשמיסענער הדר־אינגל, און האָט זיך געביסן ס'שפּיץ באָרד. ער האָט באַלד אויפן אָרט מקיים־פּסק געווען — דער טאַטע הייסט!... אודאי האָט מען זיך איבערגע־בעטן, זיך מוחל געווען במחילה גמורה, געבליבן דיזעלבע גוטע פריינט. מ'האָט געשטעלט משקה, זיך צוגעוואונשן אַלדאָס־גוטס. ר' שלום־יעקב איז צוגעגאַנגען צו ר' שעיהן און האָט אים אָנגענומען פאַרן לאַץ:

— און איר, ר' שעיה, איר מעגט מיר גלויבן בנאמנות, אַז דערדאָזיגער בזיון מיט אָט דעם שפיכת־דמים קאָסט מיר אַ שטיק געזונט. כ'שעם זיך ממש אייך אין די אויגן אַריינצוקוקן: ביי מיר אין שטוב — אונטער מיין דאַך — זאָל אַזוינס געשען!... איך פון מיין זייט בעט אייך מחילה. און מהיום והלאה וועט איר אייך נעמען מיט פינף גילדן אַ וואָך מער אויף די שכירות. און איך בין אייך מבטיח בהן־שלי, אַז אַזוינס וועט ביי מיר מער ניט געשען.

און עס איז נ י ט געשען. ר' שלום־יעקב האָט שוין געזען דערצו אַז עס זאָל ניט געשען. אַלע האָבן דעמדאָזיגן פאַל גוט געדענקט, נאָר קיינער האָט עס פאַר די ליפּן קיינמאָל ניט אַרויפגעבראַכט...

ר' שלום־יעקבס הויז איז געווען אַ בית־ועד־לחכמים. שטענדיג פול געווען מיט מענטשן: דער — וועגן אַ קהלשן עניך, אַ דעפּוטאַציע, אַ בוררות; דער — מיט אַ „פעקל", אַ שתדלנות, אַ טובה. און פאַר איטלעכן האָט ר' שלום־יעקב געהאַט צייט, פאַר יעדערן געטראָגן אַ גוט וואָרט, שטענדיג גע־ווען גרייט צו טאָן, צו העלפן. „אָן אָפענע טיר, אַן אָפענע האַנט". תמיד

גרייט געווען מיט אַ שיינער נדבה. האָט אַליין געגעבן, און האָט געזען אַז אַנדערע זאָלן טאָן דאָס גלייכן. און אַז ס׳פלעגט זיך מאַכן אַמאָל און מ׳האָט געמוזט האָבן אַ געגוויטיגטע נדבה „אויף דער מינוט״: ראַטעווען אַ אידן פון גויאישע הענט, פירן אַ חולה־מסוכן קיין ווארשע פאַר אַן אָפּעראַציע, אָדער דערהאַלטן אַ יורד — פלעגט ר׳ שלום־יעקב ניט פאַרלירן קיין צייט און האָט אויסגעלייגט די נויטיגע סומע פון זיין אייגענער קעשענע. נאָכדעם ערשט האָט ער גענומען דעם גראָבן שטעקן מיט דער ביינערנער גאַלקע אין איין האַנט, די רויטע פאַטשיילקע — אין דער אַנדערער, און האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבערן שטאָט. און בעלי־בתים האָבן געוואוסט, אַז ר׳ שלום־יעקב קומט נאָך אַ נדבה, מסתמא איז עס נויטיג און מ׳דאַרף קיין צופיל שאלות ניט פרעגן. פלעגט מען אים אויפנעמען בסבר־פנים־יפות, אַריינגעלייגט אין דער פאַטשיילקע יעדער נאָך זיין באַשטאַנד און — „זאָל זיין צו מצוה!״

און אַז ער פלעגט זיך אַמאָל אָנטרעפן אויף אַ גביר — אַ חזיר, וועלכער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ער מוז דוקא וויסן אויף וואָס ער גיט, פלעגט ר׳ שלום־יעקב אַ שמייכל טאָן אין באָרד אַריין און זאָגן גאַנץ גוטמוטיג:

— אונדזערע חז״ל האָבן אפילו דוקא באַשטאַנען אויף מתן־בסתר; נאָר אַז אַ איד פרעגט, מוז איך אים זאָגן. נו, טאָ זייט זשע וויסן, מיין ליבער איד, אַז עס איז אַ גמילות־חסד פאַרן רבונו־של־עולם. ער נויטיגט זיך אַצינד — אָבער טאַקי שוין! — אין כך־וכך רובל כסף... נישקשה, ער איז, אויף אונדז ביידן געזאָגט געוואָרן, אַ שיינער בעל־בטוח. און כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת: איך וואָלט אים אַליין אָנטקעגנגעטראָגן די פאָר קאָרבן בגודל־תשואות־חן, נאָר, צוריקגערעדט, פאַרוואָס זאָל אַ איד זיין אַ חזיר — אַזוי זשעדנע — און אויסכאַפּן דעם גאַנצן מאַגאַפּאַל פון דער מצוה פאַר זיך אַליין? פאַרוואָס זאָלן טאַקי אַזוינע אידן ווי איר אויך ניט געניסן פון דער מצוה, האַ? בפרט נאָך, אַז די פאָר גראָשן זיינען באַווארנט, און דער בעל־דבר צאָלט גוטן פּראָצענט!...

פלעגט זיך יענער אָביסיטשקע פאַרשעמען און אויסהוסטן די פאָר גילדן.

געקומען אַהיים, פלעגט ר׳ שלום־יעקב אויסלייגן ס׳טיכל מיט די זילבערנע און קופּערנע מטבעות אויפן טיש, האָט אַראָפּגענומען צו זיך נאָר אַ טייל פון וואָס ער האָט פריער אויסגעלייגט, און דאָס איבעריגע פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די צדקה־זעקעלעך. און צדקה־זעקעלעך זיינען ביי ר׳ שלום־יעקבן אין שאַפע געווען, ברוך השם, אַ שיין ביסל: אַ זעקעלע פאַר מלביש־ערומים, אַ זעקעלע פאַר גמילות־חסדים, פאַר פדיון־שבויים, תלמוד־תורה, ארץ ישראל, אָרימע יתומים, מעות־חטים, און נאָך און נאָך.

אַ חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט זיינע אייגענע צדקות, אָדער — ווי ער פלעגט עס אָנרופן — „חזקה מצוות״: געבן אַ גאַנץ יאָר יין־קידוש אין שול, אויסהאַלטן דעם כשרן קעסל פאַר אידישע סאָלדאַטן, מאכל־כשר פאַר

אידישע אַרעסטאַנטן, נאַפּט פאַר חברה־ש״ס און די הוצאות פון סיום־הגדול.
„אַט, מ׳קומט אַריין צווישן גויים, איז מען אפשר אַמאָל, משום דרכי־שלום, ניט איבעריגס מקפּיד אויף דער כשרות פון אַ כלי, ניט צופיל נזהר מיט יין־נסך — זאָל דאָס זיין אַ פּדיון״...

גיטעלע, ווידער, האָט זיך געהאַט אירע חברהס מיט איר „קרעמל״: הכנסת־כלה, אָרימע קינפּעטאָרינס, יויך און עוף פאַר אָרימע חולאים, וועש פאַרן הקדש, פאַרלאַטען העמדער און איינגייען קנעפּלעך פאַר עלנטע ישיבה־בחורים, באַזאָרגן זיי מיט „טעג״, מיט בעטגעוואַנט, האַלטן ביי איר טיש זיבן לערנער יעדען מאַנטיג און דאָנערשטיג, און נאָך אַזוינע מצוות. און אַלץ פון אירע אייגענע „קניפּלעך״ — אָפּגעשפּאָרט, אָפּגעריסן פון הוצאת־הבית. האָט שטענדיג געזען אַז די טעכטער און די שניר זאָלן אויך ניט שטיין פון דערווייטן.

און אַז ס׳פלעגט זיך אַמאָל מאַכן און ס׳האָט איר גראָד ניט געסטאַיעט ס׳ביסל מזומן פאַר אַ חשובע מצוה־זאַך, פלעגט זי צוקומען צו ר׳ שלום־יעקבן מיט אַ הכנעהדיגן שמייכעלע:

— האָב קיין פאַראיבל ניט, שלום־יעקב, וואָס איך שלאָג דיר איבער דאָס לערנען; איך געניטיג זיך אין עטליכע גילדן.

קוקט ר׳ שלום־יעקב אַרויף צו איר איבער דיברילן:

— וואו איז עפּעס ר׳ שעיה?

— פאַרשטייסט, ס׳איז ניט אויף דער הוצאה — אַ צדקה־זאַך.

שמייכלט ר׳ שלום־יעקב אונטער און נעמט זיך צו דער בייטעלע —

— דהיינו? וויפל?

— כ׳וויס? — אַ דרייערל.

לאָזט ער שוין אָפּ ס׳בייטעלע. „אויב אַזוי, דאַרף מען שוין גיין צום שופלאָד״ —

— נו, און די מצוה?

— בשותפות.

— אַזוי איז שוין אַן אַנדער ענין! זעסטו, אויב נאָר שותפות, דאַרף מען געבן געלט. ס׳קומט דיר. האָסט אַ רעכט אויף דעם על־פּי־דין ועל־פּי־יושר. שייך? און שפּאָט ביליג! סך־הכל אַ דרייערל פאַר אַ גלייכן חלק אין אַ מצוה, און נאָך אַ כעשיווע, זאָגסטו דערצו? — אַ מציאה פון אַ גנב! און דו ביסט זיכער, שותפטע מיינע, אַז דו נאַרסט זיך ניט? אַז דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן?

— דו קאָנסט מיר: איך בין אַ אידענע אַ סוחרטע: „חרטה איז ניט סוחריש״.

און נאָך אַ מכלומרשטן ישוב־הדעת —

— ווייסטו וואָס, גיטעלע מיין וויב? אַז די פּאָר קאָרבן זיינען דיר

שוין יאָ אַזוי שווער אָנגעקומען, טאָ האָב זיך דיר געזונטיקערהייד די גאַנצע מצוה. איכ׳ל מיר שוין, ווי ס׳איז, מיין שטעטל באַשטיין...

— נו, זאָל זיין ווי דו ווילסט. זאָל דיר גאָט ברוך־הוא באַצאָלן.

— און דיר זאָל זיין צו מצוה...

אורחים האָט ר׳ שלום־יעקב ליב געהאַט מי־יודע ווי! האָט אים דער אויבערשטער צוגעשיקט אָן אורח, איז די וועלט געווען זיינע. „די מצוה פון הכנסת־אורחים — פלעגט ער זאָגן — איז דאָך אי עולם־הבא, אי עולם־הזה: ווארים וואָס קאָן זיין אַ גרעסערער תענוג, ווי זיצן און פאַרברענגען מיט אַ מענטשן וואָס קומט פון מרחקים?!" און אַז ס׳פלעגט אַראָפּקומען אַ סוחר פון דער פרעמד, מכוח געשעפט, און איז פאַרפאָרן אויף אַן אכסניה, פלעגט אים ר׳ שלום־יעקב צו זיך ניט צולאָזן, ביז יענער האָט זיך ניט אַריבער־געקליבן צו אים אין הויף אַריין און געגעסן ביי זיין טיש. און אַז יענער האָט זיך שוין געהאַט גוט אויסגערוט פון דערוועגנס און האָט זיך צוגעוווינט אָנגעשמועסט פון זייטיגע זאַכן, פלעגט ער ערשט דאַמאָלט צוגיין מיושבדיג צום ענין. „ער האָט פיינט צו האַנדלען מיט מענטשן וואָס האַלטן זיך פון דערוויטן..." די אַרומיגע פריצים האָבן שוין פון דעם כלל גוט געוואוסט; און אַז זיי פלעגן קומען אין שטאָט אַריין — אפילו ניט לשם־מסחר — האָבן זיי געוואוסט, אַז פאַרפאָרן מוזן זיי ניט אַנדערש ווי צו פאָן דייכען.

און פאַרוואָס ווידער ניט? פלאַץ איז, ברוך השם, געווען גענוג! —

אַ הויף — אַ מלוכה! אַ רחבות, אַ פאַרנעם. אַ גרויסע סטאַיניע פאַר פערד, אַ פלאַץ פאַר די פאַראָבקעס, אַ שטאַל פאַר קי, שטעלכלעך פאַר עופות, שפייכלערס פאַר האָלץ, אַ ברונעם מיט קלאָרע, קוואַליגע וואַסער — אַ שם־דבר! אַ גרויסע ליאַדאָוונע פאַרן זומער, און אַ גאָרטן — אַ וואַלד! אַן איינגעפונדעוועטער, אַ צוואָקסענער. אַרום — די קינדערס נחלות. אַ טויערל פאַר איטליכס הויז אין הויף אַריין.

אין מיטן הויף, צום גאָרטן צו, איז געשטאַנען אַ ריזיגע שטיינערנע געביידע מיט ברייטע ווערענדעס און מיט קאָלירטע שויבן אין די פענצטער. אויבן, איבערן אויבערשטן גאָרן, האָבן אַרויסגעשפּיצט אין אַלע זייטן משונהדיגע טורעמלעך מיט רויטע דעכעלעך. זומער־צייט זיינען די ווענט פון דרויסן געווען באַוואָקסן מיט גרין־בערדיגע קלעטערס, און אין די ווינטערדיגע חדשים האָבן זיי געשטאַרט מיט זייער שטייניגער טונקלקייט איבער דער שנייאיגער ווייסקייט אַרום. גערופן האָט מען דאָס „דעם פריצס פּאַלאַץ", נאָר געהערט האָט עס בירושה צו ר׳ שלום־יעקבן.

דעם גרעסטן טייל פון אויבערשטן גאָרן האָט פאַרנומען אַ גרויסער זאַל — „די סאַליע". פון דער באַמאָלטער, אויסגעוועלבטער סטעליע זיינען אַרונ־טערגעהאַנגען שווערע, שימערירנדיגע קאַנדעלאַברעס מיט געשליפענע גלעזלעך פון אַלע זייטן. דער דיל איז געווען פון געפּאַסטן פידל־האָלץ, אין לעקאַכער

געלייגט. אַרום די בייכיגע, אויסגעפּלאַסטערטע ווענט זיינען געווען אויסגע־שטעלט בכבודיק־אַלטע, געשניצטע מעבל־שטיקער: טישן און טישעלעך, קאַנאַפּעס און שטולן און פאָטערשטולן, איבערגעבעט מיט רויטן פּליוש און געבלומטן אַטלעס. אויבנאָן איז געשטאַנען דער פאָטערשטול פון דער משפחה מיט לאַנגע פּילפּאַרביגע פרענדז און קוטאַשן. ביי דער מזרח־וואַנט איז געשטאַנען אַ גרויסע ספרים־שאַפע און אַ געשניצטער ארון־קודש מיט אַן אויסגעצאַצקעטן כתר־תורה און צוויי משונהדיקע חיות, האַלב לייב — האַלב אָדלער, פון אויבן. איבער דער ספרים־שאַפע האָט זיך אומגעשפּיגלט דער זילבערנער חנוכה־לאָמפּ.

דאָ, אין דער סאַליע, פלעגט די משפּחה פּראַווען אירע שמחות: בריתן, בר־מצוהס, לעקאַך־און־בראַנפנס, קנאַסמאָלס, חתונות, און ס׳איגענע אויפסניי.

אַחוץ דער סאַליע זיינען אין דער־דאָזיגער הויז געווען צימערן און צימער־לעך, שטיבלעך און אויבערשטיבלעך און קיכן לרוב. און ר׳ שלום־יעקב האָט זיי, ברוך השם, תמיד אויסגענוצט צום גוטן.

ר׳ שלום־יעקב האָט שטאַרק מקפּיד געווען אַז דער הויף זאָל זיך ביי אים פירן מיט אַ סדר, מיט אַ שטאַט; עס זאָל זיין אויפגעראַמט, ליטיש — ס׳זאָל, חס־ושלום, ניט דאַרפן שוואַרצן ס׳פּנים פאַר גויים. און טאַקי פאַר זיך אַליין?

אינדערפרי, האַבנדיק אָפּגעדאַוונט און אָנגעביסן, פלעגט ר׳ שלום־יעקב זיך אַוועקלאָזן איבערן הויף, ס׳ציבעק אין מויל, צו באַקוקן זיין בעל־הביתיש־קייט. מיכאַלקע דער דוואָרניק איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, און האָט אויפגענומען יעדע באַמערקונג מיט אַ „דאָברע, פּאַן שאַליעם."[1] ר׳ שלום־יעקב האָט ניט דורכגעלאָזט קיין ווינקעלע וואו זיין אויג זאָל ניט פאַלן. ער האָט געזען אַז דער הויף זאָל זיין פאַרקליבן, ריין; די דעכער פון די שפּייכלערס זאָלן ניט רינען; די ליאַדאָוונע זאָל זיך גוט באַוואָרנט פאַרן זומער: „קיין עין הרע, אַ משפּחה — מאַכט זיך אַ קינד האָט היץ, רחמנא לצלן, אָדער אַ יולדת — מ׳דאַרף ליאַד..." ער האָט געזען אַז דער שטעלכל פון די עופות זאָל זיין אין אָרדנונג —

— פאַרשטייסטו מיר, מיכאַלקע? אַ הויף אָן עופות, איז עפּעס גאָר קיין הויף ניט. ס׳איז אומעטיק. אַז ס׳דרייען זיך אַרום לעבעדיגע באַשעפענישן, יונגע קורטשענטקעלעך; מ׳הערט אינדערפרי דעם קרעען פון הענער — איז עפּעס לעבעדיגער, פריילעכער, פאַרשטייסט?

מיכאַלקע טוט זיך אַ קראַץ אין פּאַטיליצע. ער פאַרשטייט — אודאי פאַרשטייט ער! אַזויפיל יאָרן אָפּגעלעבט דאָ אין הויף, צווישן אידן...

פון דאָרט לאָזט זיך ר׳ שלום־יעקב צו דער סטאַינע. „ס׳פאַרפאָרט אַ פריק,

---

1. גוט, פּאַן שאַליעם.

אַ נאַטשאַלניק, דאַרף אַ סטאַינע זיין יאַק שע נאַליעזשע.[1] גויים זיינען בטבע מקפּיד אויף פערד...״ דערזעט אַמאָל ר׳ שלום־יעקב אַז דער לייטער פון די היי איז עפּעס ניט ווי עס באַדאַרפט צו זיין, אָדער די סאַזשלקע איז ניט איבעריגס ריין — וויל ער דעם גוי דורס זיין. ער ווייסט אָבער, אַז מיט גוטן וועט ער מיט אים בעסער מאַכן. ער האָט שוין זיין דרך. פאַרלייגט ער אַ האַנט אויף מיכאַלקעס פּלייצע, טוט כלומרשט קאַלטבלוטיג אַ קוק אויף דער סאַזשלקע און דערנאָך — אויף מיכאַלקען. דעם גוי ווערט פון דעמדאָזיגן קוק אַזש קאַלט אונטער די לאַפּעטקעס.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיכאַלקע? איך פאַרשטיי דיר ניט! אַז אויפשטיין שטייסטו שוין אויף אַן אָפּגעדאַוונטער, פון לערנען תורה ביסטו דאָך פּטור, קיין ברכה אויפן בראָנפן מאַכסטו דאָך אויך ניט — טאָ זאָל כאָטש אַמאָל אַ פערד הנאה האָבן פון דיין לעבן?

דעם גוי כאַפּט די נכפא. טוט ער אַ שאָקל מיטן קודרעוואַטן קאָפּ: „דאָבראָ, פּאַן שאָליעם״, און שווערט ביי זיך, אַז מער טרינקט ער ניט! מעג די וועלט אונטערגיין, און פאַר זיין מויל וועט עס מער ניט קומען! סיידן אַמאָל אין אַ גאָווינע אַ טשאַרעטשקע; בחברותא — גיב גאָט ליבע געסט — איז אפשר צוויי; אָבער מער ניט! ניין — יעי באָהו, ניין!...

ר׳ שלום־יעקב וואַרט אָבער ניט אויף קיין תשובה. אָפּגעזאָגט ס׳זייניגע, געענוג! גייט מען ווייטער.

— אַנו, פּאַן שאָליעם, ווי געפעלט דיר עפּעס היי־יאָריגס געוויקס? די קווייטן אַרום הויז?

ער ווייסט, דער ממזר, אַז ר׳ שלום־יעקב האָט אַ שוואַכקייט צו קווייטן, הנפעט ער זיך, די טרפהנע בייך.

טוט ר׳ שלום־יעקב אים צוליב און גיט אַ קוק:

— פיין! זייער פיין! מ׳קאָן זען אַז היי־יאָר האָסטו, מיכאַלקע, זיך ניט געפוילט. אָבער, זאָג מיר נאָר, מיכאַלקע־סערדצע, פאַרוואָס עפּעס נאָר זונרויזן מיט מאַקאָווקעס, און אָבער אַמאָל נאַסטורצעס מיט טערקישן ווייץ? ביטשויבזשע קאָנסטו ניט אָפּזוכן עפּעס אַנדערע — עפּעס איידעלערע קווייטן, פאַרשטייסט?

— דאָבראָ, פּאַן שאָליעם; פּאָניאַל... דערפאַר איבער־אַ־יאָר, גיב גאָט געזונט, וועל איך דאָ פאַרזעצן קווייטן, וואָס נאָך אין דער גאַנצער סביבה ניט געזען געוואָרן! געדענק מיכאַלקעס ווערטער...

דאָס אָבער האָט מיכאַלקען ניט געשטערט איבער־אַ־יאָר ווידער צו פאַרזעצן זונרויזן מיט מאַקאָווקעס, און אָבער אַמאָל נאַסטורצעס מיט טערקישן ווייץ. „אַ דאגה! אַבי עס גרינט, אַבי ס׳בליט, אַבי עס וואַקסט״...

---

1. ווי עס באַדאַרף צו זיין.

דער עיקר איז ביי ר׳ שלום־יעקבן געווען דער גאָרטן. דעם גאָרטן האָט ער אָפּגעהיט ווי אַן אבן־טוב, געפּילעוועט עס ווי אַן עופּעלע. ער האָט געזען אַז מיכאַלקע זאָל אַרומשניידן די דאַרע צווייגן אין צייט; זאָל אַרומגראָבן די קוסטן; פאַרקאַלכן די שטאַמען; אונטערשפּאַרן אַ שווער־באַלאָדענעם צווייג; פאַרריכטן די בענק, אַז קליינוואַרג זאָלן זיך, חלילה, ניט צעמזיקן. אַרבעט ביים גאָרטן איז געווען געַנוג, און מיכאַלקע האָט גראָד זיך אויסגעטויגט דערצו — וואָלט ער נאָר אַזוי ניט געגאָסן אין זיך! ר׳ שלום־יעקב האָט אים אַלץ געקאָנט מוחל זיין, אַזוי לאַנג ווי ער האָט צוגעזען דעם גאָרטן. דער גאָרטן איז ביי ר׳ שלום־יעקבן געווען דאָס צירונג פון הויף, די קרוין פון זיין בעל־הביתישקייט.

# 3

## אין שאָטן פון בוימער

שבועות-צייט, ווען דער בעז האָט זיך צעבליט, פלעגן שוין קליינוואַרג באַצייטנס זיך פאַרקליבן אויף די שפּיץ-בוימער. ערשטנס, טאַקי אַנצו-רייסן פולע זשמעניעס מיט פרישינקן בעז, וואָס פאַרשמעקט די שטוב; און צווייטנס, שטייערט מען זיך דערוויל אין קלעטערן. און טאַקי דאָס זיצן אויבן אויפן שפּיץ-בוים און אַראָפּקוקן פון דאָרט איבערן הויף, ביזן סאַמע עק שטאָט, ביז אויף יענער זייט ציגעלנע — העט! — אַזש ביז איבער די גוישע מאָהילקעס?... חברה ווערן גאָר מלא-שמחה און צעהוידן די צווייגן.

דערהערט ר' שלום-יעקב אַז אין גאָרטן טומלט זיך עפּעס, דאַרף מען גיין אַ קוק טאָן וואָס דאָרט טוט זיך. מאַלע וואָס קליינוואַרג קאָן איינפאַלן?! ער ווייסט, אַז קיין צופיל גוטס די בוימער טוען זיי אודאי ניט. ווערט שוין ר' שלום-יעקב אַביסל אויפגעטראָגן: וועט ער אימעצן דערכאַפּן אויפן בוים, וועט ער אים כ'ווייס ניט וואָס!... פונדעסטוועגן, איבערצושרעקן קליינוואַרג, ווייסט ער, איז אַ סכנה. לאָזט ער זיך פּאַמעליך אַוועק צום גאָרטן.

דערזעען קליינוואַרג פון ווייטן אַז דער זיידע גייט, הויבן זיי באַלד אָן נעלם ווערן פון בוים. אַנטלויפן פון זיידן, ווייסן זיי, טאָר מען ניט. פאַר אַזאַ זאַך כאַפּט מען אַ מיאוסן פּסק און מ'קאָן נאָך, אַחוץ, פאַרשפּילן דעם שבתדיגן חלק כיבוד אויך. שטייען זיי פון דערווייטן און קוקן זיך צו ווי ביים קליינעם אביגדורקען האָבן זיך פאַרטשעפּעט די הויזעלעך אָן אַ צווייג, און ער פאַלט אַריין גלייך צום זיידן אין די הענט. קוועלן גאָר חברה אָן: „רעכט אויף אים, אויפן מזיק! האָט ער זיך ניט געזאָלט אַזוי צעקוויטשען אויפן בוים! ווען מ'נעמט אים נאָר אַריין אין קאָן, שניידט מען שוין גלאַט ניט אָפּ...״

דער זיידע נעמט-אָן אביגדורקען פאַרן הענטל, גייט מיט אים צו דער באַנק אונטערן „זיידנס בוים״, און נעמט אביגדורקען אַרויף אויפן שויס.

אָט אַזאַ מזל האָט ער שוין, דער מזיק! אין אַלע צרות פירט ער זיי אַריין,

און אַליין בלייבט ער גאָט די נשמה שולדיג. אים וועט דער זיידע גאָרניט טאָן.

דער זיידע הויבט אָן גאַנץ געלאָסן:

— וואָס האָט אַ אינגעלע געטאָן אויף אַ בוים?

קיין קונצן גייען דאָ ניט אָן: דעם זיידן מוז מען זאָגן דעם אמת —

— געריסן קוויטן.

— נאָכסאָל האָט אַ אינגעלע געריסן קוויטן?

— כ'האָב עס האָלט.

— זעסטו, דאָס איז פיין — זייער פיין! איך אַליין האָב עס אויך ניט פיינט... און וואָס אַ שטייגער וועסטו טאָן מיט די קוויטן?

— די מאַמע וועט עס אַריינשטעלן אין אַ קרוג וואַסער.

— און נאָכדעם?

— נאָכדעם... נאָכדעם...

אביגדורקע פאַרטראַכט זיך —

— נאָכדעם... נאָכדעם... כ'ווייס ניט וואָס נאָכדעם...

— נאָכדעם וועלן זיי פאַרוויאַנעט ווערן, האַ? בלייבן אָבער די קוויטן אויפן בוים, קומט אַ איד און מאַכט אויף זיי אַ „שברא בעולמו", קריגט דער בוים אַ תיקון, ווערט אויפגעריכט. פאַרקערט ווידער, קלעטערט אַ אינגעלע אויף אַ בוים, קאָן ער נאָך קלעטערנדיג, חלילה, אַ צווייגעלע צעברעכן. קומט דער בוים זיך קלאָגן פאַרן רבונו־של־עולם; צעברעכט זיך כביכולס גרימצאָרן, און בוימער הערן־אויף צו געבן פירות, און קינדערלעך שטאַרבן, רחמנא לצלן, פאַר דער צייט...

און דער זיידע צעשאָקלט זיך און פאַרגייט אין אַ ניגון:

— אַ אידיש אינגעלע באַדאַרף וויסן, אַז אַ בוימס צווייגן זייַנען זייַנע קינדערלעך. צעברעכט ווער אַ לעבעדיג צווייגעלע, איז גלייך ווי ער וואָלט, חלילה, דערהרגעט אַ מענטשן!... ביי אַ מאַמען אַז ס'שטאַרבט אַ קינד, רחמנא לצלן, קלאָגט זי אויפן קול, לייגט זי וועלטן איין; אַ בוים אָבער האָט ניט קיין קול — וויינט עס א י ן ז י ך, און נאָר דער הימל פאַרנעמט זיין געוויין...

דעם זיידנס רואיגער מוסר זאָגן איז פאַר אביגדורקען ערגער ווי קריגן אָנגעריסן פאַרן אויער. און ער זעט באַשיינפערליך ווי די שווערע בוימיכע טראָגט זיך אַוועק און דערשלעפּט זיך ביז צום זיבעטן הימל, פאַלט פאַרן כסא־הכבוד, שפּרייט אויס אירע צווייגיגע אָרעמס און באַוואַשט זיך מיט טרערן:

„רבונו־של־עולם! האָסט מיר געבענטשט מיט צווייגן אויף צו טראָגן פרוכט. האָסט מיר געשאָנקען טוי און רעגן כדי מיינע צווייגן זאָלן זיך צעוואַקסן, אידן זאָלן ברכה מאַכן אויף מיינע פירות און לויבן דיין ליבן נאָמען. איצט קוק אַראָפּ פון דיין הימל און זע וואָס אידישע קינדער האָבן געטאָן צו מיר!..."

און עס צעברענט זיך דעם אויבערשטנס גרימצאָרן; פלאַמען פייער צאַפּלען־אויף און ציען זיך צו אים — צו אביגדורקען — אים איינצושלינגען...

פאַלט ער צו צום זיידן און טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגעלעך. און ער טוט אַ נדר ביי זיך, אַז פון היינטיגן טאָג־אָן און ווייטער וועט ער מער ניט קלעטערן אויף קיין ביימער און וועט זיין געהיט פון צעברעכן אַ גרין צווייגעלע...

דערזעט ר׳ שלום־יעקב אַז זיין מוסר האָט געטראָפן אין פינטל, ווערט ער שוין מער צוגעלאָזט. טוט ער אַ שמייכל צו די חברה, רופט זיי צו צו זיך, און פאַרציט מיושבדיק דעם ציבעק. חברה־קליינוואַרג שטויסן זיך אָן אַז דאָס מיינט אַ מעשהלע פאַר זיי. זעצן זיי זיך אויס, אַלע — אַרום, ר׳ שלום־יעקב — אין דערמיט, און ער הויבט אָן צו פלעכטן איין מעשהלע נאָך דער אַנדערער. און אויף אַ מעשהלע צו דערציילן האָט מען לאַנג געדאַרפט זוכן זיין גלייכן. חברה־קליינוואַרג האָבן אים דערפאַר ליב געהאַט ווי ס׳לעבן, זיינען אויסגע־גאַנגען נאָך זיין וואָרט. הערן דעם זיידן דערציילן אַ מעשהלע איז ביי זיי געווען אַן עולם־ומלואו. זיצן זיי מיט אויסגעשפּיצטע נאָז און אויער און הערן, און גאַפן, און פאַרחלומען זיך. אַ שאָד נאָר וואָס די מעשהלעך לאָזן זיך תמיד אויס מיט אַ מוסר־השכל צו זיין גוט און פרום; אַ שאָד וואָס מ׳דאַרף באַלד צוריקגיין אין חדר!...

פונדעסטוועגן, ווען ס׳איז געקומען סוף־זומער, און די פּירות אין גאָרטן זיינען צייטיק געוואָרן, פלעגט אביגדורקע דער מזיק פאַרגעסן דעם נדר, און מיט חברה צוגלייך זיך געלאָזט אויף די ביימער אָפּצוטרייסלען די שווער־באַהאַנגענע צווייגן.

*

תמוז־צייט, ווען די היץ איז געווען גרויס און דער טאָג האָט געברענט ווי אַ קאַלכאויוון, פלעגט ר׳ שלום־יעקב זיך פאַרקלייבן אונטער די געדיכטע עפּל־ביימער, האָט זיך צעזעצט בהרחבה ביים טישל און האָט געלערנט בנעימות. ס׳איז קיל, רואיג — אַ מחיה! עס לערנט זיך עפּעס גאָר אַנדערש אין שאָטן פון דער טיפער גרינקייט. גאָטס ברכה וואו מ׳טוט נאָר אַ וואָרף מיט אַן אויג. ר׳ שלום־יעקב שאָקלט זיך, און די ביימער שאָקלען זיך מיט אים מיט; ער קוקט אַריין אין דער גמרא, און דורך די געדיכטע צווייגן זיפּן זיך אַראָפּ בונטן זונשטראַלן איבער די בלעטער פון ספר, אויף זיין זילבער־ווייסער באָרד; און ר׳ שלום־יעקבס קול־תורה צעוויגט זיך נחת־רוחדיג איבער דער שטילקייט פון גאָרטן.

דערהערט מיכאַלקע אַז דער כאָזיאַין מאַליעט זיך, ברענגט ער פון ברונעם אַ צעבערל קאַלטינקן וואַסער און שטעלט עס אַנידער אונטערן בוים, אין דער אויפגעגראָבענער ערד.

אַמאָל קומט צוגיין דער רבֿ, לערנט מען בחבֿרותא. מ'פּלפּולט זיך, מ'צעהאַמפּערט זיך לשם־שמים, און מ'בלייבט דיזעלבע גוטע פֿריינט.

דערהערט גיטעלע דורכן פֿענצטער אַז אַ גאַסט איז דאָ, ברענגט זי אַרויס אַ פֿאַלומעסאַק פּירות. מאַכט דער רבֿ ברכה, ענטפֿערט זי פֿרום אָמן — „אַ דאַנק גאָט! נאָך אַ מצווה אויף פֿאַרדינט אין איין גאַנג..." הייסט זי אַרויסטראָגן דעם סאַמאָוואַר אין גאָרטן אַריין. זי ווייסט, אַז רבֿ טעוועלע טאָר ניט טרינקען קיין רוי וואַסער, און איר שלום־יעקבֿ וועט זיך פֿון אַ גלעזל טיי קיינמאָל ניט אָפּזאָגן. טרינקט מען הייסינקן טיי אַז ס'בריט אַזש די פֿינגער, און מ'פֿאַרגייט בשעת־מעשׂה אין אַ שׂיחת־חולין: מ'דערמאָנט זיך אָן אַלטע צייטן, אָן וואָלאָזשין, מ'דערציילט זיך איבער גלייכווערטלעך פֿון גאונים.

דערזעט ר' שלום־יעקבֿ פֿון דערווייטן, ווי אַביגדורקע מיטן דוואָרניקס בנאָקל פֿאָרען זיך אַרום דער הורבע שטיינער. רופֿט ער אים שוין צו, דעם קונדס. קומט אַביגדורקע אַ פֿאַרשוויצטער, אַ פֿאַרהאַוועטער, און שטעלט זיך פֿאַרן זיידן.

— וואָס איז דאָס עפּעס פֿאַר אַ שלעפּן שטיינער אין אַזאַ היץ?

— כ'וויל אויפֿשטעלן אַ מזבח, זיידע.

קוקט אים דער זיידע אָן שמייכלענדיק־נשתומם:

— אַ מזבח גאָר?!

— יאָ, זיידע. איך וויל אויפֿברענגען אַ בראַנדאָפּער צו גאָט.

ווערט שוין דער זיידע נייגעריק:

— אַ בראַנדאָפּער? וואָס איז דיר עפּעס אין מיטן־דערינען איינגעפֿאַלן אַ בראַנדאָפּער?

— יאַנעק האָט מיר געבראַכט אַ פֿישעלע פֿון טייך, וויל איך עס מקריבֿ זיין פֿאַר גאָט, אַז איך זאָל געפֿינען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן און קאָנען לערנען ווי דו, ווי דער טאַטע...

שמייכלען זיך ביידע אַלטע איבער, און דער זיידע נעמט אַרויף אַביגדורקען אויפֿן שויס און טוט אים אַ גלעט איבערן בעקל.

— לערנען תּורה, מיין קינד, איז אַודאי אַ שיינע זאַך. אַז דו וועסט נאָר וועלן, וועסטו, אם ירצה השם, קאָנען. אַז דו וועסט זיך נאָר פֿלייסן, וועסטו נאָך אויסוואַקסן אַ גדול־בישׂראל — אַ רבֿ מאירל וועסטו נאָך אויסוואַקסן! קרבנות אָבער, אַביגדורקע, קאָנען מיר מער ניט מקריבֿ זיין.

— פֿאַרוואָס, זיידע?

— דערפֿאַר ווייל קרבנות פֿלעגט מען מקריבֿ זיין נאָר אין בית־המקדש, אויפֿן מזבח. און ווען דער בית־המקדש איז חרובֿ געוואָרן, איז דער אש־תּמיד — דער שטענדיקער פֿייער, וואָס איז געלעגן ווי אַ לייב אויפֿן מזבח — אויפֿגעגאַנגען אין הימל, און אונדזערע כּהנים זיינען טמא געוואָרן.

— און פאַרוואָס האָט הבל געקאָנט אויפבערענגען אַן אָפּערונג צו גאָט? דאַמאָלט איז דאָך אויך קיין בית־המקדש ניט געווען?

דער רב טוט אים אַ קניפּ אין בעקל —

— אַ האַרבע קשיה!

אביגדורקע טוט זיך אַ כאַפּ מיט פרייד, זיינע אויגעלעך צעבלישטשען זיך:

— איך ווייס פאַרוואָס, זיידע!

— אדרבה, לאָמיר הערן?

— ווייל דאַמאָלט איז נאָך געווען פאַר מתן־תורה!

— אַ וואָזשנער תירוץ! — זאָגט דער זיידע. רב טעוועלע איז מיט אים מסכים. אביגדורקע פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע.

— זיידע! — פאַרוואָס איז דער בית־המקדש חרוב געוואָרן?

— פאַרוואָס? — ווייל מיר האָבן געזינדיגט, מיין קינד; מיר'ן ווידערגעשפּעניגט גאָטס געבאָט. אידישע קינדערלעך האָבן ניט געוואָלט לערנען די הייליגע תורה, ניט געפאָלגט טאַטע־מאַמע — האָט דער רבונו־של־עולם אויף אונדז געצערנט, און ער האָט אַנגעשיקט אויף אונדז בייזע פעלקער, און זיי האָבן פאַרברענט דעם בית־המקדש און אונדז פאַרטריבן פון אונדזער לאַנד. אָבער אַז משיח וועט קומען, וועט דער בית־המקדש אויפסניי אויפגעבויט ווערן, און דער גואל־צדק וועט אונדז פירן צוריק קיין ארץ־ישראל...

דער זיידע רעדט, דער רב שאָקלט־צו מיטן קאָפּ, אביגדורקע הערט און הערט.

— אָבער ווען וועט ער קומען משיח, זיידע?

— ווען? — ס'איז רעכט אַז ער זאָל קומען יעדן טאָג, יעדן שעה, כאָטש שוין! מיר זאָגן דאָך יעדן טאָג אין דאַווענען „אחכה לו בכל יום שיבוא"

— דער טייטש דערפון איז: איך גאַר אויף אים יעדן טאָג אַז ער זאָל קומען...

— זיידע! אַוואו איז ערצעסראַיעל?

— ווייט, ווייט, מיין קינד — זייער ווייט פון דאַנען! מ'דאַרף לאַנג גיין צו קומען אַהין. מ'מוז אַריבערשפּרייזן אַ ים — אַ גרויסן ים — דעם ים־הגדול!

און רב טעוועלע קליגט זיך און גיט־צו:

— און אַז משיח וועט קומען און וועט פירן די אידן קיין ארץ־ישראל — פאַרשטייסט? — וועלן די אומות־העולם — די גויים — אויך וועלן מיטגיין. וועלן זיי טאַקי גיין. אַז ס'וועט אָבער קומען צו אַריבערגיין דעם ים, וועלן די גויים גיין אויף אַן אייזערנעם בריק, און די אידעלעך — אויף אַ פּאַפּירענעם בריק. וואָס וועט טאָן דער אויבערשטער? — ער וועט טאָן אַ נס, און דער אייזערנער בריק וועט זיך איינברעכן, און אַלע גויים וועלן דערטרונקען ווערן אין ים־הגדול! — פאַרשטייסט?

ביידע אַלטע שמייכלען זיך טשיקאַווע איבער. אביגדורקע טוט פאַר־וואונדערט אַ קוק אויפן זיידן:

— טאַקי, זיידע?

— אַ, דו קונדס, דו! אַז דער רבֿ, זאָל געזונט זיין, זאָגט דיר וואָס, דאַרף אַ אינגעלע ניט איבערפרעגן! — מ ס ת מ א איז עס אמת!

— אָבער, זיידע, אַ ל ע גוים?

— יאָ, מיין קינד — אַלע. קיין איינער וועט פון זיי ניט בלייבן.

— און יאַנעק?

— וואָס'ער יאַנעק?

— א ו נ ד ז ע ר יאַנעק —

— אַ, דו מיינסט דעם דוואָרניקס שייגעצל? — אַז מ'זאָגט די אַלע, משמעות מיינט מען אים אויך.

— און אַז ער וועט טאָן אַ מצוה, זיידע?

— איין מצוהלע מאַכט אים נאָך ניט פאַר קיין אידן, מיין קינד.

— און אַז ער וועט טאָן אַ גרויסע מצוה?

— ביים רבונו־של־עולם זיינען אַלע מצוות גרויס. ניטאָ ביי אים קיין קליינע מצוות, קיין גרויסע מצוות...

— אודאי, אודאי! — מישט זיך אַריין רבֿ טעוועלע — אַ בפירוש גמרא: „שאין אתה יודע מתן שכרן של מצוות"!

— זיידע! און אַז יאַנעק וועט מיר האַלט האָבן?

— וואָס מיינסטו, אביגדורקע?

— וואָס אַז יאַנעק וועט מיר ש ט אַ ר ק האַלט האָבן — אַט אַזוי ווי יענער תנא האָט אָנגעזאָגט דעם געטשנדינבער צו טאָן?

דער זיידע ווינקט זיך איבער מיטן רבֿ —

— אַ, דו מיינסט דעם „ואהבת לרעך כמוך"?! כ'פאַרשטיי... נו, וועט מסתמא דער רבונו־של־עולם זיך אויף אים מרחם זיין... אָבער וואָס עפּעס שטעלסטו זיך אַזוי איין פאַר אַט דעם יאַנעקן, וואָס?

אביגדורקע הויבט די אויגעלעך אויף צום זיידן; טרערעלעך פינקלען אין זיי:

— ס'איז אַ רחמנות אויף אים, זיידע...

און ער שאַרט זיך פּאַמעלאַכקע אַרונטער פון זיידנס שויס, לויפט אַרויס צו יאַנקען און כאַפּט אים אַרום:

— יאַנעק, האָסט מיר האַלט?! — זאָג, אַז דו האָסט מיר האַלט — שטאַרק האַלט! זאָג, יאַנעק־סערדצע! טו אַ קוש מיין ציצה — שווער זיך אַז דו האָסט מיר האַלט!... דו וועסט פאַרדינען אַ מצוה! דו וועסט זיך ראַטעווען! — וועסט ניט דערטרונקען ווערן אין ים־הגדול!...

יאַנעק גלאָצט אויס אויף אים אַ פּאָר גרינע קוקערס, טוט זיך אַ צלם־

איבער און אַנטלויפט פייל־פון־בויגן. אביגדורקע בלייבט שטיין אַ פּאָר־קלעמטער.

ר׳ שלום־יעקב קוקט אים נאָך שווייגנדיק, פאַרקלערט, און פּליסטערט אַרויס ווי צו זיך אַליין:

— ער... איינגעאָנצען ער, אים צו לענגערע יאָר...

און רב טעוועלע כאַפּט אונטער אויפן זעלבן שטייגער:

— זיין כוח־הדמיון, זיין קאָפּ... צוויי טראָפּן וואַסער... מ׳זעט: ער וואַקסט אַ כלי...

*

אפשר טאַקי דערפאַר ווייל ער איז געווען איינגעאַנצן ער; אפשר דערפאַר ווייל מ׳האָט געזען אַז „ער וואַקסט אַ כלי״; און אפשר זיינען געווען נאָך אַנדערע טעמים דערביי; נאָר צווישן דעם אַלטן ר׳ שלום־יעקבן מיט דעם קליינעם אביגדורקען האָט זיך אויסגעקניפּט אַ נשמה־טיפע צוגעבונדנקייט.

# 4

## צוויטן

„נו, ר׳" — דאָס האָט מען געמיינט דעם פעטער אביגדור, עליו השלום, וועלכער איז געבליבן אַזוי יונג פון דער וועלט אַוועק און נאָך וועמען די באָבע גיטעלע פלעגט, ביי ליכט־בענטשן, לאָזן איין ליכט ניט קיין אָנגעצונדענע.

ער — דאָס איז געווען אַ רויע וואונד אין דער האַרץ פון דער גאַנצער משפחה, וועלכע האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרהיילט. ווען ס׳זאָל ניט האָבן געקומען צו רייד וועגן אים, האָט זיך באַלד אָן אומעט אויסגעלייגט אויף אַלע־מען. מ׳האָט אים כמעט קיינמאָל ביים נאָמען ניט דערמאָנט — נאָר ער, אָדער ער, עליו השלום. און צו־לאַנג האָט מען קיינמאָל וועגן אים ניט גערעדט: ר׳ שלום־יעקבס באַנעם בשעת־מעשה — זיין אומרואיגער, פאַרטראַכטער שווייגן — איז געווען אַ סימן אַז מ׳זאָל אויפהערן. פונדעסטוועגן איז קיין שמחה, קיין יום־טוב, אין דער משפחה ניט דורכגעגאַנגען, וואָס מ׳זאָל אים ניט האָבן דערמאָנט... און פון אָנהערן זיך פון קרובים און משפחה־פריינט; אויפכאַפּנדיק אַ וואָרט, אַ רמזל, דאָ און דאָרט; פון שטיקעלעך, פון ברע־קעלעך, און דאָס איבעריקע דערשעפּט פון זיין אייגענעם דמיון — האָט זיך דער קליינער אביגדורקע געשאַפן אַ גענויען באַגריף וועגן אים:

ער האָט געהאַט נאָך אַ פעטער — אביגדור האָט ער געהייסן — נאָך וועמען ער איז אַ נאָמען. ער איז געווען אינגער פון טאַטן מיט גאַנצע דריי יאָר, און אַ מוזשיניקל ביים זיידן. אַ וואוילער געווען, אַ גערעטענער — אַ שם־דבר! אַ פאַרשוין, אַ האַסאָבע, קלוג ווי דער טאָג, און אָן אָפענער מוח! צו צוואַנציק יאָר שוין געהאַט סמיכה אויף רבנות, האָט געשפּילט שאַך ווי אן אַלטער, און אַ ספרא־רבא — אַ גוואַלד! רוסיש, און דייטש, און פראַנצויזיש און וואָס ניט?! פון לשון־קודש איז דאָך שוין אָפּגערעדט: מיט זיינע בריוו, מיט זיין מליצה, האָט מען זיך געצאַצקעט איבערן גאַנצן שטאָט, געשפּיגלט זיך אין זיין כתב!

און אַ בעל־תנ״ך — אַן אויסנאַם! האָט געשפּילט פידל, ט׳געקאָנט שניצן, מאָלן, קריצן, און וואָס אַ מויל קאָן נאָר ריידן. און אַלץ אויסגעלערנט זיך פון זיך אַליין — אַ שפּאַס, אַזאַ קאָפּ?! און אַ פריילעכער געווען, אַ לעבעדיגער, אַ הוליאַקע ביז גאָר. און אַ בעל־מזל־טוב — אַ האַרץ פון גאָלד! זיין דאַוונען פאַרן עמוד, זיין קול נגינה האָבן דאָס גלייכן ניט געהאַט. ער האָט אַמאָל פאַרצויגן אַ קול, האָט זיך דער בליץ־לאָמפּ אין דער קאַלטער שול אויסגעלאָשן, די שויבן האָבן אַזש געציטערט. און אַ גבר — איינער אין אַ מדינה! איינמאָל אין אַ פּורים האָט ער אַרומגעבונדן דעם פּריסטאַוו מיט אַ האַנטוך און׳ט אים מיט די ציין אַרומגעטראָגן זיבן מאָל אַרום טיש בפני כל עם ועדה. האָט געקאָנט צעבויגן אַ זילבערנעם קערבל מיט די פינגער. איינער אַליין האָט ער זיך אַנומלט געפּעטשט מיט פינף גויים; האָט ער זיי אויסגעלייגט ווי די סנאָפּעס און געבונדן ווי די קעלבער. ס׳איז ביי אים רעכט געווען אַ כאַפּ צו טאָן אַ פינף־פּודיגן זעקל מעל אין דער מיל און אַוועקגיין מיט דעם אַ טאַנץ... שייך אַ גבר? אַ גרייפּלטער!...

פאָרט אָט דער פעטער אביגדור, איינמאָל אין אַ ווינטער, אַוועק אין וואַלד, און קומט צוריק פון דאָרט אַ הוסטנדיגער, אַ קראַנקער; ט׳זיך אריינגעלייגט אין בעט, איז אָפּגעלעגן אין אַ היץ צוויי טעג מיט אַ נאַכט, און ביז וואַנען־וואָס־ווען, איז ער שוין געווען פאַרביי. „אַזאַ ריז! פאַרברענט געוואָרן!...״ און איבערגעלאָזט האָט ער נאָך זיך אַ יונגע אלמנה מיט אַ קינד אונטערן האַרצן. וויי־וויי, וואָס האָט זיך דאַמאָלט ניט אָפּגעטאָן?! די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען כאַדאָראָם. אַזאַ אומגליק! אַזאַ בוים!... זי איז ממש פון די כלים אַרויס. אַ קליינינקייט?! אַן אידעלע געווען — אַ זייד! שיין ווי די זון; אין פּנים איר ניט געווען אריינצוקוקען; און אַ געבילדעטע ביז גאָר. ט׳געשטאַמט פון יענער זייט גרעניץ, פון גאָר־גאָר געהויבענעם יחוס, פון דער סאַמע גילדענער פאַן: פון די איגערס! און געלעבט האָבן זיי ביידע ווי די טייבעלעך. ניט געהאַט קיין צייט גאָר זיך אָנצוצעשען נעביך!... און פונקט צום יאָר נאָך דער חתונה, לייגט זי זיך אַריין אין קינפּעט, גייט אָפּ צו קינד גאַנצע דריי מעת־לעת, און יסורים — איין גאָט זאָל נאָר שומר ומציל זיין! אירע געשרייען, אירע גוואַלדן, האָט מען געקאָנט הערן פאַר אַ תחום־שבת. וואָס מ׳האָט ניט געטאָן?! וואָס מ׳האָט ניט צעאַרבעט?! העפּעשירט נאָך אַ פּראָפעסאָר פון וואַרשע, געשיקט שטאַפעטן וואו נאָר אַ גוטער איד, געגאַנגען אויפן הייליגן אָרט, געריסן קברים, געמאָסטן פעלד, געטיילט ברויט פאַר אָרימע, ליכט געצונדן אין די שולן, געזעצט זיבן מנינים אידן תהילים זאָגן — געשאָטן מיט גאָלד! ר׳ שלום־יעקב אַליין איז צוגעפאַלן צום אָרון־קודש, האָט אַוועקגעלייגט די שליסלען פאַר די ריינינקייטן און — „נעם, רבונו־של־עולם! נעם ביי מיר אַלץ! נאָר איר לאָז נאָך לעבן — אַ מאַמע מיט אַ קינד!...״ ס׳האָט ניט געהאָלפן! זי האָט עס ניט אויסגעהאַלטן. האָט אָפּגעגעבן ס׳קינד און איז

אויסגעגאַנגען... זי האָט אין דעם טאָג פון איר חופה, ביים אָרימן מאַלצייט, גאָר אומגערן נעביך, פאַרשעמט אַן אָרימע מעוברת, איז איר דערפאַר ניט באַשערט געווען איר אייגן קינד צו זען... האָט מען דער יתומהלע אַ נאָמען געגעבן נאָך איר, און דאָס איז געווען הדסל.

געהאָדעוועט האָט זיך הדסל ביים זיידן ר׳ שלום־יעקב. די באָבע גיטעלע האָט אויף איר קיין האָר ניט געלאָזט פאַלן. קיין זאַך איז איר פון הדסלס־וועגן ניט שווער געווען. דאָס טעלערל פון הימל וואָלט זי פאַר איר אַראָפּגעבראַכט. די גאַנצע משפּחה — אַלע פעטערס מיט אַלע מומעס — האָבן גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט איר; האָבן איר אויף די הענט געטראָגן, געקיכלט איר פון אַלע זייטן — „אַ קיילעכדיגע יתומהלע נעביך"... ביים זיידן איז זי געווען דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. הדסל האָט נאָר באַדאַרפט עפּעס פון מויל אַרויסברענגען, און ס'איז באַלד פאַר איר געוואָרן. און אביגדורקע מיט איר איז געווען גאָר נפש אחת. רעוועשניקעס! צוזאַמען געגעסן, צוזאַמען געטרונקען, צוזאַמען געפּאַקט און געמאַזלט, צוזאַמען געשטיפט, און צוזאַמען זיך פאַרקליבן אויפן זיידנס שויס און איינגעדרעמלט ביי זיינע אַ מעשהלע. ער איז געווען מער ביים זיידן אין הויז ווי ביי טאַטע־מאַמע. מיט הדסלען איז דער טאָג אויפגעגאַנגען און מיט הדסלען האָט זיך די זון געזעצט.

ווען הדסל האָט געהאַט יאָרצייט, פלעגט די משפּחה דאַוונען אין מנין ביים זיידן. פאַרן עמוד האָט געדאַוונט דער זיידע ר׳ שלום־יעקב אַליין, און׳ט געהאַלטן דער קליינער הדסלען נעבן זיך. אַז ס'איז געקומען צו קדיש־יתום, פלעגט ער אַרויפשטעלן הדסלען אויף אַ בענקל, ס'פּנימל צום עולם, ט'איר אָנגענומען פאַר די קליינע הענטעלעך און׳ט געהייסן איר נאָכזאָגן:

— זאָג, טאָכטערקע — זאָג, מיין קינד: יתגדל... ויתקדש... שמה... רבא...

קוקט הדסל מיט אירע ליכטיגע אויגעלעך אויפן עולם און זאָגט־נאָך דעם זיידן אויף איר קלינגענדיג קולכל:

— בעלמא... די ברא... כרעותה... וימליך...

שווערע ווערטער, טרויעריגע.

שטייט דער עולם, ווער מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווער מיטן שפּיץ באָרד אין מויל, ווער מיט די אויגן צו דער סטעליע, ענטפערט „אמן, יהא שמה רבא", און שלינגט בגנבה אַרונטער אַ טרער. ביי דער טיר שטייט די באָבע און כליפּעט־אונטער פאַרשטיקט.

זעט הדסל אַז ביים זיידן צוקן די אַקסלען, אַז דער קאָפּ בויגט זיך אים נידעריגער און אַ ציטער גייט־אויף אין זיין שטים — מאַכט זי אירע אויגעלעך צו, און איר קולכל קלינגט וויינענדיגער, בעטנדיגער. רייסט זיך אביגדורקע אוועק פון טאַטן, לויפט־צו צו הדסלען און גלעט איר איבער די שפּיץ פינגערלעך:

— זאָג הדסל — זאָג־נאָך דעם זיידן... ווײַן ניט, נאַרעלע...

און אַליין קײַקלען זיך אים טרערעלעך פון די אויגן.

שטאַרקט זיך ר׳ שלום־יעקב און דערציט דעם קדיש ביזן סוף, טוט איר אַ קוש אין שטערעלע, דרייט באַלד ס׳פּנים אויס צו דער נשמה־ליכט און כאַפּט זיך פאַר דער רויטער פּאַטשיילקע. און אביגדורקע נעמט־אָן הדסלען, שפּאַרט זיך מיט איר דורך צעווישן עולם און לאָזט זיך מיט איר אַרויס פון דער סאַליע. קוקט די באָבע אויף זיי ביידן דורך פאַרוויינטע אויגן און שאָקלט פרום מיטן קאָפּ:

— אַי, אַ גוטער בעטער זאָל ער נאָר זיין פאַר זיי ביידינקן און פאַר אונדז אַלעמען...

און דער פעטער איטשע רוימט־איין דעם טאַטן אַ סוד אין אויער:

— געדענק מיינע ווערטער, מאיר: דאָס ׳עט נאָך, אם ירצה השם, זיין אַ זיווג טוב...

טוט דער טאַטע פאַרדבקעט אַ הויב די ברעמען:

— הלוואי! מיר, זעסטו, איז דער שידוך דווקא לרצון.

און ער לייגט באַלד צו:

— ביי מיר איז ער שוין בעניי ווי אַן אויסגעגעבענער: ווי טאָג און ווי נאַכט איז ער ביים טאַטן, זאָל געזונט זיין...

און שיין איז געווען הדסל אין אביגדורקעס אויגן ווי די מאַמע רחל פון חומש. און געלויכטן האָט איר פּנימל פאַר אים ווי זיבן זונען. און קלוג איז געווען אביגדורקע אין הדסלס אויגן ווי די „אַלע קלוגע לייט פון מזרח־לאַנד״, פון וועלכע די באָבע האָט איר אַזויפיל אָנגעלייענט מיט איר דריבנעם ניגולע אין די ווינטערדיגע פרייטיק־צו־נאַכטן; און דער זיידע גרויסט זיך מיט אים, זאָגט אַז „סע וואַקסט אַ גאון״. וואָס אַזוינס אַ גאון איז, ווייסט זי אפילו ניט; נאָר אַז דער זיידע זאָגט עס אויף אביגדורקען, מסתמא איז עס גוט. און פאַרחלומט איז דער אביגדורקע ווי יוסף הצדיק, און ווייסט אַזויפיל זאַכן!

און ליב געהאַט האָט איר אביגדורקע מיט דער ליבשאַפט פון יעקב אבינו צו דער מאַמע רחל, און די קליינע הדסל איז אויסגעגאַנגען נאָך זיין טראָט. זי האָט קוים דערלעבט די שעה ווען ער זאָל צוריקקומען פון חדר, קוים דערגאַרט די מינוט ווען דער זיידע זאָל האָבן אָפּגעבענטשט — און באַלד פלעגן זיי זיך זאַלבענאַנד פאַרקלייבן ערגיץ אין הויף, אָדער ביים זיידן אויפן אויבערשטיבל. און פון וואָס צו ריידן איז געווען געענוג: פון גן־עדן און פון גיהנום, ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, פון יוספן מיט די ברידער, פון משה רבינו, פון צדיקים, מלאכים און נאָך אַזוינע זאַכן. אַמאָל, ווידער, שטיפט מען, מ׳שטייערט זיך, מ׳ווייזט זיך איינע די אַנדערע קונצן. קוקן די גרויסע אויף זיי און שמייכלען זיך איבער, און קליינוואַרג רייצן זיך מיט אים: „שפּילסט זיך מיט אַ מיידל, ׳עסטו האָבן דעם זכרון פון אַ קאַץ!״...

פּאַרדריסט עס אים לכתחילה אַביסל; אָבער ער באַטראַכט זיך באַלד און ווייסט, אַז ס'איז ניט אמת: אָט, למשל, שפּילט זיך דער זיידע אויך מיט הדסלען, און פונדעסטוועגן איז ער אַזאַ למדן... אַ דאגה האָט ער, אַבי הדסל איז נעבן אים!

זיצן זיי זיך ביידע אין דער טונקל פון אַ ליידיקער פּאַס — „אַ שטיבעלע״ — הדסלס קעפּעלע פאַרוואָרפן אויף אַ זייט, און אביגדורקע קוקט איר אין די אויגעלעך אַריין.

— ווייסט, הדסל? דער זיידע איז אַ צדיק. בשעת ער שלאָפט, וואַכט די תורה איבער זיין געלעגער.

— פון וואַנען ווייסטו?

— אַז איך זאָג דיר, מסתמא ווייס איך.

— סט'אָס אַליין געזען?

— נאַרעלע! איך דאַרף עס סיידן אַליין זען?

— אַז דו'סט ניט געזען, טאָ פון וואַנען ווייסטו?

— ווער קאָן עס סיידן זען, נאַרעלע?! וואָס מיינסטו, ס'איז די ספר־תורה מיט דער גרינער העמדעלע, וואָס שטייט אין דער סאַליע אין אָרון־קודש?! די תורה, פון וועלכער איך דערצייל דיר, איז געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני. זי איז געשריבן מיט שוואַרצן פייער אויף ווייסן פייער. אַז מ'טוט אַ קוק אויף איר ס'ערשטע מאָל, ווערט מען בלינד; ס'צווייטע מאָל, שטאַרבט מען — טאָ ווי אַזוי האָב איך עס געקאָנט זען?!

— היינט פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס?

— אָט דאָס וואָס דו'סט אַקאָרשט פאַרציילט?

— אָ, אָט־אָ דאָס?! — האָב איך דאָך דיר אַקאָרשט־אָ געזאָגט!

— אָבער דו'סט ניט געזאָגט פון וואַנען דו ווייסט עס...

אַ מאָדנע עקשנטע, די הדסל! קיין זאַך גלויבט זי ניט! —

— סע שטייט געשריבן אין די ספרים...

דאָס איז שוין פאַר הדסלען גענוג! וויבאַלד נאָר ס'שטייט אַזוי געשריבן אין די ספרים, איז עס אמת. פרעגט זי ניט מער איבער. זעט אביגדורקע אַז ער האָט איר סוף־כל־סוף מנצח געווען, שפּינט ער דעם שמועס ווייטער:

— אַז איכ'ל זיין אַ גרויסער, ווייסטו וואָס איכ'ל זיין, הדסל?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס דו'סט זיין, אַז דו'סט זיין אַ גרויסער?

— אַז איכ'ל אויסוואַקסן און זיין אַ גרויסער, 'על איך זיין אַ זיידע; וועל זיין אַ צדיק ווי אונדזער זיידע, און אפשר גאָר ווי דער זיידעס רב מאירל, זכרונו לברכה.

— אַז דו'סט זיין אַ זיידע, אַביגדורקע, טאָ וואָס 'עט דער זיידע זיין?

בלייבט אביגדורקע שטיין: טאַקי, וואָס 'עט דער זיידע זיין?!... ער

ווייסט אפילו יאָ וואָס מיטן זיידן וועט זיין: ער וועט גיין אין דעם שטייגער פון דער גאַנצער וועלט, וועט זיך איינזאַמלען אין זיין פאָלק, ווי די אבות, און וועט זיצן מיט זיי צוזאַמען אין גן־עדן. אָבער הדסלען טאָר מען פון אַזוינע זאַכן ניט דערציילן: זי איז אַ יתומעלע...

— פאַרשטייסטו, הדסל? דער זיידע 'עט זשיך טאַקי זיין אונדזער זיידע, און איכ'ל מיר זיין אימעצן אַנדערש זיידע... אָבער איידער איכ'ל ווערן אַ זיידע, ווייסטו וואָס איכ'ל טאָן?

— טאַקי, וואָס?

— פריער וועל איך מיר אַוועקלאָזן לערנען תורה אין דער ישיבה פון שם ועבר...

— אַוואו איז די ישיבה פון שם ועבר, אביגדורקע?

— ווייסט גאָרניט אַוואו די ישיבה פון שם ועבר איז? — אין דאָס לאַנד כנען!

אַ וואָלקנדל פאַרציט זיך אויף הדסלס פנימל: אביגדורקע ט'זיך אַוועק־לאָזן אַזש אין דאָס לאַנד כנען!...

— ס'איז עפּעס ווייט דאָס לאַנד כנען, אביגדורקע?

— נאַרעלע! ווער סיידן האָט געזאָגט ווייט? — נאָר אויסערן שטאָט — אויף יענער זייט קוסטעס. כ'על דיר אַמאָל מיטנעמען אַהין 'עסטו זען. אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון הערצל!

— און נאָכדעם 'על איך אויפהויבן מיינע פּיס און וועל קומען צום זיידן און זאָגן צו אים אַזוי־צוזאָגן: איכ'ל דיר דינען זיבן יאָר פאַר הדסלען דיין קליין אייניקל. וועט ער מיר ענטפערן און זאָגן: כ'על איר ליבערשט געבן צו דיר, איידער צו אימעצן אַנדערש; וואָרים מיר זיינען דאָך אייגענע מענטשן. און איכ'ל אים דינען זיבן יאָר, און זיי וועלן זיין אין מיינע אויגן ווי גע־ציילטע טעג.

— ווי אַזוי 'עסטו אים דינען זיבן יאָר?

— ס'הייסט, ווי אַזוי 'על איך אים דינען זיבן יאָר?! — איכ'ל ביי אים פיטערן די שאָף און רינדער.

— אָבער, אביגדורקע! פון וואַנען 'עט דיר דער זיידע נעמען שאָף און רינדער?

טאַקי?! פון וואַנען וועט דער זיידע נעמען שאָף און רינדער?! —

— נאַרעלע! ס'טייטש פון וואַנען? — מ'זאָגט דאָך דיר אַז איך וועל זיי דאַרפן פיטערן זיבן יאָר, מסתמא ט'שוין דער זיידע דאַקאַזשען שאָף און רינ־דער. אַ ברונעם שטייט דאָך אין הויף אַ גרייטער; אַלץ וואָס איך דאַרף טאָן, איז נאָר אַראָפּקייקלען דעם שטיין פון זיין מויל — אויך מיר אַ קונץ! און דאַרפן פיטערן זיבן יאָר, מסתמא ט'שוין דער זיידע דאַקאַזשען שאָף און ריב־

— אַי, טאַקי, אביגדורקע?! נאָך גאַנצע זעקס יאָר?!

— יאָ, הדסל: נאָך גאַנצע זעקס יאָר. בייטאָג ׳עט מיר עסן די טריקע־נעש, און ביינאַכט — די קעלט. נאָר דאגה ניט, הדסל! איכ׳ל מיר דערוויילע אָפּשטעלן פאַר זיך די אַלע געפּינטלטע און געפלעקטע און געריפּלטע, און וועל האָבן מיין אייגנס שאָף, און רינדער, און בעק, און ציגן, און קנעכט, און דינסטן און מוילאייזלען צופיל!

— און וואָס ׳עסטו טאָן מיט דעם אַלעם?

— ס׳הייסט וואָס? — ס׳וועט דאָך עפּעס זיין אַ הונגער אין לאַנד, וועל איך מוזן ציען מיט זיי צום דרום און פאַרבייגן דאָרט מיין געצעלט, ווייל דאָרט ׳עט זיין גענוג פיטער פאַר די פי...

הדסל פאַרטראַכט זיך אַ ווילע.

— אָבער, אביגדורקע! אָט האָסטו דאָך אַקאָרשט־אָ געזאָגט אַז דו ווילסט גאָר זיין א צדיק?!

— וואָס פאַרשטייסטו ניט נאַרעלע? איידער מ׳ווערט אַ צדיק, מוז מען צוערשט פּיטערן שאָף און רינדער; און דערנאָך אַנטפּלעקט זיך גאָט — גאָר ראַפּטאָם! — אין דער זעאונג פון דער נאַכט, ווי, למשל, ביי יעקב אבינו, פאַרשטייסט?

— אָבער דיין נאָמען איז דאָך ניט יעקב אבינו?

— אַז מ׳געפינט לייטזעליגקייט אין גאָטס אויגן, גיט ער צו נאָך אַ נאָמען — אַן אַנדער נאָמען — אַזוי ווי ביי אברהם אבינו און ביי יעקבן, פאַר־שטייסט?... אַז איכ׳ל זיין אַ צדיק——

— אַ שיינער צדיק ׳עסטו טאַקי זיין מיט אַזאַ גיין אין חדר!...

„אַ בת־קול?!״

אין פאַס ווערט מיטאַמאָל פינצטער. דעם זיידנס שפּיץ־באָרד קוקט אַריין אין דעם אַריינגאַנג פון זייער באַהעלטעניש. זיינע לאַנגע, קנאָכיגע פינגער שטרעקן זיך אויס, טאַפּנדיג אין דער לופטן, און פירן זיי ביידן אַרויס אין דער ליכטיגקייט —

— אידן קלייבן זיך שוין באַלד גיין מנחה דאַוונען, און דו ביסט נאָך ניט צוריקגעגאַנגען אין חדר פון וואַרמעס. שעמען מעגסטו זיך, אַזאַ בחור׳ל, קיין עין־הרע, ווי דו!

אביגדורקע קוקט אויפן זיידן פאַרזינדיגט:

— זיך פאַררעדט מיט הדסלען, זיידע... כ׳האָב איר פאַרציילט פון יעקב אבינו...

— איז דאָס א תירוץ ביי דיר אויף ניט גיין אין חדר?!... נו, גיי שוין אין חדר אַריין, גיי! פאַרזאַם זיך ניט מער — אַן עבירה יעדע מינוט... אָט איז אַ קאָפּיקע, ׳עסטו זיך אויפן וועג קויפן סעלצערקע. פאַרגעס אָבער ניט צו מאַכן אַ ברכה! און זאָלסט, למען־השם, ניט קויפן גרינע פּירות, הערסט?!

אביגדורקע לאָזט זיך גיין. הדסל קוקט אים נאָך אַזוי פאַרבענקט, פאַר־איינזאַמט. זי לויפט־צו צו אים און טוט אים אַ פרעג בסוד:

— און וואָס ׳עט זיין מיט דיינע שאָף און רינדער, אביגדורקע, אַז דו גייסט אַוועק?

— אַט קום איך באַלד צוריק, הדסל, ׳על איך איינזאַמלען די טשע־רעדעס...

דער זיידע קוקט אויף זיי און שמייכלט מיט די אויגן.

— נו, גיי שוין לחיים ולשלום! גיי אין חדר, גיי!...

ס׳איז גרינג צו זאָגן „גיי אין חדר", ווען ער ווייסט אז הדסל בלייבט דאָ איבער אַליין, און דער הויף איז אַזוי גרויס, און דער גאָרטן — אַזוי גרין... אַ שאָד וואָס זי איז אַ מיידל און קאָן ניט מיטגיין אין חדר! אַ רחמנות אויף איר...

ניין, עס אַרט אים ניט דאָס גיין אין חדר; עס אַרט אים ניט פאַר זיך; עס טוט אים נאָר באַנג פאַר איר, פאַר הדסלען, וואָס בלייבט דאָ נעביך איי־ניקע אַליין: מיט די מיידלעך האָט זי פיינט זיך צו שפּילן, און די אינגלעך זיינען אַ גאַנצן טאָג אין חדר. אַי, ווען הדסל וואָלט נאָר מיטגעגאַנגען מיט אים אין חדר אריין, וואָלט עס געווען אַזוי גוט! ער וואָלט איר געהאַלטן נעבן זיך, וואָלט געגלעט איר פוכקע הענטעלע, און עס וואָלט זיך גאָר גע־לערנט מיט אַן אַנדער התמדה. דאַמאָלט וואָלט ער זיך ניט געשפּילט מיט די אינגלעך אונטערן טיש בשעתן לערנען...

און ער דערמאָנט זיך אָן דעם ערשטן טאָג וואָס מ׳האָט אים געפירט אין חדר:

אין אַ טלית איינגעוויקלט, האָט אים דער טאַטע אויף די הענט געטראָגן. די מאַמע האָט מיטגעטראָגן הדסלען. און נאָכגעגאַנגען איז דער זיידע מיט דער באָבען. אַלע זיינען געווען אין שבתדיגן אָנגעטאָן. אויפן שולהויף איז רב טעוועלע, דער רב, אויך צוגעשטאַנען. און אַט איז מען שוין געווען אין חדר. אַזויפיל אינגעלעך! אַזויפיל נייע פּנימלעך! אַזויפיל פרישע פּאַהלעך! קיינמאָל האָט ער נאָך אַזויפיל אויף איינמאָל ניט געזען, סיידן שמחת־תורה אין שול... מ׳האָט געטיילט לעקאַך, געטרונקען „לחיים", און באַלד איז ער שוין געזעסן אויבנאָן ביים טיש, נעבן רבין. דער רבי האָט אַראָפּגענומען פון וואַנט אַ באַקלעפּטן טאָוול מיט גרויסע אותיות און האָט גענומען טייטלען איבער דעם מיט א ביינערנע טייטעלע:

— נו, זאָג מיר נאָך, ע——

— אביגדורקע... אביגדורקע... — האָט אים די באָבע אונטערגעזאָגט.

— יאָ, אביגדורקע, מיין איך טאַקי. זאָג, אברהמעלע — כ׳מיין, אביג־דורל... זאָג: דאָס איז אַן א־ל־ף —

— א־לף!... א־לף!... — האָט ער נאָכגעביג נאָכגעזאָגט דעם רבין און׳ט זיך טשיקאַווע פּאַרקוקט אויף דעם גוט־באַקאַנטן אות — א־לף!...

— איר דאַרפט זיך ניט מטריח זיין מיט דעם, רבי — האָט דער זיידע זיך אַריינגעמישט — ער קאָן, אַ דאַנק גאָט, דעם אלף־בית פון דעם ערשטן טאָג־אָן וואָס ער האָט געגומען ריידן. איר נעמט אים ליבערשט אויף דער עברי.

האָט דער רבי גענומען אַ סידור און האָט אויפגעמישט פון אָנהויב.

— אַז ער קאָן, איז דאָך ניט שייך. מ׳זעט טאַקי: קיין עין־הרע, אַ קאָפּ! נו, טאַ זאָג זשע: דאָס וואָס איז?

— אַ מם!... מ־ם!

— אַי, וואויל!... און דער פּאַסעקל פון אונטן — איז שוין דער רבי פאַרגאַנגען אין אַ ניגון — איז אַ פּ־ת־ח!

— א פּ־ת־ח!

— פתח מ־ם? מאַ־אַ! זאַ־אַג!

— מאַ—אַ!... מאַ—אַ!!

— גוט! און דאָס וואָס איז?

— אַ הא!

— אַ שטומער האטלע — אָן אַ נקודה, הא? — ׳עלן מיר אים איבער־היפּן. און דאָס וואָס איז, ווייסטו דאָך מסתמא אויך?

— אַ טית!

— א־מ־ת... אַי, אַ למדן!... אַ טית מיט אַ פּינטעלע פון אויבן, מאַכט טו—י!

— טו—י!... טו—י!... טו—י!!

און פון איבער זיין קאָפּ זיינען געפאַלן פאַר אים אויפן סידור, מאַנדלען מיט ניסלעך מיט צוקערקעס מיט ראָזשינקעס.

— דאָס האָט אַ מלאך דיר אַרונטערגעוואָרפן, מיין זון, כדי דו זאָלסט לערנען מיט חשק... — האָט זיך אָנגערופן צו אים דער טאַטע און האָט אים אַ קוש געטאָן אין שטערן.

און מ׳האָט ווידער גענומען צו ביסלעך משקה. די באָבע האָט געטיילט אייערקיכל מיט טייגלעך, און ביי חברה אינגלעך אַרום איז געווען ששון ושמחה: אינמיטן דער וואָך — ניט קיין קריאת־שמע, ניט קיין ברית — און מ׳טיילט אַזויפיל גוטע־זאַכן, און אַזוינע גרויסע חלקים!... רב טעוועלע האָט אים אַרויפגעלייגט די הענט אויפן קאָפּ און געבענטשט:

— ישימך אלהים כאפרים וכמנשה! טאַטע־מאַמע זאָלן זוכה זיין צו מגדל זיין דיר לתורה ולחופה ולמעשים טובים, אמן!

און דער זיידע האָט צוגעפירט הדסלען צו אים:

— נו, זאָג אים, הדסל־טאָכטערקע, וואָס דו׳סט געזאָגט אַז דו׳סט זאָגן... שעם זיך ניט — זאָג, נו...

האָט הדסל אָנגענומען זיין הענטל, האָט אויפגעהויבן צו אים אירע פאַר־טראַכטע אויגעלעך און האָט אויסגעפּישטשעט אויף איר זיס קולכל:

— זאָל דיר זיין מיט מזל, אביגדורקע! זאָלסט קאָנען לערנען און טאַטע־מאַמע זאָלן פון דיר נחת האָבן!

— אמן! און מיר אַלע — פון אייך ביידינקן!... — האָט פרום צוגע־געבן די מאַמע, און די אונטערשטע ליפּ האָט ביי איר אונטערגעציטערט.

און די באָבע האָט שוין געהאַלטן די פאַטשיילקע צו די אויגן. א מאָדנע זאַך! ווען מ'טיילט לעקאַך, וויינט די באָבע! פאַרוואָס וויינט זי?...

נאָר דאָ איז שוין דער זיידע געשטאַנען איבער אים, האָט אים געגלעט ס'קעפּל און האָט איינגעטענהט אויף זיין שטייגער:

— זע, מיין קינד, זאָלסט חלילה ניט פאַרשעמען די תורה הקדושה. לערן מיט התמדה, הער זיך צו צום רבין, פאָלג טאַטע־מאַמע, 'עט דיר דער רבונו־של־עולם העלפן אונ'סט, אם ירצה השם, אויסוואַקסן אַ צירונג פאַר אונדז אַלעמען... דאָס זיינען לעבעדיגע אותעלעך, אביגדורקע! — הייליגע אותעלעך! דער גאַנצער סוד־הבריאה — דער סוד פון אַלע סודות — ליגט אין זיי פאַרבאָרגן! זיי זיינען געגעבן געוואָרן דורך דונערן און בליצן אויפן באַרג סיני. דער וואָס טראַכט זיך אין זיי אַריין, דער ווערט קלוג, און גאָט און לייט בענטשן זיך מיט אים. פאַרשטייסט, מיין קינד? — אוצרות ליגן אין זיי באַהאַלטן! אז דו'סט זיי זוכן, 'עסטו זיי געפינען... און נאַ, אָט האָסטו דיר ח"י גראָשן און וואַרף זיי אַריין, מיט דיין אייגענער האַנט, אין רב מאיר בעל־הנס־פּושקע... אָט אַזוי! און זאָל דער אויבערשטער געבן אַז מיר זאָלן אַלע זוכה זיין צו טראָגן דיר מתנות צו דער חופּה!...

— און אייך, רבי, — האָט ער אָנגענומען דעם רבין פאַרן קנעפּל פון דער קאַמיזעלקע — איך בעט אייך... איך טרוי אים אָן אינגאַנצן אין אייערע הענט, אויף אייער השגחה. איר ווייסט דאָך: אַ יונג בוימעלע — ווי מ'פּילעוועט עס, אַזוי וואַקסט עס. ער איז אַ מוראדיגער שטיפער, אָבער קיין עין־הרע, אַ וואוילער...

— שייך? מ'זעט דאָך! בלי עין־הרע, אַ מוח פון אַ גאון!... ס'אַרט אייך... אַז איך זאָג אייך, ט'ער נאָך——'עט ער נאָך... אַז וויבאַלד נאָר... ס'אַרט אייך...

און מ'האָט זיך גענומען קלייבן אַוועקצוגיין. הדסלען האָט די באָבע מיטגעפירט מיט זיך. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט עפּעס מאָדנע, פרעמד. ס'האָט אים אַ קלעם געטאָן אונטערן ארבע־כנפות. טרערן האָבן זיך אים גע־שטעלט אין די אויגן. ער האָט פון דערווייטן צוגערופן דער מאַמען.

— וואָס, מיין זון?

— מאַמע, און הדסל?

— וואָס הדסל?

— הדסל, מאַמע — הדסל ט'ניט גיין מיט מיר אין חדר?
— ניין, קינד מיינס; הדסל 'עט גיין מיטן זיידן אַהיים.

און ער האָט געקוקט אויף הדסלען, און הדסל — אויף אים. ער האָט פון אירע אויגעלעך אַרויסגעלייענט: „דו לאָזט מיך אַוועקגיין, אביגדורקע? דו שטעלסט זיך גאָרניט איין פאַר מיר?...״ און ער האָט איר מיט די אויגן געענטפערט: „ווער זיך, הדסל! גיי ניט! איך קאָן אָן דיר ניט—״

— פאַרוואָס קאָן זי ניט בלייבן דאָ, מאַמע?
— ס'איז ניט שיין, אביגדורקע...

ער האָט זיך געווענדט צו דער באָבען:

— באָבע! זאָל הדסל גיין מיט מיר אין חדר. לאָז איר דאָ, באָבע!
— ניין, זונעלע, דו ביסט, מיט גאָטס געגנאָד, אַ מאַנספערשוין: און אייך מאַנסביל האָט גאָט ברוך־הוא מזכה געווען מיט לערנען זיין הייליגע תורה. הדסל, אָבער, איז אַ מיידעלע. זינדיגע ווייבער! אונדז האָט דער וואָס לעבט אייביג געשאָנקען נאָר דריי בידנע מצוהלעך...

און דער זיידע, האַלטנדיג שוין די פינגער אויף דער מזוזה, האָט זיך איבערגעוואונקען מיטן טאַטן. און אַלע זיינען אַוועק. הדסל אויך. זי האָט געקוקט אויף אים און האָט זיך געלאָזט אַוועקפירן ווי אַ שטום שעפעלע. און ער איז געבליבן אַליין, צווישן אַ סך פרעמדע אינגלעך, מיט אַ פרעמדן רבין.

נאָך אַהיימקומענדיג פון חדר, איז ער באַלד אַריינגעלאָפן צום זיידן אין הויז, ט'געכאַפּט אַ סידור מיט גרויסע אותיות און האָט גענומען איינקנעלן מיט הדסלען:

— זעסט הדסל אָט די אוישע[1]? אָן אויסגעקרימט אידעלע, ס'קעפּעלע אויסגעשטרעקט פאַראויס, מיט אַ גרויסן האָרב אויפן פלייצע און ער האַלט זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקעלע — דאָס איז אַ מם.
— און פאַרוואָס האָט ער נעביך אַזאַ גרויסן האָרב, דער מם, אביגדורקע?
— פאַרשטייסט? די תורה מיט אַלע אוישעלעך זיינען געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני דורך דונערן און בליצן, איז דעם מם אַריינגעפאַלן אַ דונער אין פלייצע און ס'איז אים אויסגעוואָקסן אַ האָרב. אַזאַ אוישע איז עס שוין — אָן איינגעהויקערטע... און אָט דער האָעלע — זעסט? — איז געלאָפן און האָט זיך צעבראָכן אַ פיסעלע. איז נעביך געבליבן אַ ווייסטע קאַליקע!

— טאַקי?
— אודאי, נאַרעלע, זעסט ניט?!
— אָבער ווי אַזוי קאָן אַ האָעלע לויפן?
— ס'טייטש ווי אַזוי?! — דאָס זיינען דאָך לעבעדיגע אוישעלעך! דער

---

1. אות.

זיידע האָט עס מיר אַליין געזאָגט. און ער איז אַ שטומער אויך, אָט דער האָעלע... און קוק, הדסל! אָט זיצט אַ קוואַטשקע אויף אייער: זעסט ס׳קעפּעלע? זעסט ס׳עקעלע? זיצט זשיך אַזוי אין ברייטל — דאָס איז א טית. און דאָס־אָ איז אַ שטיבעלע, מיט א דעכעלע פון אויבן, מיט א ווענטעלע פון איין זייט און מיט אַ טרעפּעלע פון הינטן — איז דאָס אַ בית... דער נון איז זשיך אַ ציבעקל, נאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ... און דאָס איז אַ מענטשעלע וואָס פאָרט רייטנדיג אויף אַ פערד, אָבער אין דער אמתן איז עס אַן אלף... און אָט איז נאָך אַמאָל דער שטומער האָעלע — ׳עלן מיר אים איבערהיפּן! און דאָס איז גאָר אַ מאָדנע אוישע, הדסל: אַ נערוויסטער פערדל, וואָס בריקעט מיט די פאָדערשטע פיס, קוים אים איינצוהאַלטן. אַמאָל האַלט ער דעם קאָפּ אין דערהויך, ווי עס באַדאַרף צו זיין; אַמאָל, ווידער, פאַרוואַרפט ער דעם קאָפּ אויף הינטער, ווי אַ גאָנער. אַ טשיקאַווע פערדל, און רופן רופט מען אים למד... דער יודעלע איז זשיך אַ קליין אוישעלע, אַ ניט־דערוואָקסנס, א שרעטעלע — שפרינגט עס אין דער לופטן אַז מ׳זאָל עס זען... און דאָס איז אַ לאַנגער־כף! — אַ לאַנג שטעקל מיט אַ פאָן פון אויבן, ווי די וואָס מ׳טראָגט שמחת־תורה צו הקפות, מער ניט ס׳ליכטעלע פון אויבן פעלט... און אָט איז דער יודעלע נאָכאַמאָל געקומען צושפּרינגען: ער האָט דערזען ווי א מאַמע טראָגט אַן עופעלע אויף דער האַנט און דער עק פון דער פאַטשיילע שלעפט זיך איר נאָך אויף אַ זייט, — לויפט ער עס אָנזאָגן דעם עין, אַז ער׳ט נאָך חלילה פאַלן... דאָס איז אַ בלינדער בעטלער מיט אַ לאַנגען שטעקן אין דער האַנט; מ׳רופט אים קוף.

— אָי, טאַקי?! אַ בלינדער?! אַ רחמנות אויף אים... פאַרוואָס איז ער אַ בלינדער, אביגדורקע?

— פאַרוואָס? ווייל אַזוי האָט אים דער אויבערשטער באַשאַפן; אַניט, פון וואַנען וואָלטן געווען בלינדע אויף דער וועלט?...

— און דאָס וואָס איז פאַר־אַ אוישע?

— וועלכע? אָט די־אָ? דאָס איז זעליק דער משרת ווי ער טראָגט א אינגעלע אויפן פלייצע אין חדר אַריין. ס׳איז אַ צדיק!

— ווער איז אַ צדיק?

— ד אָ ס איז אַ צדיק.

— ס׳אינגעלע, צי זעליק?

— נאַרעלע! ווי אַזוי קאָן ס׳אינגעלע זיין א צדיק, אַז זעליק דער משרת טראָגט אים נאָך אין חדר אַריין?!

— טאָ ווער־זשע — זעליק?

— ניין: די אוישע! ס׳איז געווען אַ פרומע אוישע, האָט עס דער אויבערשטער אָנגערופן צדיק, פאַרשטייסטו?

— אָי, קוק, אביגדורקע! אָי, ס׳אַר אַ שיינע אוישע!

— וואוהין פליסטו ווי אַ ווילדע ציג?! מיר האַלטן דאָך נאָך אַט אַ־דאָ־אָ!... ס'איז אַ כעשיווע אוישע, הדסל — ס'איז אַ פּאַ, זעסט? אַ נגידישער איד, מיט אַ האַסאַבע, מיט אַ באָרד און וואָנטשעס, מיט אַ ציבעק אין מויל און מיט אַ בראַדעווקע אויף דער באַק. זייער אַ כעשיווע אוישע.

— אַי, וואָס אַי' דאָס, אביגדורקע?!

— אפשר 'עסטו אַמאָל קוקן וואו איך טייטל?!... דאָס? — דאָס איז אַ שיפּעלע מיט דריי מענטשעלעך מיט גרויסע קאַפּעליושן, ווי אויף וויסאָצקיס טיי, נאָר מיט אַ קייקעלע פון אויבן. ס'איז אַ שין. און אַט, זעסטו, איז נאָך אַ שיפּעלע — טאַקי דיזעלביגע ווי די פריערדיגע, נאָר זי גייט אויף הינטער. דערפאַר איז עס ניט קיין שין, נאָר אַ סין.

— פון וואַנעט ווייסטו אַז זי גייט אויף הינטער? — זי שטייט דאָך גאָר אויף איין אָרט!

— זעסט ניט?! — די קייקעלע פון אויבן איז אויפן אַנדערן זייט.

— און למאי דאַרף מען האָבן די קייקעלע אויף וויסאָצקיס שיף?

— אַי, ביסטו אַ מאָדנע מיידל, הדסל! אויף אַלץ פרעגסטו קשיות! ס'הייסט, למאי דאַרף מען האָבן די קייקעלע?! אַז די קייקעלע איז דאָ, מסתמא דאַרף מען איר האָבן! וואָרים אַז די קייקעלע וואָלט ניט געווען, וואָלט מען דאָך ניט געוואוסט אויף וועלכער זייט די קייקעלע שטייט — טאָ פון וואַנען וואָלסטו דאַמאָלט געוואוסט אויף וועלכער זייט די שיף גייט?! אַי, דו נאַריש מיידל, דו!... נו, זאָג נאָך, הדסל: סי — ן... סי — ן!...

און ער האָט געטייטלט מיטן פינגערל, און הדסל האָט אים נאָכגעקוקט און האָט נאָכגעזאָגט פונקט ווי אַ אינגל! דער זיידע זאָגט טאַקי אַז זי האָט אַ מאַנסבילשן קאָפּ... און אין מוחל ביי אים האָט געעגבערט אַן אויפהער אַ פאַרוואָס?: פאַרוואָס „ניט שיין"? פאַרוואָס איז זי עפּעס „אַ זינדיגע אידע־נע"? פאַרוואָס האָט דער וואָס לעבט אייביג איר געשאָנקען „נאָר דריי בידנע מצוהלעך"? — פאַרוואָס?! פאַרוואָס?! טאַקי, פ אַ ר ו אָ ס?!...

# 5

## אין די געצעלטן פון שם

פאַר אים, פאַר אַביגדורקען, האָט זיך דאָ אין חדר אַנטפּלעקט אַ נייע וועלט — גאָר אַן אַנדער וועלט — פון וועלכער ער האָט ביים זיידן אין הויף גאָר קיין השגה ניט געהאַט. אמת, אין הויף זיינען אויך געוועןn איינגלעך, און, קיין עין־הרע, אַ סך, און דווקא אין זיין עלטער, און מ׳איז דאָרטן אויך ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט: מ׳האָט געקאָמאַנדעוועט, געשטיפט, איבערגעקערט אַ וועלט. אָבער מיט זיי — מיט די אייגענע — האָט מען זיך געמוזט אויפפירן אַנדערש, מ׳האָט געמוזט ריידן אַנדערש, און ס׳שטיפן אַליין איז עפּעס אויך געוועןn אַנדערש; אַניט, האָט מען דערציילט דעם טאַטן, אָדער גאָר פאַרמסורט פאַרן זיידן. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענין פאַרענטפערונגען — איבעררייִדעניש צווישן פעטערס־מומעס — תרעומתן — מוסר־זאָגן — אַ מעשה אָן אַן עק!... אין חדר, אָבער, איז אַלץ געוועןn אַנדערש — לעבעדיגער, פרייער. און דעם אמתן טעם פון גיין אין חדר, פון זיין אַ חדר־אינגל מיט אינגלעך צוגלייך, האָט ער ערשט דערפילט ביי ר׳ משה־לייבן, דער מלמד פון חומש ביז התחלת־גמרא.

דאָרט, ביי ר׳ שכנאן דעם דרדקי מלמד, האָט מען זיך געפּיעשטשעט, געוועןn צופיל אונטער זעליק דעם משרתס השגחה, און דאָס לערנען אַליין האָט אויך פאַר אביגדורקען קיין טעם ניט געהאַט: ס׳איז געוועןn צו־גרינג, צו־אומעטיג; שטענדיג דיזעלבע עברי, דער אייגענער ניגון, און וואָס מ׳האָט „געבראַקט” האָט ער ניט פאַרשטאַנען. עפּעס מאָדנע ווערטער — אַזוינע צעפלאָכטענע, משופּעדיגע... האָט ר׳ שכנא אים אָפּגעהאַלטן אַ קאַרגן זמן, געשטעלט אים אויף דער עברי און—— ס׳האָט ביי אים אויסגעלאָזט די תורה!

— אַז ס׳איז גאָר קיין אינגל ניט! — האָט ר׳ שכנא אַמאָל געזאָגט צום זיידן — קוועקזילבער! קיפּעטאָק! אַ קאָפּ, בלי עין־הרע — פלאַם־פייער! נאָך איידער מ׳דערזאָגט אים עפּעס, פאַרלויפט ער שוין דעם וועג א תחום־שבת

פּאַראַדיס און—און—און ווייסט שוין!... כ'בין שוין, ברוך השם, אַ מלמד ביי אידן ניט דעם ערשטן זמן — נאָך אַזוינס ניט געזען! למאי זאָל איך לייקענען?
האָט דער זיידע נחת־רוחדיק אַ שמייכל געטאָן:
— נו, געלויבט דער אויבערשטער, אַבי געהאַט אַ פּעולה.
— אַלץ הייסט אַ פּעולה! ווי קליין דאָס איז, קאָן עס שוין, בלי גוזמא, אַ האַלבן דאַווענען אויף אויסנווייניג...
האָט מען ר' שכנאַן באַצאָלט בכבוד־גדול ביז סוף־זמן, אַריינגעשיקט אים אַ געהעריגן שלח־מנות, און מעד אויף פּסח, און ביזן נייעם זמן האָט דער זיידע אַליין מיט אים דערצויגן.
און איינמאָל, שבת־חול־המועד נאָכמיטאָג, איז דער זיידע אַריינגעקומען צום טאַטן אין שטוב צוזאַמען מיט ר' משה־לייבן.
— וועלכער אי' דאָס — אָט־אָ דער? — האָט ר' משה־לייב אַ טייטל געטאָן מיטן גראָבן פינגער גלייך אויף—— לויקן.
— ניין: דוקא דער אַנדערער — דער קלענערער — האָט דער טאַטע מיט אַ שמייכל אָנגעוויזן אויף אביגדורקען.
— אָט־אָ דער אָ?! — האָט ר' משה־לייב אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שאַרפן קוק איבער די שפּאַקולן — נאָך גאָר אַ דרדקי, אַ ברעקעלע, זאָלט איר מיר מוחל זיין. ווי קומט ער צו מיר אין חדר??
— זעט איר, רבי, אויף אייך חידושט מיר שוין: „אַל תסתכל בקנקן!" — האָט זיך דער זיידע אריינגעמישט — אדרבה, פאַרהערט אים — נעמט אים אויפן צימבל — 'עט איר זען, אפשר...
האָט ר' משה־לייב ראַפּטאַם אָן עפן געטאָן אַ חומש, ט'איינגעטייטשט אַ פּסוק וואָרט־ביי־וואָרט, און האָט געהייסן אַביגדורקען איבערזאָגן. און ביז וואָנען־וואָס־וועו, איז שוין אביגדורקע אַרויסגעפּאָרן מיט אַ קשיה, אַז ר' משה־לייב איז געבליבן זיצן פריטשמעליעט. האָט ער אַרויפגערוקט די שפּאַקולן הויך אויפן שטערן, האָט אָפּגעמאָסטן אביגדורקען נאָכאַמאָל פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף, און האָט געקוקט אַמאָל אויפן טאַטן, אַמאָל אויפן זיידן:
— ע? טאַקי אַ כלי, כ'לעבן! וואָס אי' דאָ פאַראַן צו ריידן?... און ווי לאַנג, זאָגט איר, האָט ער געלערנט ביי ר' שכנא דרדקי?... אַ קאַרגן זמן, זאָגט איר? פיש־ש־ש... נו, אויב אַזוי, איז מילא, נו! אז איר באַשטייט, איז „פריניאַט", נו...
האָט מען געשטעלט כיבוד, און אביגדורקע איז אַריין צו ר' משה־לייבן.
און דאָ האָט ער זיך ערשט דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. זיין וועלט! עלטערע איינגלעך — ס'רוב אַנדערהאַלבן מאָל עלטער פון אים — אויסגעוועזן שוין ביי אַלערליי מלמדים, געקאָנט כלע שמד־שטיק, געוואוסט אַלע קונצן; האָבן געקאָנט אָפּטאָן כל־דבר־אסור, קוים האָט מען געשלאָסן בלאָט, איז געווען פּתח־שין — שאַ! אַ האָן האָט ניט געקרעעט. אמת, ביי ר' משה־לייבן, כל־זמן

מ'האָט געלערנט, איז געווען געלערנט; און מ'האָט געמוזט וויסן דאָס לערנען — טאַקי מיט אַ גרונט, מיטן אויסרייד, מיטן צוזינג, מיט אַלע פּיטשעווקעס — אַניט, איז געווען חיות ניט זיכער! ווי אָבער נאָר דער רבי האָט פון זיי אַראָפּגענומען אַן אויג — געווען פאַרנומען מיט דער אַנדער כתה, אָדער „מ'איז דאָך ניט מער ווי אַ לעבעדיגער מענטש" — איז עס געווען זייערע זיבן יאָר! מ'איז געווען פול וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק; מ'האָט איבערגעקערט דעם שולהויף מיטן קאָפּ אַראָפּ.

פון אָנהויב האָבן זיך חברה געהאַלטן מיט אביגדורקען פון דערווייטן: „עפּעס אַ קליינס, אַ „קוציק", אַ נגידס אַ איינגל דערצו, און דער רבי ביאַנטשעט אים אַזוי — קאָן נאָך דערציילן פון חדר..." נאָר ביסלעכווייז האָבן זיי דערקאָנט אָן זיינע ברענענדיגע אויגעלעך, אַז ער איז הפּנים ניט אַזאַ ציטעריגס, ניט אַזאַ „יוסטע", ווי זיי האָבן זיך צוערשט משער געווען. זיי האָבן געזען דעם גרויסן „מיטזשיך" וואָס ער ברענגט אין חדר אַריין, אַז ער האָט תמיד אַ מזומן גראָשן אין בייטעלע, קויפט לאַטקעס און נאַהולניקעס אויף באָרג און גיט צו פאַרזוכן — זיינען זיי געוואָרן מער צוגעלאָזן. און ס'האָט ניט גענומען לאַנג, און זיי האָבן אויסגעפונען אַז ער איז אַן אמתער „יאַט", האָט מען געמאַכט יד־אחת און אַריינגענומען אים אין קאָן.

און אביגדורקע האָט מיטן גאַנצן פייער פון זיין יונגער נשמה זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם נייעם שוואונג פון חדר־לעבן; האָט באַוויזן חברה אַז ער קאָן זיין „אַ גוטער ברודער". אמת, ער איז נעביך אַ גביריש קינד און מוז זיך אָפּט האַלטן ווי אַ סטאַטיק; אָבער דאָס איז נאָר ביים זיידן, פאַרן טאַטן, אָדער שבת אין שול; נאָר דאָ אין חדר איז ער אַ חדר־איינגל מיט אַלעמען גלייך. ווען ס'קומט צו חברשאַפט, וויסט ער ווי צו האַלטן סוד, איז גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער, און — זאָל נאָך די שעה ניט זיין, — ווען מ'דאַרף, קאָן ער „אָפּבראָטן" אַ ליגן בדאי פאַרן רבין אַליין. „נאָך אַלעמען, איז דאָך דער רבי ניט דער זיידע, ניט דער טאַטע..." האָבן חברה באַשיינפּערלעך איינגעזען אַז זיי האָבן זיך מיט אים ניט גענאַרט, אַז מ'קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן, און אַז ער איז ניט קאַרג אויף צו „מאַכן פונדעס" — האָט מען אים „געזאַלבט" פאַרן „מלך". און אביגדורקע האָט שוין געזען אַז זיינע „חיילות" זאָלן איבער אים, חלילה, ניט פאַרשעמט ווערן. ער האָט אָנגעפירט „מלחמות" מיט אַנדערע חדרים; האָט תמיד אויסגעמאַרקירט אָנצופאַלן אויפן „שונא" ווען יענער איז געווען ניט צוגעגרייט צום „קלאַפּ" און האָט געמוזט „אַנטרונען ווערן"; און אַזוי האָט ער „געאַרבעט" איין נצחון נאָכן אַנדערן. זיין מורא איז געפאַלן אויפן גאַנצן שולהויף, און ער האָט „אונטערטעניגט און געמאַכט צו צינז" אַלע קלענערע חדרים. און דער נאָמען און רום פון ר' משה־לייבס חדר איז דורך אים געגרויסט און דערהויבן געוואָרן איבער אַלע חדרים פון שטעטל, ביז אויף יענער זייט טייך.

זיין „שני־למלך" איז געווען יאָשקע „באַיק", און זיין „הויף־מיניסטער" — אברעמעלע „חלום". מיט די צוויי חברים, איז ער געווען איין־גוף־איין־נשמה, כאָטש זיי זיינען געווען איינער דער היפוך פון דעם אַנדערן.

יאָשקע איז געווען א קצבס אַ אינגל, מגושמדיג אין אויסזען, מיט אַ רויטן, קליינן־באַשאָטענעם פּנים און מיט גרויסע, לאַכנדיגע ציין. געזונט איז ער געווען ווי אַ באַיק, און שטענדיק הונגעריג ווי אַ הונט. ער האָט ליב געהאַט צו שלאָגן זיך, צו קיילן, צו ממיתן; האָט זיך תמיד אַרומגעטראָגן מיט אַ האָרן פון אַן אָקס אין קעשענע — „אַ דוקסער."

— דו זאָג מיר נאַר, אביגדורל, אויב אימעצער זאָטשעפּעט דיר, וועל איך זיך שוין מיט יענעם אָפּרעכענען! איכ'ל יענעם די זייטן אונטערהאַקן! דעם לונג־און־לעבער וועל איך אים אָפּזעצן!

און ער האָט דאָס געטאָן אויך. ער האָט זיך שטענדיג אָנגענומען פאַר אביגדורקען, געפּילעוועט אים ווי אַן אייגן ברודערל.

שווימען האָט יאָשקע געקאָנט ווי אַ מזיק. ער האָט געוואוסט אַלע הינ־טערוועגן דורך די גויאישע געסלעך, וואו־אַרום מ'האָט זיך געקאָנט דערקלייבן צום טייך. דאָרט האָט ער אביגדורקען מיט אברעמעלען געלערנט שווימען אויפן פּלייצע, „גיין קלאַפּטער", מאַכן קאָזשלקעס, האַלטן זיך אונטערן וואַסער און כלערליי קונצן.

אַ קאָפּ צום לערנען האָט יאָשקע גראַד געהאַט אַ פאַרשטאָפּטן, אַ צוגע־טעמפּטן; דערפאַר אָבער האָט ער געוואוסט מעשות פון שדים און ניט־גוטע אַן אַ סוף. און דערציילן פלעגט זיי יאָשקע אין אַ דיק, צעצויגן קול, מיט פאַנאַנ־דערגעגלאָצטע אויגן — פון שדימלעך וואָס האָבן זיך פאַרקליבן צו זיי אין שטאַל און פלעכטן צעפּעלעך דעם געלן אָגער, פאַרמאָטערן אים צום טויט; און אויף מאָרגן געפינט מען דעם אָגער אַ פאַרמוטשעטן, נאַס ווי אַ האָן... פון אַ לצלע וואָס זיין פעטער האָט געכאַפּט אין דער יאַטקע, האָט אים געבונדן מיט אַ ציצה און אַרונטערגעכאַפּט ביי אים דאָס קאַפּעליושל; האָט זיך דער לצעלע ביי אים געבעטן און געוויינט אַז ער זאָל אים אָפּגעבן דאָס קאַפּעליושל, און דערפאַר האָט ער אים געגעבן ליים וואָס ווערט גאָלד, און האָט אים אָנפאַר־טרויט אַ שפּרוך וואָס פאַרהיט פון מזיקים... פון אַ גרויסע קאַלב וואָס אידישע קצבים האָבן, צוריקפאַרנדיג באַנאַכט פון אַ יאַריד, געפונען ליגנדיג אַ געבונ־דענע אויפן מיטן וועג; האָבן זיי געפּרוּאווט איר אויפהויבן אויפן וואָגן און ניט געקאָנט; האָבן זיי צוזאַמענגערופן אַ גאַנצן דאָרף גוים און האָבן איר קוים מיט מאַטערניש אַרויפגעלייגט אויפן וואָגן. האָט זי פלוצים דערלאַנגט אַ פייף, האָט זיך צעלאַכט מיט א מענטשישן געלעכטער און איז נעלם געוואָרן אין וואַלד... פון מתים וואָס קומען באַנאַכט אין דער קאַלטער שול און רופן־אויף לעבעדיגע צו עלית־התורה. און אַז אימעצער גייט פאַרביי און הערט ווי מ'רופט אים אויף, טאָר ער ניט אַנטלויפן: ער מוז גיין אויף הינטער, מאַכן

די ברכות קאַפּויר און לייענען די פּרשה פון אונטן אַרויף. און טאָמער גיבן זיי עפּעס, טאָר מען ניט נעמען; און טאָמער בעטן זיי עפּעס, טאָר מען ניט געבן — אַניט, שטאַרבט מען דעמזעלבן חודש... פון אַ שדיכע וואָס זיצט ביים וואַסער און מאָנט־אויף פון טייך אַכטצן נפשות יעדן יאָר... פון אַ דיבוק וואָס איז אַריין אין אַ ציג, און די ציג האָט גענומען זאָגן תורה ווי אַ מענטש און זינגען ווי אַ חזן. האָט מען פון דיבוק אויסגעפונען ווער ער איז: געווען אַ חזן־שוחט אין אַ שטעטל ניט ווייט פון דאַנען, האָט ער אַמאָל, אין אַ בייזער שעה, זיך איבערגעשניטן מיטן חלף דעם האַלדז און האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אָין דער אָזערע... פון אַ גלגול וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ברונעם ביים עירוב און האָט פאַרנאַרט אַהין אַ כלה, וועלכע איז געגאַנגען איינע אַליין אין דער וואָך פון איר חופּה...

געוואוסט האָט יאָשקע אויך אַ סך סגולות. אָט, למשל, ווי אַזוי מ'קאָן געפינען אַן אוצר: אַלץ וואָס מ'דאַרף טאָן, איז כאַפּן אַ שוועלבל וואָס איז געבוירן געוואָרן פּונקט צום מולד, האַלטן עס אין אַ פינצטערן קעלער ביז די לבנה ווערט פול, נאָכדעם אַרויסגיין מיט דעם צום אָרט וואו דער אוצר ליגט פאַרגראָבן, אַוועקשטעלן זיך נעבן אַ ברונעם, אַראָפּדרייען דעם שוועלבל דאָס קעפּעלע און אַריבערוואַרפן עס איבערן ברונעם זיבן מאָל, וועט דער אוצר אַליין אַרויפשווימען. פאַרוואָס דוקא אַ שוועלבל? — ווייל די שוואלבן האָבן געבראַכט פייער צום חורבן־בית־המקדש...

אברעמעלע יונה דעם סופרס, ווידער, איז געווען אַן אויסגעדאַרט אינגל מיט לאַנגע, שפּיציגע פינגער, און האָט פאַרמאָגט זיין אייגנס אַ בלייך פּנימל מיט טיפע, בלויע אויגן און אַ ברייטן, אויסגעווינקלטן שטערן מיט בולטע גרינע אָדערלעך דורכגעשלענגלט. גערעדט האָט ער שטיל, אין אַ דין, זיס קולכל. שטענדיג געווען פאַרטראַכט, פאַרחלומט. וואו־נאָר ער האָט פאַצאַפּעט אַ שטיקל פּאַפּיר אָדער אַ ניט־באַשריבענעם טאָוול, האָט ער עס באַלד באַמאָלט מיט כלערליי צוקן, משונהדיגע קוויטן, קונציג־צוזאַמענגעפלאָכטענע צווייגן און בלעטער, מיט באַפליגלטע, אויסטערלישע חיות און עופות און קונדסדיגע שלאַנגען און עקדישן — איינס איינגעדרייט אינ'ם אַנדערן און אַרויסגעפלאָכטן זיך ערגעץ־אַנדערש־וואו. מ'האָט קיינמאָל ניט געקאָנט דערגיין וואו דאָס געמעלאַכץ הויבט זיך אָן און וואו עס לאָזט זיך אויס. איז ער נאָר פאַרבליבן אַליין מיט זיך, איז באַלד געמאָלן, אָדער געקנאָטן מענטשעלעך און פייגעלעך פון ווייכן ברויט, אָדער גאָר גענומען אַ צווייגעלע פון אַ ווערבע, אויסגעשניצט אַ לעכעלע דאָ, אַ שפּעלטעלע דאָרט, געווייקט עס אין וואַסער, ביז ס'איז געוואָרן אַ פייפיאָל. און פון דעם פייפיאָלכל פלעגט ער אַרויסצאַפּלען דיבינקע, פאַרבענקטע קולות ווי זיין אייגן קולכל. וואָס ער האָט געשפּילט האָט קיינער ניט געוואוסט; ער אַליין אפשר אויך ניט; נאָר עס האָט זיך געגלוסט בשעת־מעשה צו זיצן שטיל און הערן, און זען ווי זיינע אויסגעצאַרטע, זשוואָווע פינ־

גערלעך שפּרינגען־אום פון איין לעכעלע צו דער צווייטער. און ס'האָט גע־
צוקט, געצוקט ביים האַרצן עד כלות־הנפש.

און מעשות האָט אברעמעלע געהאַט אָן אַ שיעור און אָן אַ ערך. נישט
אַזוינע ווי יאַשקע פלעגט דערציילן. אַנדערע. און זייענדיג בטבע אַ שוויגנ־
דיגער, האָט עס לאַנג גענומען ביז מ'האָט זיך ביי אים דערבעטן אַז ער זאָל
דערציילן. דאַמאָלט ערשט פלעגט ער זיך אַ ווײַלינקע פאַרטראַכטן און אָנהויבן
לאַנגזאַם, באַזאַכט, צו ציען איין מעשהלע נאָך דער אַנדערער. און דערציילן
פלעגט ער פון גן־עדן־התחתון, וואו צדיקים גייען אַריין לעבעדיגערהייד; פון
די צפתער מקובלים; פון רבי יוסף די ליה רינא, וועלכער האָט שיעור ניט
אַראָפּגעבראַכט משיחן; פון אַלעקסאַנדער מוקדון, וואָס איז געפאָרן רייטנדיג
אויף אַן אָדלער; פון טייך סמבטיון וואָס וואַרפט פון זיך שטיינער אַ גאַנצע
וואָך, און שבת ברענט אַרום דעם אַ העליש פייער, כדי אונדזעריגע זאָלן זיך
ניט קאָנען אַריבערכאַפּן אויף יענער זייט; פון די רויטע אידעלעך, וועלכע
לעבן אייביג, און ווי גוט זיי לעבט זיך; פון דער מלכת־שבא און שלמה
המלך; פון פאַרכשופטע בת־מלכהס; פון יפת־פיות, האַלב־פיש־האַלב־מענטש,
וועלכע שווימען אום איבערן ים אָקיאַנוס און פאַרנאַרן מיט זייער געזאַנג
גאַנצע אָקרענטן צום פאַרכישופטן אינזל; פון קינדערלעך וואָס שטאַרבן נעביך
פאַר דער צייט און ווערן מלאכימלעך... און קוים האָט ער זיך צערעדט,
פלעגן זיך ביי אים די אויגעלעך צעפלאַמען, די בעקעלעך פלעגן אויפבליען,
און קוקן פלעגט ער ערגעץ ווייט, ווייט, אין אַן אַנדער וועלט אַריין. „אַ פאַר־
חלומטע נשמה!"

כל־זמן דער רבי האָט מיט זיי געלערנט „נייע", פלעגט אביגדורקע זיצן
רואיג און האָט זיך צוגעהערט מיט קאָפּ. ר' משה־לייבס שיינע הסברה, זיין
באַצירן און באַפּליטערן יעדע מעשה פון חומש און פון סוואַרבע, האָט אביג־
דורקען אַזוי מיטגעריסן, אַז ער האָט פאַרגעסן די וואַסער־נימפן, דעם גן־עדן־
התחתון, און די אוצרות וואָס ליגן פאַרגראָבן און מ'קאָן זיי אַזוי לייכט אויפ־
ברענגען. ער איז געזעסן און האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס איז
געפאַלן פון רבינס ליפּן; האָט נאָכגעפאָלגט זיין יעדע תנועהלע, באַנומען
יעדן אויסרייד, ביז ער האָט געקאָנט נאָכמאַכן יעדער עויה, יעדן קנייטשעלע,
מיטן ניגולע, מיט אַלע פּיטשעווקעס. פאַר אים, פאַר אביגדורקען, האָט דאָס
געלערנטע אויפגעלעבט. פאַר אים איז עס ניט געווען אַ סיפּור־המעשה פון עפּעס
וואָס האָט זיך פאַרלאָפן — כ'ווייס ווען? — פאַרצייטן, ערגיץ אין אַ לאַנד וואָס
וואָס האָט געהייסן כנען; נאָר טאַקי אַ זאַך וואָס איז געשען דאָ, אין ד ע ר
שטאָט, ניט לאַנג צוריק. ער האָט געוואוסט די פּלעצער, האָט געקאָנט די
מענטשן מיט וועמען דאָס פאַרציילטע האָט פּאַסירט און האָלט נאָך אין פּאַסירן.
ער האָט זיך מיט זיי געטראָפן אין גאַס, אין בית־המדרש, אין חדר, אין זיידנס

הויף. האָט אַליין באַטראָטן אַ סך פון דערמאָנטע פלעצער כמעט יעדן טאָג פון יאָר —

דער גן־עדן — דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען דעם זיידנס גאָרטן: דער שענסטער גאָרטן אין שטאָט. דער עץ־החיים — „דעם זיידנס בוים": אַ בוים אַ זקן; טראָגט טאַקי קיין פּירות ניט נעביך, אָבער דערפאַר אַ כעשיווער בוים, אַ חכם. דער עץ־הדעת, „וואָס איז גלוסטיג אָנצוקוקן" — דער אַגרעס־בוימל, וועלכער דערלעבט קיינמאָל צייטיג צו ווערן, און וואָס פון זיינע אַגרעס־לעך קריגט מען אַ בויך־ווייטאָג. נח — נאָטע דער קלעזמער, וועלכער איז שוין אויסגעפאָרן אַ וועלט, האָט צוויי מאָל איבערגעשפּאַנט דעם ים, און איז גע־קומען צוריק אַהער צו טרינקען בראַנפן פון מאָנאָפּאָל; ליגט טאָג ווי נאַכט שיכור און האַלט אין איין טענהן, אַז פאָניעס בראַנפן איז פאָרט די בעסטע אין דער גאַנצער וועלט... נחס תיבה — שמעון דעם טעפּערס דרייגאָרנדיגע שיף מיט טעפּ וואָס קאָן נאָר גיין אַראָפּ־וואַסער. תרח — דער אַלטער גוי וואָס זיצט ביים קאָסטשאָל און פאַרקויפט צלמלעך און אַנדערע שוואַרץ־טומאה, אויף וועלכע מ׳טאָר ניט קוקן. אברהם אבינו — דער זיידע ר׳ שלום־יעקב: אַ איד אַ צדיק „און גאָט האָט אים געבענטשט מיט אַלץ". אליעזר, זיין גע־טרייער דינער — ר׳ שעיה דער גאַמן: „נאָך אַזאַ ר׳ שעיהן איז נישט צו געפינען." די מאַמע שרה, וועלכע „האָט געלאַכט ביים אַריינגאַנג פון געצעלט" — די באָבע גיטעלע, פרייטיג פאַרטאָג אין קיך, בעת די חלה גייט איר אויף געראָטן. יצחק — דער אַלטער ר׳ עליע סגי־נהור, וועלכער זיצט אַ גאַנצן טאָג אין בית־המדרש אויפן ליזשאַק און לערנט אויף אויסנווייניג. עפרון החתי — דער פוילישער שליאַכצע מיט די גנבישע אויגעלעך, ביי ווע־מען דער טאַטע האָט אַנומעלטן אָפּגעקויפט אַ שטיק וואַלד און האָט דערנאָך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן... דער מערת־המכפלה — דער גרויסער אוהל איבערן „אַלטן רבינס" קבר, וואו אידן וואַרפן קוויטלעך, צינדן קנייטן, און גויים שטעלן זיך אָפּ אויף יענער זייט גדר און צלמען זיך איבער מיט יראת־הכבוד — „טו ראָווין ליעזשע[1]..." הגר — די אַלטע יאַכימע — די גויע וועלכע האָט אויסגעניאַנטשעט ביי דער באָבן אַלע קינדער און ס׳רוב אייניק־לעך, האָט געזאָגט מיט זיי ברכה, געשריען אויף זיי „גויאַישע קעפּ!" און דער־נאָך, אין טיפן עלטער, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט אין איר „געבורטסלאַנד" — אין דאָרף אַריין — דאָרט צו שטאַרבן. ישמעאל — יאַנעק, דעם דוואָרניקס בייסטרוקל: זיך אויפגעהאָדעוועט צווישן אידן, גערעדט אידיש ווי אַ וואַסער, זיך געשוואָרן „אויף מיינע נאמנות!", און איז דאָך געבליבן אַ גוי, פּרא־אדם... יעקב אבינו — פייסע דער קרומער: אַ איד אַ ירא־שמים און אַ למדן, און אַ מטופל מיט קינדער. די מאַמע רחל, וועלכע איז געשטאָרבן „ווען

---

1. דאָ ליגט דער רבי.

זי האָט זיך געקניט צום געווינען" — הדסלס מאַמע, עליה השלום. אביגדורקע אַליין האָט איר טאַקי ניט געקאָנט, אָבער ער האָט זיך גענוג אָנגעהערט וועגן איר, און הדסל איז דאָך געראָטן אין איר... יוסף הצדיק — משהלע פּרוש: „אַ זיידענער יונגערמאַן", פּאַסט הפסקות, און טראָגט שבת אַן אַטלעסענע בעקעשע. דינה — דעם אַפּטייקערס שיינע ווייבל וואָס פאַרברענגט מיט אָפיצערן ביי זיך אויפן גאַניק. מצרים — די קרדשע געסל. גושן — דער שולהויף. משה רבינו מיט די לוחות — דער רב, רב טעוועלע, ווען ער גייט הגבה און דער הויכער שטערן צעשוויצט זיך ביי אים, אַז ס'איז אים אַזש אין פּנים ניט אַריינצוקוקן. אהרון הכהן — דער חסידישער רבי אין דער ווייסער אַטלעסענער זשופּיצע. מרים הנביאה — שרה־באַשע די גבאיטע, וועלכע קומט אַ ניט־געבעטענע אויף אַלע חתונות, טאַנצט מיט די מחותנתטעס, זינגט „כלה מיר אַלע" און פלעסקעט מיט די הענט — אַ גוואַלד!... דער ים־סוף — דער פּערעסלושטש און די בורטע ביי די מילן. דער בעל־פּעור — „דער נאַקעטער בחור" מיטן פאַרטוכל, וואָס שטייט אין געמויערטן קלויסטערל אין עק שטאָט, ביים וואַסער. גויים צלמען זיך פאַר אים, און אידן שפּייען אויס דריי מאָל „שקץ תשקצנו!"... יתרו — דער אַרכירייַ פון מאָנאַסטיר אינ'ם שכנותדיגן דאָרף, וועלכער איז אַזוי שטאַרק אויפגעטראָגן מיטן זיידן, להבדיל, האַלט זיך פאַר אַ גאַנצן למדן אין לשון־קודש, קאָן זיך גאָרניט אָפּלויבן פון דער „ביבליע מיט די פּראָפּעטן", און האַלט אַן עולם־ומלואו פון אידישע מאכלים און פון פּייסאַכאָווקע... עמלק — די גויאישע פישער וואָס וואוינען ביים טייך און לאָזן ניט אידישע קינדער דורכגיין זייערע הויפלעך, און רייצן אויף זיי אָן די כלבים. די עגלה ערופה — ס'קעלבל וואָס איז אַנומעלטן געבוירן געוואָרן אין הויף, און אין אַ וואָך אַרום איז געקומען ר' זשאַמע דער שוחט און עס געמאַכט „כיק!" — אַן אומשולדיג קעלבעלע נעביך... דוד המלך — לייזער־שמחה, דער אַלטער חזן, וואָס צום זינגען האָט ער שוין קיין קול ניט, נאָר חנוכה שפּילט ער אין שול אויפן פידל זיין „מזמור שיר חנוכת", „הנרות הללו" און „הללויהס". אבנר בן נר — יאָשקע „באַיק". יונתן — אַברעמעלע „חלום". אוריה החתי — זלמן דער דאַמסקער שניידער, וועמענס ווייבל ס'איז אַנטלאָפן מיט אַן אַקציזניק, און די גאַנצע שטאָט האָט „געקאָכט". נתן הנביא — דער סלאָנימער מגיד, „דער בחור", מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד, וועלכער קומט צופאָרן אַ פּאָר מאָל אין יאָר, טרינקט קאַלטן טיי ביי דער דרשה, און גיסט שוועבל און פּעך אויף די נגידים; אַ געמבע! — קאָן מאַכן אַ שטיין אין וואַנט צו וויינען מיט זיינע משלים!... אליהו הנביא — דער משולח פון ארץ־ישראל, וועלכער שטייט־איין ביים זיידן און האַלט אין איין טרייסטן אידן אַז „באַלד קומט משיח"... אחשורוש, דער מלך טפּש — דער איספּראַווניק, ווען ער קומט שמחת־תורה צום זיידן, איז שיכור ווי לוט, און וויל דוקא טראָגן דעם פעטערס איטשעס קאַפּעליוש. המן הרשע — דער גלח פון סאַבאָר, מיטן

גרויסן גילדענעם צלם אויפן האַרצן — אַ צורר! מרדכי — דער רבי ר׳ משה־ לייב: אַ איד מיט אַ געבראָכן געמיט נעביך; האָט איין שטיקל בת־יחידה, איז דאָס אויך פאַרוואָגלט געוואָרן ערגיץ־וואו אין עק וועלט, אין אַפריקע; קאָן ער אָבער איינטענהן!... אסתר המלכה — די מומע ליבע: אי שיין, אי קלוג, אי אַ צנועה, „צו גאָט און צו לייטן!" ושתי — דעם איספּראַווניקס פלוניתטע מיט די בראָדעווקעס אויף דער צוגאָסענער גאָמבע; אַ שיין פּנים האָט זי טאַקי אַנקעגן דער מומע ליבע, להבדיל!...

און דער רבי טייטשט די הייליגע פּסוקים מיט אַזאַ געשמאַקער זאַפטיג־ קייט, מיט אַזאַ וויגיגקייט, מיט אַזאַ ליכטיגער בילדליכקייט. און אביגדורקע האָרכט און כאַפּט־אויף די אויסטערלישע טייטשן מיט דער גאַנצער רייכטקייט פון זייערע פאַרבן און אָפּשאָטענונגען, אַזוי אַז ער קאָן שוין באַלד אַליין נעמען ריידן אויף דעם דאָזיגן טייטש־לשון.

אָבער ווי נאָר דער רבי האָט פאַרענדיגט איינטייטשן דאָס „בייע" און מ׳האָט אָנגעהויבן „איבערזאָגן", פלעגט זיך אביגדורקע באַלד דערפילן ענג, לאַנגווייליג. פלעגט ער אַ טיוכקע טאָן יאָשקען מיטן פוס אונטערן טיש, און יאָשקע פלעגט שוין גלייך איבערגעבן די ידיעה דעם „הויף־מיניסטער" אַז דער „מלך" קלייבט זיך אויף „נקבים גדולים". פלעגן זיך אַלע דריי אַ קוועטש טאָן פאַרן רבין, און כהרף־עין איז מען שוין געווען אויף יענער זייט פאַרקאַן, אויפן אַלטן בית־עלמין.

# 6

## קבֿרות־בלומען

דער אַלטער בית־עלמין מיטן הויכן גראָז, וואו מ׳האָט זיך געקאָנט פאַרשטעקן אַז דער רוח אַליין זאָל ניט געפינען; מיט אַזויפיל פאַרזונקענע מצבות, מיט אַזויפיל איינגעפאַלענע מייערלעך און באַוואַרנטע בוימער, און מיט אַזאַ מחנה ציגן וואָס האָבן זיך דאָרט געפאַשעט — דאָס איז געווען זייער מלוכה, זייער וועלט. דאָרט האָט מען זיך געקאָנט אַנשטיפן ביזן האַלדז, אָפּטאָן וואָס נאָר דאָס האַרץ גלוסט, און ס׳האָט קיין פויגל ניט גע־וואוסט. דאָרט האָט מען זיך געקאָנט פאָרגינען פאָרן רייטנדיג אויף אַ ציג, אָדער גאָר פאַרנאַרן אַ ציג אין אַ מייערל און אויסליידיגן איר די אייטערס; אַראָפּקייקלען זיך „באָקאָם״ איבערן אָפּזייט פון דער גרויסער גרוב; אַרויפ־קלעטערן אויף אַ בוים און אָנרייסן דזשידזשקע־באַרלעך; און אַמאָל, זיך גאָר פאַרקלייבן אין שאָטן פון „פוסטן בוים״, אויסלייגן זיך אויפן ווייכן גראָז — ווער מיטן בויך אַראָפּ, ווער אוסגעצויגן אויפן פלייצע, מיט די אויגן צום טיפן, בלויען הימל — און פאַרקוקן זיך אויף די מוראַזשקעס צווישן גראָז, אויף אַ פויגל־נעסט צווישן די געדיכטע בוימער־צווייגן, און אָפּאָטעמען טיף, פריי.

— נעם אַוועק דיין פוס, יאָשקע! עס קוועטשט מיר אין זייט.

— פון וואַנען האָסטו געדרונגען אַז ס׳איז מיין פוס?

— אַז מיין פוס איז עס ניט, און אברעמעלע ליגט, הער, דאָרטן — טאָ וועמענס פוס איז עס, אויב ניט דיינע?!

— גיי שוין, גיי! ס׳איז אַודאי אַן איינגעזונקענע מצבה. רוק זיך אָפּ, אביגדורל; דו ליגסט אויף אַ קבר. דער מת וועט פאַראיבל האָבן, קאָן עס נאָך בייז טאָן...

רוקט זיך אביגדורקע אָפּ, און צווישן די דריי גייט אַוועק אַ סדרה מתים — קברים — מייערלעך. און דערציילן דערציילט אַמאָל יאָשקע, אַמאָל אברע־מעלע — ווענדליג נאָך דער מעשה נאָך.

— איר זעט, קינדער, אַט יענע מצבה מיטן דעכעלע, האַ? דאָרטן ליגט א חזן מיט צען משוררים. מ'האָט זיי מקבר געווען לעבעדיגערהייד.

— אַי, טאַקי?! פאַרוואָס?

— פאַרשטייסט, ס'איז געווען אַזאַ מעשה: ס'איז דאָ אַמאָל געווען גאָר אַ גרויסער חזן, וואָס האָט מיט אים געקלונגען אַ וועלט. און אַ שיינער איז ער געווען, דער חזן, אַז מ'איז אים געקומען אַנקוקן אויף חידושים. ויהי היום, האָט די דוכסת געפּראַוועט אַ געהויבענעם מאַלצייט און האָט געוואָלט זיך אויס־פיינען פאַר די שרים מיט די גרויסע־לייט, וואָס זי האָט פאַרבעטן צו דעמדאָ־זיגן מאַלצייט. האָט זי געשיקט נאָכן חזן אַז ער זאָל זינגען ביים טיש; ווייל זי האָט געהערט אַז ער איז געווען אַ וואונדער־שבוואונדיירים. איז דער חזן מרוצה געוואָרן, און איז געקומען צו איר אין פּאַלאַץ מיט אַלע משוררים. האָט ער ביי דער סעודה אַזוי געזונגען, אַז אַלע ביים טיש זיינען נשתומם געוואָרן; און זיין קול־נגינה איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די כוסות מיט די געטראַנקען האָבן זיך געהויבן פון טיש. האָבן די שררות מיט די פירשטן גע־לויבט דער דוכסת און איר רייכטונג, און האָבן גערימט דעם חזן און זיין זינגען אין די אויגן פון דער דוכסת. האָט זיך די דוכסת איינגעליבט אין דעם חזן און האָט אים גענומען צוריידן צום שמד. האָט דער חזן אַריינגעטאָן די אויער־לעפּעלעך אין די אויערן און האָט ניט געוואָלט הערן. האָט זי אים צוגעטראָגן אַלטן וויין, האָט דער חזן עס ניט געוואָלט טרינקען; ווייל ער האָט געוואוסט אַז זי וויל אים איינשיכורן. האָט זי פאַר אים געבראַכט געשמאַקע מאכלים, האָט ער פון זיי ניט געוואָלט פאַרזוכן; ווייל ער האָט געוואוסט אַז ס'איז אין דעם געווען אַריינגעטאָן סם. האָט די דוכסת אַן עפּן געטאָן אַ ליופטשיקל, איז פון דאָרט אַרויסגעפלויגן אַ בייזע פליג און האָט אַ ביס געטאָן דעם חזן. האָט ער גלייך אויפן אָרט געקראָגן די שוואַרצע פּינטל, און די משוררים האָבן זיך אַנגענומען פון אים. איז דאָך געווען אַ סכנה אַז דער גאַנצער מקום זאָל, חלילה, אומקומען פון דערדאָזיגער מגפה, האָט די דוכסת באַפוילן אַז מ'זאָל דעם חזן מיט די משוררים באַגראָבן לעבעדיגערהייד. האָט מען אויסגעגראָבן אַ גרויסן קבר, און דער חזן מיט זיינע משוררים זיינען געגאַנגען צום בית־עולם, געוויינט און געזונגען:

היום, היום, היום!
זיך ניט געזעגנט מיט דער היים...

איר ווייסט דעם דאָזיגן זמרל... ס'איז זיינס — דעם חזנס. ער האָט עס געמאַכט אויפן וועג צום בית־עולם. און אַז זיי זיינען געקומען אַהער, אויפן בית־עולם, האָבן זיי פאַרברענט זייערע קליידער, האָבן זיך אָנגעטאָן אין תכריכים און אַליין אַריין אין קבר. דערנאָך האָבן זיי אָפּגעזאָגט קדיש נאָך זיך און „אל מלא רחמים", און אַזוי האָט מען זיי מקבר געווען לעבעדיגערהייד.

אין איין קבר... און ביינאַכט, אַז מ'זאָל צולייגן דעם אויער צו דער מצבה, קאָן מען זיי הערן זינגען אונטער דער ערד; נאָר דעם אויער קאָן מען שוין פון דער מצבה ניט אַוועקנעמען...

— און אָט דאָרט־אָ, אונטער יענעם־אָ בוים, אין דעם גרויסן אוהל — דאָרט ליגט דער אַלטער רב, זכרונו לברכה. אַלע יאָר, אין דעם טאָג פון זיין יאָרצייט, צינדט זיך דאָרט אַליין אָן אַ פייערל און ברענט אַ גאַנצן מעת־לעת. איר זעט, קינדער: אַלע מייערלעך זיינען שוין כמעט צעפאַלן, זיינער אָבער איז נאָך אַלץ גאַנץ... אַ גרויסער צדיק געווען. און פון זיין בוים טאָר מען קיין באַרלעך ניט רייסן. ס'האָט אַנומלט אַ אינגל געוואָגט אַרויפצוקריכן אויפן צדיקס בוים אַנצורייסן באַרלעך, איז אַרויס אַ בת־קול און האָט אויסגערופן: „ווי איז צו די וואָס האָבן ניט געאַרבעט און זיך ניט געמיט, ניט געאַקערט און ניט געזייט, און וואָגן צו הויבן אַ האַנט אויף די פרוכט פון די וואָס רוען אין דער ערד — ווייל זיי שעמען זיך אויפצוהויבן די אויגן צום הימל!" איז דעם אינגלס האַנט געוואָרן שטייף ווי אַ שטעקן, און מ'האָט אים אַראָפּגענומען פון בוים אַ געליימטן אויף אַלע אברים... אַזאַ צדיק איז דאָס! אַזאַ בוים!...

— און ערגיץ־וואו דאָ אויפן בית־עלמין — קיינער ווייסט ניט אַקוראַט דעם אָרט — ליגט אַ גרויסער תנא. אַ גוואַלדיגער בעל־מופת געווען ביים לעבן. און יעדע נאַכט פאַרלאָזט אָט דער תנא זיין קבר און וואַנדערט־אום איבערן בית־עלמין.

— אויף צו ב'אמתן?

— אודאי! ער האָט ביים לעבן אַמאָל איינעם מחיה־מתים געווען, האָט מען זיך אין הימל אויף אים מתרעם געווען, און ער קאָן דערפאַר קיין רו אין זיין קבר ניט געפינען. אַמאָל פלעגט מען אים דאָ זען יעדע נאַכט; נאָכדעם פלעגט ער זיך באַווייזן נאָר סוף־חודש; איצטער זעט מען אים נאָך אויך אַמאָל, אָבער נאָר ווען ס'איז דאָ אַ חולה־מסוכן אין שטאָט, אָדער אַ יולדת וואָס גייט שווער צו קינד. און ס'רוב באַווייזט ער זיך ביים ברונעם, נעבן דער אַלטער טהרה־שטיבל.

— פאַרוואָס עפּעס דוקא ביים ברונעם?

— דערפאַר ווייל אַלע נאַכט, איידער דער ערשטער האָן טוט אַ קרעע, קומען די מתים צו דעמדאָזיגן ברונעם זיך וואַשן די הענט. דערפאַר טאַקי טראָגט זיך פון דעם ברונעם דער ריח פון טויט און מ'טאָר זיין וואַסער ניט טרינקען... אַנומלטן האָט דער ברונעם אויסגעטריקנט, האָבן זיך פון דאָרט געלאָזט הערן קולות און געשרייען. די מתים האָבן זיך געבייזערט און זיינען געקומען קלאַפּן אין די שויבן, און אַ מגפה האָט אויסגעבראָכן אין דער גאַנצער סביבה. איז דער תנא געקומען דעם פרנס־חודש צו חלום און האָט אים אַרויס־געפירט צום ברונעם. האָט מען זיך אַנגעשטויסן וואָס דאָס באַדייט. פון דאַמאָלט־אָן, אַז אַ מגפה ברעכט־אויס, באַווייזט זיך דער תנא ביים ברונעם,

ווייסט מען שוין אַז דאָס וואַסער האָט דאָרט אויסגעטריקנט. פילט מען אָן דעם ברונעם מיט פרישן וואַסער, מען פאַריכט דעם גדר, און די מגפה שטילט זיך תיכף איין...

— און דאָרט, אויף דער זייט גרוב, אונטער דעם מילשטיין, ליגן באַהאַלטן „די קדושים".

— וועלכע קדושים?

— די — פון כמעלניצקי, ימח־שמוס, צייטן.

— און פאַרוואָס שטייט גאָרניט אויסגעקריצט אויפן מילשטיין, ווי אויף אַנדערע מצבות?

— נאָר איינער! צוליב וואָס דאַרף מען אויסקריצן? אַלע ווייסן סיי־ווי ווער „די קדושים" זיינען געווען און וואו זיי ליגן... ס'איז געווען אַזוי: בשעת זיינע חיילות, ימח־שמם, זיינען באַפאַלן די שטאָט, האָבן זיך די ישיבה־לייט מיטן ראש־הישיבה איינגעשלאָסן אין דער אַלטער שול. זיי האָבן אָנגע־טאָן טליתים און קיטלען און האָבן געלערנט און געזאָגט תהילים אַ גאַנצע נאַכט. און ווען די קאָזאַקן האָבן באַלאַגערט די שול און געוואָלט זיך אַריינרייסן אינע־ווייניג, האָבן זיך די ישיבה־לייט זיי אַנטקעגנגעשטעלט מיט חלפים און מיט מעסערס, האָבן אויסגעלייגט פון די חיילות אַ הרג־רב, און ניט דערלאָזט זיי איבערצוטרעטן דעם שוועל פון מקום־קדוש. אָבער לסוף האָבן די חיילות זיך געשטאַרקט און האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער שול, האָבן געפייניגט די ישיבה־לייט מיטן ראש־הישיבה און אויסגעקוילעט זיי ווי די שאָף. און נאָכ־דעם האָבן זיי זיי פאַרברענט צוזאַמען מיט די ספרי־תורות. נאָר אויף איין ספר־תורה האָט דער פייער קיין שליטה ניט געהאַט, איז זי געבליבן גאַנץ. און ווען מ'איז שפּעטער אַריינגעקומען אין שול, האָט זיך געהערט אַ געיאָמער פון אָרון־קודש: „זע, אָ, גאָט, וואָס איז געשען! פרעמדע פעלקער זיינען אין דיין אַרבייטל אַריין, האָבן פאַראומריינינגט דיין הייליגן פּאַלאַץ!... וויי־וויי! זיי האָבן מיינע שוועסטערלעך אומגעבראַכט אין פלאַמען, מיינע ברידערלעך — געקוילעט ווי די שאָף! אַ יתומעלע, אַן עלנטע, בין איך געבליבן!" האָט מען דעם אָרון־קודש אויפגעעפנט און דערזען ווי די ספר־תורה איז באַוואַשט מיט טרערן און דאָס העמדעלע איז איר אין קריעה איינגעריסן... אַ גרויסער צדיק האָט דידאָזיגע ספר־תורה געשריבן אין ארץ־ישראל בקדושה וטהרה, און מ'לייענט איר נאָך עד־היום נאָר צוויי מאָל אין יאָר: שבועות און יום־כפור... און אין שטאָט האָט דאַמאָלט געלעבט אַ שוחט, און געהאַט האָט ער אַ בן־יחיד, מיט וועמען ער אַליין האָט תורה געלערנט. זיינען זיי, ימח־שמם, געקומען צום שוחט און געוואָלט צונעמען זיין זון צום שמד. האָט זיך דער שוחט זיי אַנטקעגנגעשטעלט ווי אַ לייב און האָט ניט געלאָזט. האָבן זיי דעם שוחט די אויגן אויסגעשטאָכן. אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ מיט זיי געראַנגלט און געווערט, און האָט דעם זון זיינעם פון די אָרעמס ניט אָפּגעלאָזט. נאָר אַז

ער האָט געזען אַז זיינע כוחות פאַרלאָזן אים, האָט ער בלינדערהייד דערטאַפּט דעם חלף, האָט געמאַכט אַ ברכה „על השחיטה״, און האָט איבערגעשניטן זיין בן־יחידס האַלדז און נאָכדעם זיך אַליין געקוילעט. האָט מען זייביידן, צו־זאַמען מיט די קדושים פון דער שול און די יריעות פון די פאַרברענטע ספרי־תורות, דאָרט אין איין קבר מקבר געווען...

— שאַ, קינדער! אימעצער וויינט...

— דאָס זיינען די וויבער דאָרט ביים קברל אַרויף... ווייסט וואָס פאַר אַ קברל דאָס איז?

— וואָס פאַר־אַ?

דאָס איז אַ קברל מיט אַ שוואַרצע מצבה מיט בולטע אותיות. מ׳טאָר דאָס געשריפט אויף דעם ניט איבערלייענען, סיידן מ׳זאָגט פריער אָפּ גאַנץ „אהבה רבה״ — אַניט איז אַ סכנה. אין דעמדאָזיגן קברל ליגט ניט קיין מת, נאָר אַש.

— אַש גאָר?! וואָס פאַר־אַ אַש איז עס, וואָס מ׳האָט עס באַהאַלטן אויפן בית־עלמין אין אַ קברל?

— ׳סטו געזען אַביסל?! ווייסטו דאָך טאַקי גאָרניט! דאָרטן האָט מען מקבר געווען די אַש פון די צוויי ברידער, וועלכע האָבן זיך געלאָזט פאַר־ברענגען על קידוש־השם, פאַרשטייסטו שוין?... מ׳האָט אַמאָל, אין אַן ערב־פּסח, געפונען אין עק־שטאָט — ניין! טאַקי אויפן שולהויף — אַ דערהרגעטען שייגעצל. האָט דער כומר, וואָס איז אַליין געווען אַ משומד, אויסגעטראַכט אַן עלילת־דם: אַז די אידן האָבן דעמדאָזיגן שייגעצל געשאָכטן און זיין בלוט פאַרקנאָטן אין די מצה...

— אָבער ס׳איז דאָך אַ ליגן?!

— אודאי איז עס אַ ליגן, דערפאַר טאַקי איז עס אַ בלבול. אָבער אַז דער כומר האָט די גוים איינגערעדט, האָבן זיי געגלויבט זיינע רייד. איז די זאַך דערגאַנגען צום שררה פון מקום. האָט ער חוקר־ודורש געווען און האָט די רוצחים ניט געפונען. און דער כומר האָט דערווייל צוגעשטעלט פאַלשע עדות, און זיי האָבן געשוואָרן, אַז זיי האָבן אַליין געזען ווי צוויי אידן אין טליתים האָבן געקייקלט דעם געממיתטן ילדל אין טשוועקעס. איז דער שררה געוואָרן מלא־חמה און האָט באַפוילן אַרויסצוטרייבן אַלע אידן פון דער סביבה, און זייער האָב־און־גוטס צונעמען; און דעם רב, מיטן פּרנס־חודש, מיט אַלע חשובי־העיר האָט ער געהייסן שמידן אין קייטן און פייניגן זיי מיט כל עינויים קשים, ביז די שולדיגע וועלן זיך מודה זיין. איז דאָך געוואָרן אַ יללה און אַ קלאָג צווישן אַלע אידן. האָבן זיך געפונען אין פּאַלק צוויי ברידער, זייער אײדעלע און גרויסע יראי־שמים, וואָס זייער האַרץ האָט זיי באַוויליגט צו נעמען אויף זיך דעם גאַנצן בלבול, אַבי צו ראַטעווען די גאַנצע עדה. זיינען זיי גע־קומען און האָבן זיך געשטעלט פאַרן שררה און זיינע יועצים, און האָבן גע־

שוואָרן, אַז זיי זיינען די אמתע רוצחים, און זיינען גרייט צו זיין דער הטאת־הקהל. האָט מען די אַלע אַנדערע געפּייניגטע באַפרייט, און די צוויי ברידער האָט מען אַריינגעוואָרפן אין תפיסה און פאַרמשפּט צו פאַרברענען. און אין תפיסה האָט מען געפּייניגט זייערע לייבער מיט הונגער און אַנדערע יסורים. און יעדן פרימאָרגן פלעגט קומען צו זיי דער כומר און מיט גלאַטע רייד גערעדט אויף זייער האַרץ אַז זיי זאָלן זיך אָפּווענדן פון אידישן גאָט, און דורכדעם וועט זייער זינד פאַרגעבן ווערן און זיי וועלן ניצול ווערן פון פאַרברענט ווערן לעבעדיגערהייד. אָבער די ברידערס האַרץ איז געווען גאַנץ מיט זייער גאָט און זיי האָבן ניט גענייגט זייער אויער צום כומרס רייד. און זיי האָבן ניט געגעבן קיין שלאָף צו זייערע אויגן און קיין רו צו זייער קערפּער, און האָבן יומם־ולילה געלערנט און פאַרבראַכט אין תשובה און אין תפילה, אַז השם־יתברך זאָל זיי מוחל זיין די פאַלשע שבועה וואָס זיי האָבן געשוואָרן אין זיין נאָמען. און דעם ערשטן טאָג ראש־השנה אינדערפרי האָבן זיי זיך טובל געווען כדת, האָבן זיך אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער און איינגעהילט אין טליתים און האָבן אָפּגעזאָגט וידוי. און ווען פון די שולן איז אויפגעגאַנגען דער קול שופר, האָט מען זיי געבונדענע געבראַכט אויפן מיטן מאַרק. דאָרט האָט מען פון זייערטוועגן אויפגעשטעלט אַ שייטער־הויפן. ווידער איז דער כומר געקומען צו זיי און האָט געפּרואווט זיי צוריידן צום שמד. אָבער זיי האָבן ביידע אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל און געמאַכט די ברכה „מקדש שמו ברבים”. דערנאָך האָבן זיי ביידע, ווי איין מאַן, אויסגעשריען: „רבונו־של־עולם! זאָל באַוויליגט ווערן פאַר דיר אונדזער קרבן ווי אַן עולה־תמימה פאַר כלל־ישראל!” און מיט אַ „שמע” אויף די ליפּן האָבן זיי זיך געוואָרפן אין פייער, און זייערע נשמות זיינען מיט די פלאַמען אויפגעגאַנגען אין הימל. איז אַרויס אַ בת־קול פון הימל און האָט אויסגערופן: „וואויל איז צו אייך וואָס איר זענט זוכה געווען דערצו!”... און יעדן ראש־השנה, צו תשליך, ווער עס האָט די זכיה, קאָן זיי זען שטיין אויף יענער זייט טייך אין די מלבושים אין וועלכע זיי זיינען געגאַנגען צו דער עקדה...

און אביגדורקע הערט און הערט. זיינע אויגעלעך צעעפענען זיך ברייט און ליכטיג. און ער זעט באַשיינפּערלעך די מוטיגע ישיבה־לייט אין זייער געפּעכט מיט די חיילות; ער פאַרנעמט דאָס געוויין פון דער פאַריתומטער ספר־תורהלע; ער זעט דעם בלינדן שוחט אין זיין געראַנגל מיט די צעבושעוועטע קאָזאַקן; זעט ווי מ׳פירט די צוויי געפּייניגטע צו זייער טויט, און די הייליגע רואיגקייט וואָס איז אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער, ווען זיי ווערן געוואָרפן אין די פלאַמען און באַהעפטן זיך מיט דער שכינה. און זיין קינדישע נשמה ווערט דורכגענומען מיט אַ טיפן רחמנות: פאַרוואָס האָט דאָס געמוזט אַזוי געשען? פאַרוואָס האָט דער רבונו־של־עולם ניט געטאָן אַ נס און זיי זאָלן ניצול ווערן? און פאַרוואָס —— אָבער דאָס וועט שוין דער זיידע פאַר אים

קלאָר מאַכן. ער וועט פאַר אים אָט די אַלע מעשהלעך פאַנאַנדערקלייבן, ארומ־
ריידן און באַפליטערן, און עס וועט ווערן מער פאַרשטענדיג. און זיין יונג
האַרץ גרויסט זיך און איז שטאָלץ מיט די גבורים; איז שטאָלץ מיט דעם וואָס
זיי ליגן דאָ, אין זיין שטאָט, און וואָס זיין חדר איז אַזוי נאָנט צום בית־עלמין.
און עס גייט אויף אין אים אַ ליכטיגער בטחון, אַז ווען ער וועט אויפוואַקסן,
וועט ער זיך פלייסן צו זיין ווי די אַלע — אויב דער אויבערשטער וועט אים
נאָר אויסדערוויילן דערצו...

# 7

## מיט דער מחנה פון ישראל

ווען דער רבי פלעגט אַוועקגיין אויף אַ ברית אָדער צו אַ לויה, און האָט געלאָזט דעם חדר „אויף איבערחזרן״, פלעגן זיך חברה אײַנציגווײַז אַרויסרוקן אויפן שולהויף אָדער אויפן הינטער־הויפל, און האָבן זיך צעשטיפט מיטן גאַנצן אימפּעט. און אַז מ׳האָט זיך שוין אָנגעשפּילט ביז די גילן און „מלך־דאָקטער־גוי״, אין „לאַדעשקעס״, „פּעטש״, „שלח לך אנשים״ און „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע״ — פלעגט אַביגדורקע אַ קאָמאַנדעווע טאָן צו די חברה:

— קומט, קינדער, מיר׳ן זיך גאָר שפּילן אין עפּעס פון חומש צי פון סוואַרבע!

פון חומש צי פון סוואַרבע האָבן געהייסן אַזעלכע שפּילן ווי „יוסף מיט די ברידער״, „עקדת יצחק״, „דוד המלך און גלית הפלשתי״, „חנה מיט די זיבן קינדער״, און נאָך אַזוינע פאַרשטעלענישן.

דערהערן חברה אַז מ׳גייט זיך פאַרשטעלן, ווערן זיי אויפסניי אויפגעלעבט, פאַרגעסן אינגאַנצן אָן זייערע „מסחרים״ — אָן די פלעשלעך סאָק, און די יונישע קנעפּ, און קונצנברעטלעך, און מעסערלעך, און שפּאַקטיוועס און קייטעלעך פון פּאַטשערקעס — און וואַרפן זיך אַריין מיט לייב־און־לעבן אין קאָן. אַרום אַביגדורקען ווערט באַלד אַ רעדל. חברה שפּאַרן זיך איינער איבערן אַנדערן. זיי ווייסן אַז „דער מזיק״ טויג זיך גראָד אויס אויף אַזעלכע שטיק. „אַ נגידס אַ אינגל, און שבת אין שול קאָן דאָס, דאַכט זיך, קיין צוויי ניט ציילן; און ווי ס׳קומט דאָ, אין חדר אויפן הויף, אָדער ערגיץ־אַנדערש ווייט פון דערהיים, קאָן דאָס אַלע קונצן, אַלע שמד־שטיק, אַזוינע טשיקאַווע זמרלעך און לידעלעך און נאָכמאַכענישן! אַ שד איז דאָס, ניט קיין אינגל! אַן אמתער קאָמעדיאַנטשיק! פון וואַנען, דאַכט זיך, קומט עס צו אים? האָט ער עס טאַקי אַלץ אַליין פאַרטראַכט? אָדער האָט ער עס ערגיץ־וואו געהערט, געזען?

ווער ווייסט?! דער קאָפּ איז גוט: איין מאָל עפּעס געהערט, און ער כאַפּט עס באַלד אויף מיט אַלע ברעקעלעך, מיט אַלע תגן; קאָן עס באַלד נאָכמאַכן מיט אַלע תנועהלעך, מיט אַלע פּליטערלעך — זאָל עס פעלן אַ האָר! און אפשר זיצט גאָר אין אים אַמאָל אַ גלגול פון אַ בדחן, אָדער פון אַ פּורים־שפּי־לער..."

און אביגדורקע שטייט שוין אינמיטן הויף אַ צעפלאַמטער, אַ צעקאָכטער — זיין וועלט! די אויגעלעך צעשטראַלן זיך, דאָס פּנימל ברענט, ער יאָגט, ער טרייבט, ער שמאַיעט. אַ קליינינקייט? — אויסמושטירן צוויי מחנות אין מלחמה אַריין! שיקט ער איינעם אַהער, איינעם אַהין. חברה ציטערן פאַר זיין בליק, פליען פייל־פון־בויגן. אַט ברענגען זיי צושלעפּן צוויי לאַנ־גע בענק פון חדר, און רייסן זיך שיעור די קישקעס אויס טראָגנדיק. איין באַנק שטעלט אביגדורקע אַוועק אויף איין זייט הויף, די צווייטע — אויפן אַנ־דערן זייט: דאָס וועלן זיין די „מעטעס" — די גרעניצן — צווישן די מחנות, און אין מיטן — „דער טאָל". ער טיילט פאַנאַנדער די אינגלעך, האַלב אויף איין זייט באַנק, האַלב אויפן אַנדערן זייט: „די מחנה פון ישראל" און „די לאַגערן פון די פלישתים". אויבנאָן שטעלט ער אַוועק דעם רבינס טאַבאַרעטקע מיט דער שעפּסענער פעלכל — דער „קעניגלעכער טראָן" פאַר שאול המלך. און איצט הויבט זיך אָן דאָס פאַרשטעלעניש:

צוערשט טוען זיך די פלישתים אויס זייערע ארבע־כנפותן, בייטן זיך מיט די היטלען, פאַרדרייען די דאַשעקעס אויף הינטער און נעמען בעזימער און שטעקנס אין די הענט — כלי־זיין. די בני־ישראל בייטן זיך אויך מיט די מלבושים, אָבער די ארבע־כנפותן טראָגן זיי אויבן־אויף; ווער מיט אַ רייף אין דער האַנט, ווער מיט אַ קאַנטשיק — „אַז פאַרשטעלן זיך, זאָל זיין פאַר־שטעלט!"

גלית הפלישתי איז יאַשקע. אים פּוצט אביגדורקע אַליין אויס: פאַצאַפּעט ערגיץ אַן אַלטע שינדל, טוט אַ שניץ מיטן מעסערל אַהער, אַהין, און ס'ווערט אַ שווערד, — אַ ברייטע, אַ „פאַרצייטיגע"; נעמט דעם סקאַרמוטש, אין וועלכן ער האָט געבראַכט דעם „מיטוזשיך", פאַרדרייט עס מיט אַ שפּיץ פון אויבן און זעצט עס אַרויף אויף יאַשקעס פלאַטשיגן קאָפּ — דאָס איז די קופּערנע היטל. ער פאַרגאַרטלט אים מיט וואָס עס קומט אים צו דער האַנט, און שטעקט אים אַריין אַן אַלטע בלעכענע פענדל אין דער לאַפּע — דער פאַנציר. און דער פלישתישער העלד איז גרייט צום שטרייט.

דודל איז אברעמעלע. קליין איז ער במילא, הייסט אים אביגדורקע נאָך אויסצוטאָן, במחילה, די פּליודערן, בלייבט ער שטיין אין איין העמדל, מיט די דינינקע באָרוויסע פיסעלעך — אַ נעביכקע. דאָס ציצה־כנפותל פאַרדרייט ער אים אויף אַ זייט, מעשה־טאָרבעלע; שפּאַלט־אָן אַ שטעקעלע אין דערמיט,

ווערט עס אַ וואָרפער! און ער איז פאַרטיג צו גיין אין געפעכט פאַר די בני־ישראל.

שאול המלך איז מוליע דער לאַנגער — אַ אינגל אַ דראָנג. פוצט אים אביגדורקע אויס מיט פּאַליעטן און מיט אַ קוקאַרדע, באַהענגט אים ווי לאַנג ער איז מיט יונישע קנעפּ, און באַקרוינט זיין קאָפּ מיט אַ פּאַפּירענע קרוין. אַ רויט אין דער האַנט גיט ער אים אַן אמתע, פון אַ בעזים, און באַזעצט אים אויפן קעניגלעכן טראָן, פון ביידע זייטן טראָן שטעלט ער אַוועק צוויי יועצים מיט שינדלען אין די הענט — די שומרי־הסף — און מ׳גייט־צו צום שפּיל.

— געדענקט, חברה: ניט געשריען! אַז איכ׳ל אייך הייסן זינגען — זינגט! — אָבער כדבעי, אויף צום אמתן! איך האָב אייך שוין געזאָגט וואָס...

און חברה פאָלגן אים און — צעשרייען זיך אויף קולי־קולות, דרייען מיט די פּיסקעס, גלאָצן מיט די אויגן, קוים צו דערכאַפּן אַ וואָרט. צעקוויטשעט זיך אויף זיי אביגדורקע:

— יונים וואָס איר זייט! אַט אַזוי זינגט מען פאַר א מלכות?! אויב איר ווילט ניט פאָלגן, דאַרף מען ניט! איז אויס פאַרשטעלן זיך!... האַ?... נו, טאָ זינגט פון אָנהויב!

דאָס מאָל גייט שוין דאָס זינגען צו בעסער, געשפּאַנטער. חברה פלייסן זיך צו זינגען „אויף צום אמתן" אויף זייערע יונגע, הילכיגע קולכלעך:

דער מלך זאָל אויף אייביג לעבן!
גאָט זאָל אים גענאַדע געבן!
טראַ־ראַ־ראַ!
יחי המלך!!

— נו, גלית — יאַשקע, מיין איך! — טוט אביגדורקע אַ קאָמאַנדעווע — קום אַרויס!

לויפט יאַשקע אַרויס פון זיין באַהעלטעניש אונטערן באַנק, טוט זיך אַ שטעל אַוועק אינמיטן טאָל, צעשפּרייט זיינע בערישע פיס, גיט אַ פאָכע מיט דער שינדל־שווערד, מיט זיין גאַנצער יוכע, און ברומט אַרויס אויף זיין דיקן קול:

איך בין גלית, דער גרעסטענער העלד!
פאַר מיר טוט ציטערן די גאַנצענע וועלט!

און אביגדורקע לויפט־צו צו דער מחנה פון די בני־ישראל און שטופּט פון דאָרט אַרויס אברעמעלען. שטעלט ער זיך אַוועק ווי אַ נעביכקע און פּישטשעט אויס:

אָי, מיינע ליבסטע ברידער!
וואָס איז דאָ פאַר אַ האַרמידער?!

ענטפערן אים די בני־ישראל מיט אביגדורקען בראש:

זעסט ניט דעם העלד
וואָס שטייט אויפן פעלד?!

קוקט זיך אברעמעלע אום און דערזעט פאַר זיך יאָשקע־גליתן, ווערט ער אַ פאַרציטערטער און בלייבט אָן לשון.

— נאַרעלע, שפּאַט־אָפּ פון אים! — דערמוטיגט אים אביגדורקע — ער איז אַ רשע!

דערמאָנט זיך אברעמעלע וואָס ער האָט צו טאָן, טוט ער מיט ביטול אַ מאַך מיט דער הענטל, און גיט זיך אַ דריי אויף אַ זייט:

פיש—ש—ש! אויך מיר אַ סחורה!
וואָס האָט איר פאַר אים מורא? —
האָט ער ווען געלערנט תורה?
אויך מיר אַ העלד!
כ'וועל באַלד זיין פלייש אָפּגעבן
צו די פייגעלעך פון פעלד...

צינדט זיך שוין אין יאָשקען אָן די קצבישע רציחה, און ער טוט זיך אַ לאָז צו אברעמעלען און שיסט־אויס:

צי בין איך אַ הונט,
וואָס דו קומסט צו מיר מיט שטיינער?!
איך האָב אין זיך
פערדישע ביינער!

אַך יודקע, דו יודקע,
גיי אַוועק פון מיר!
איך גיב דיר אַ פלעם,
פאַרפליסטו צום טיר!

בלייבט אברעמעלע אָן אַ נשמה: ער ווייסט ניט צי איז דאָס יאָשקע, צי טאַקי גלית?

אביגדורקע שמעלצט זיך פאַר נחת:

— גוט! וואָס שווייגסטו, וואָס? טו תפילה!

טוט אברעמעלע אַ גלאָץ די אויגעלעך און צעזינגט זיך ווי ביים חזן:

אָי, אַלמאַכטיגער באַשעפער,
זע און קוק אַראָפּ!
זע ווי דער רשע גלית
שפּאָט פון אונדז אידן אָפּ!

שלאָגט אים אביגדורקע איבער:

— ניט אַזוי, נאַרעלע! אז מ׳טוט תפילה, דאַרף מען וויינען — מ׳דאַרף וויינען־און־זינגען. ער וויל דאָך דיר הרגענען, דער רשע! אַז מ׳טוט תפילה, באַדאַרף מען אויפהויבן די הענט און די אויגן צום אַלמאַכטיגן, צום הימל־צו... אָט אַזוי... פאַרשטאַנען?

פאַרשטייט שוין אברעמעלע און טוט אים נאָך: פאַררייסט די הענטלעך און די אויגעלעך צום הימל, פאַרקרימט די דינע ליפּעלעך און זינגט:

אָי, אַלמאַכטיגער באַשעפער,
אָי, האָב אויף אונדז רחמנות!
זע ווי דיין קליין דודל
שטייט אין גרויס סכנות!...

און אברעמעלע זינגט מיט הארץ, מיט תחנונים. זיין זיס, בוימלדיג קולכל ציקלט זיך ווי אום ימים־נוראים, בשעת ער זינגט „מי יחיה״; ציטערט־אונטער, און קנייטשט זיך און בעט. און זיינע אויגעלעך ווערן נאַס, און זיינע ליפּעלעך קרימען זיך, שפּיצן זיך, בעטן רחמים... שטייען חברה אַרום פאַר־גאַפט: דאָס געזאַנג ציט ביים האַרצן, קיצלט־אונטער אין נאָז, און אברעמע־לעס זינגען איז אַזוי זאַפטיג, אַזוי מחיהדיג־„טראָווריג״.

אביגדור שלינגט אים איין מיט די אויגן — „אָט דאָס איז אַ דודל! אָט אַזוי זינגט מען תפילה! ...״ און דאָ דערזעט ער מיטאַמאָל יאָשקען: ער שטייט אַנטקעגן אים מיט זיינע אויסגעגלאָצטע קעלבערנע אויגן, די קופּערנע היטל פאַררוקט אויף דער פאַטיליצע; ווער פאַנציר? וואָס פאַנציר? — די פאָן ליגט שוין לאַנג אויף דער ערד, די שווערד פאַרשטעקט צווישן די פיס, די אונטערשטע ליפּ הענגט אים פליישיג אַרונטער; שטייט און ווישט זיך די אויגן מיטן קולאַק. שפּרינגט אביגדורקע אונטער צו אים:

— וואָס שטייסטו ווי אַ ליימענער גולם?! קום אַרויס מיט לשון! ביסט דאָך עפּעס גלית הפלישתי! יאָשקע — אָקס איינער!...

טוט זיך יאָשקע אַ כאַפּ ניט־טויט־ניט־לעבעדיג, ווי אַ דונער וואָלט אים פריטשמעליעט. ער טוט זיך אַ ריס צו אברעמעלען — שוין אָן אַ „שווערד״ און אָן אַ „פאַנציר״, נאָר מיט די הוילע קולאַקעס. ער וועט אים דורס זיין, דעם וועוורעק! ער בלייבט אָבער שטיין אין מיטן:

— וואָס דאַרף איך זאָגן אביגדורל?

— „אַך יודקע, דו יודקע״.
— אָ, יאָ!...
און יאַשקע טוט אַ טופּע מיטן פוס און אַ שטויס פאַראויס מיטן קאָפּ:

אַך יודקע, דו יודקע,
גיי אַוועק פון מיינע אויגן!
איך וועל דיר דאָ באַלד
אין דר׳ערד אַריינלייגן!...

אַך יודקע, דו——

— אָט אַזוי חזרט איר דאָס?! אַז ניט געדאַכט זאָלט איר ניט ווערן! וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרשטעלעניש אויף שונאימס קעפּ?!... אין חדר אַריין, — שקצים!...

אָי, דער רבי!... פון וואַנען האָט ער זיך אַהער גענומען?! ווי קומט ער אַהער, ווען דודל און די בני־ישראל שטייען אין אַזאַ סכנה?! נאָר מ׳טאָר צופיל איבערטראַכטן: ס׳איז מלחמה... מישן זיך דערווייל די פלישתים אויס מיט די בני־ישראל; מ׳פאַרגעסט גאָר אַז ס׳זיינען דאָ בענק — גרעניצן: גלית וואַרפט אויף גיך אַראָפּ די קופּערנע היטל, און שאול המלך — די קרוין; דודל אוספּעט קוים צו פאַרכאַפּן זיינע תחתונימלעך; און מ׳כאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און „מ׳ווערט אַנטרונען״.

אביגדורקע אָבער רירט זיך ניט פון אָרט און קוקט זיך אום פאַרוואונדערט: וואָס איז דאָס פאַר אַ סומאַטאָכע?! וואוהין לויפן זיי?! מ׳דאַרף דאָך נאָך דעהרגענען גליתן!... אָט אַזוי פאַרהאַלטן זיך גבורים פון סוואַרבע?... נאָר מיטאַמאָל וואַקסט פאַר אים אויס ר׳ משה־לייב, כלומרשט בייז, אָבער די ברעמען זיינע שמייכלען־צו. פאַרפאַלן! אריינגעפאַלן! אַנטלויפן — דאָס ניט! שטייט ער, אביגדורקע, און קוקט ר׳ משה־לייבן גלייך אין די אויגן אַריין. ער ווייסט, אַז מזיקן וועט אים דער רבי ניט. ער איז ניט קיין גזלן, ר׳ משה־לייב. וועט ער אים אויסמוסרן! נאָך אַלעמען איז דאָך עס „אַ אידישע זאַך״...

— הייסט עס, אַז דו ביסט עס טאַקע דער גאַנצער רעדלפירער? דיין מעשי־ידי, האַ? שיין! שיין! פּאַסט טאַקי פאַר דיר אַפּצוטאָן אַזוינע מעשים, ע? ר׳ שלום־יעקב דייכעסעס אַן איינקל זאָל אָנפירן אַזוינע שטיק!... דער זיידע דיינער האָט זיך סך־הכל קוים איינגעבעטן אַז איך זאָל אַריינגעמען אַזאַ עכברושל ווי דו צו מיר אין חדר — לסוף, פירסטו גאָר די גרויסע פאַרן נאָז! דערהרגעסט דאָך מיר דעם חדר, דערהרגעסטו מיר! אַן אַקטיאָרשטשיק וועסטו גאָר ווערן, האַ?!

אביגדורקע נעמט פון אים די אויגן ניט אַרונטער:

— ס'איז פון סוואַרבע, רבי...

— סוואַרבע — מאַרבע! וואָס פאַררעדסטו מיר די ציין, וואָס?! לערנען דאַרף מען, דו שקאָץ איינער! לערנען — אָט וואָס! — ניט באַלעווען זיך אין טריאַטערס... וואַרט, איכ'ל אָקאָרשט פאַרציילן דעם זיידן דיינעם, וועסטו שוין וויסן וואָס פאַרשטעלעניש איז! גאָ דיר גאָר אַ נייע זאַך — פאַרשטעלן זיך גאָר!... אַ, דו, דו, דו — דו קונדס, דו!...

און ר' משה־לייב קאָן פאָרט ניט באַשטיין דעם נסיון און גיט אביגדורקען אַ קניפּ אין בעקל.

און באַלד איז מען שוין ווידער געזעסן ביים טיש, ווי גאָרניט געווען, און ווידער „און אַז אַ מאַן וועט איבעררײדן אַ בתולה"; נאָכאַמאָל „און אויב אַ פרידאָפּפער וועט זיין זיין קרבן"; און אָבער „און די אידן האָבן ווידער־שפּעניגט און געפּעלשט אַ פּעלשונג"...

# 8

## בײַם זוניקן ברעג

פרייטיג אָדער ראש־חודש נאָכן האַלבן טאָג — ווען מ'איז געווען פריי פון חדר און קיין „מלחמות" מיט אַנדערע חדרים האָט מען ניט געדאַרפט האַלטן — פלעגט „די טראָיקע", באַלד נאָכן מעביר־סדרה זיין, אויפֿשנעל דורכשפּאַנען די קדרשע געסל, און איבערן שטעגן און פּלייטן, וועלכע זיינען נאָר געווען אַנטפּלעקט פאַר יאָשקען, זיך אַוועקגעלאָזט היגטערן שטאָט. מיט דער דאַמבע איז מען דערגאַנגען ביזן לוך, און פון דאָרט האָט מען זיך פאַמעלעכקע דערשלעפּט אַזש אַהין, וואו דער טייך שלענגלט זיך אַריין אין קאַזיאַנעם וואַלד.

דאָרט איז שטיל און גרין און זוניג. פון איין זייט שאָטנט דער אַלטער וואַלד מיט זיינע הויכע באַיאָרנטע בוימער, און גיסט פון זיך מיטן זאַפטיגן ריח פון סאָסנע און פרישן פעך. אַנטקעגן־איבער שפּרייטן זיך רחבותדיג די טאָטערשע גערטנער: לאַנגע, אויסגעקרימטע בייטן פון טונקל־גרינע קרייטעכצן, סאַמעט־רויטן קרויט, און פון געלע, בייכיגע קירבעסן. הינטער זיי, איבערן שליאַך, ציען זיך ווייט, ווייט אַוועק לאַנקעס און פעלדער — געלאַטעט און באַפאַרבט מיט כלערליי פאַרבן: זאַנגען פון גינגאָלד, פון קופּערוויטער קינישינע, פון זייד־ווייכן, שטיפעריש־וויגנדיגן היי, און פון קאַלטגעוואָטע קוסטן פון סוף־זומערדיגן קאַרטאָפל — איינגעפּאָסט, און דורכגעפלאָכטן און אויסגעלעקאַכט איינע אין די אַנדערע ווי דער „שפּיגל־פּרוכת" אין אַלטן בית־המדרש. און אין מיטן שניידט זיך דורך דער טייך ווי אַ זילבער־בלויע טאַשמע, קלאָר און דורכזיכטיג ווי קרישטאָל, און פליסט פרום און באַשיידן, קוים וואָס ער באַרירט דעם זוים פון ברעג. ווייט הינטער זיי ליגט די שטאָט איינגעשלאָסן אין אַ צוים פון בוימער און סעדער; און פון איבער דער גרינקייט קוקן־אַרויס די מעשענע קופּאָלן פון סאָבאָר, דער אויסגעדאַרטער טורעם פון פּוילישן קאָסטשאָל און דער שפּיץ־בוידעם פון דער קאַלטער שול.

חברה דערפילן זיך האָפּערדיג, לחלוטין פריי. און שפּרינגען־אונטער פּאַר פריידי. ביי אברעמעלען צעבלישטשען זיך די אויגעלעך. די גרינגע אָדער־לעך אויף זיין שטערן ווערן בולטער און בלויער. ער ווייסט גאָרניט אויף וואָס פריער צו קוקן. ווען ער קומט נאָר אַרויס הינטערן שטאָט, ווערט ער גאָר אַן אַנדער איינגל; גאָרניט צו דערקאָנען אים! אָט דער שטילינקער, תמיד־פאַר־טראַכטער אברעמעלע קוליעט זיך דאָ, און וואַרפט זיך, און גייט אויף די הענט, און פייפט ווי אַ שייגעץ און מאַכט־נאָך ווי פויגל זינגען. און ער קוקט ווידער אויף אַלץ ארום, און קאָן זיך גאָרניט אָנזעטיגן. ווי ס'וואָלט ווער אַ נייע נשמה אין אים אַריינגעזעצט... און נאָך איידער מ'דערגייט צו די קוסטעס, איז שוין אברעמעלע אַן אויסגעטאָנענער און — פליאָסק! — אין וואַסער אַריין! חברה טוען אים נאָך. מ'שווימט אַרויף־וואַסער, און אַראָפּ־וואַסער לאָזט מען זיך אויפן פּלייצע. דאָס קילע וואַסער קיצלט אונטער די פּאַכוועס, און אַ לויטערער הימל שמייכלט־אַראָפּ פון אויבן צו די נאַקעטע ווייסע־חברהניקעס.

— אָי, קינדער ס'אַ מחיה! — צעקוויטשעט זיך אברעמעלע, טובלט זיך אונטער און איז באַלד ווידער אין קאָן.

טרייסלט מען זיך אָפּ אויפן ברעג, און ביז וואַנען מ'ווערט טרוקן, שטיי־ערט מען זיך אין וואַרפן שטיינדלעך איבערן וואַסער, אָדער מ'לאָזט זיך צווישן קוסטעס קלייבן ניסלעך און מאַלינעס. מ'נישטערט, מ'זוכט. אַמאָל שלאָגט מען זיך אָן אויף אַ פויגל־נעסט מיט קליינע פייגעלעך, ווערט אַ שמחה ביזן הימל.

און אביגדורקע איז פאַרטאָן אין זוכן מיט לייב־און־לעבן. וואָס ער זוכט, וואָס ער וויל געפינען, ווייסט ער אַליין ניט; נאָר אַז מ'איז אין די קוסטעס, דאַרף מען זוכן. שטויסט ער זיך אַזוי אָן, נעבן די זומפּן ביי דער אָזערע, אויף אַ מאָדנער קווייט: אַ ווייסינקע אַזאַ, אַ פּוכיגע, אינעווייניג ווי אַ צעריבענע געלכל פון אַן איי, מיט ברייטע, שפּיצכיגע בלעטעלעך ווי אַ רביעית־בעכערל, און אַ מאָדנע חיהלע קריכט אויף דעם אום. אברעמעלע ווייסט אודאי וואָס דאָס איז פאַר אַ קוויט. ער פאַרשטייט זיך אויף בלימעלעך, קאָן אָנרופן כלע חיהלעךביים נאָמען. רופט ער אים:

— אברעמעלע! אברעמעלע! גיכער, ווּעסט עפּעס זען!

אברעמעלע ענטפערט ניט, נאָר יאָשקע וואַקסט־אויס ביי זיין זייט —

— אָט־אַ־דאָס־אָ? — דאָס איז משה רבינוס פּאַנטעפעלעך. ס'וואַקסט נאָר ביים וואַסער. און די חיהלע איז משיחס פערדעלע. ס'איז אי אַ חיהלע, אי אַ פערדעלע, אי ס'פליט...

— פון וואַנען ווייסטו?

— אברעמעלע ט'מיר געזאָגט.

— און אַוואו איז ער?

— ווער?

— אברעמעלע. כ'האָב אים גערופן, האָט ער ניט געענטפערט. אפשר האָט ער פאַרבלאָנדזשעט?

— אָט ליגט ער דאָרט, „דער חלום!"

— אָוואו זעסטו אים?

— אָנאָ־אָ... ביים עק־וואַלד...

לויפט אביגדורקע צו צו אים, שטראַלט פאַר פרייד:

— אַי, אברעמעלע! כ'האָב אָקאָרשט געזען משיחס פערדעלע מיט משה רבינוס פאָנטעפּעלעך! אַי, ווי שיין!

— ש־ש־ש־ש! רייד ניט. — שלאָגט אים אברעמעלע איבער פאַרחלומט — הער זיך ליבערשט צו ווי דער וואַלד זאָגט שירה.

הער זיך אביגדורקע צו: יאָ, דער וואַלד רוישט; דאַכט זיך אַז ער רעדט עפּעס, נאָר קיין ווערטער איז ניט צו פאַרנעמען...

— מיינסט עס אויף צו ב'אמתן?

— וואָס?

— אָט דאָס — אַז דער וואַלד זאָגט שירה...

— אודאי, נאַרעלע. ס'שטייט אַזוי געשריבן אין די קבלה־ספרים... אַלץ, אביגדורל, זאָגט שירה; אַלץ אין דער וועלט גיט אַ שבח־והודאה צום בורא — דער וואַלד, די גראָז, דער טייך, די פייגעלעך — איטלעכער אויף זיין לשון. אינדערפרי, ווען די זון גייט־אויף, זאָגן די פייגעלעך ברכה מיטן נייעם טאָג; און פאַרנאַכט, ווען די זון גייט־אונטער, לייענען זיי קריאת־שמע פאַר דער גאַנצער וועלט...

זיצט מען שטיל און מ'האָרכט. אין דער טיף פון וואַלד הערט זיך דאָס רופן פון אַ קוקאַווקע. איבערן טייך שיפט זיך דורך אַ פישער־שיפל און פאַרשווינדט אינ'ם הויכן אַאיר. הויך איבער זייערע קעפּ טראָגט זיך דורך אַ טשאַטע פייגעלעך — „אַ חתונקע" — און פאַרפליט צוויטשענדיג. אברעמעלע הייבט־אָן אויף זיין שטייגער, פאַרקלערטערהייד:

— טרעפט, קינדער, וואָס אַשטייגער איך וואָלט געוואָלט זיין?

קוקט אביגדורקע אויף זיין אויסגעמאָגערטן גופעלע און טרעפט:

— אַ שמשון הגבור!

— ניין, ניט דאָס.

פאַרטראַכט זיך אביגדורקע און פלייסט זיך נאָכאַמאָל:

— אַ בעל־שם!

— צוויי מאָל ניין.

— איך ווייס וואָס! — רופט זיך אָן יאָשקע — אַ מיליאָנטשיק! אַז מ'איז אַ מיליאָנטשיק, קאָן מען טאָן וואָס מ'וויל...

— ווייסט איר ביידע ניט... — זאָגט אברעמעלע און פאַרקוקט זיך

בשעת־מעשה אויף די הויכע בוימער, וואָס וויגן זיך און סודען זיך פּרום — וואָס איך וואָלט באמת געוואָלט זיין, איז אַ פייגעלע.

— אַ פייגעלע גאָר?!

— יאָ, אַ פייגעלע. אַ פייגעלע איז גוט: שטענדיג אויף דער פריי; וויל זי, איז זי דאָ; אַניט, הויבט זי זיך אויף און פליט אַוועק ערגיץ ווייט, ווייט...

— קלייב זיך בעסער אויס אַן אַנדער זאַך, אברעמעלע — פאַלט אים יאַשקע אַריין אין די רייד — אַ פייגעלע לעבט ניט לאַנג.

— נאָר איינער! ווער האָט דיר געזאָגט אַז כ'מוז דוקא זיין אַ פּראָסטע פייגעלע? אַט קאָן איך דאָך אַשטייגער זיין אַ זינג־פייגעלע, אָדער אפשר גאָר אַן אָדלער, און אַן אָדלער לעבט אייביג. איין מאָל אין הונדערט יאָר הויבט ער זיך אויף אַ י ב ע ר דער זון און ברענט זיך אָפּ די פעדערן, און קומט אַראָפּ צוריק יונג אויפסניי...

הערט אביגדורקע און אַ טיפער רחמנות־געפיל פאַרקלעמט זיין הערצל: ווי אַזוי וועט זיך עס דער קליינינקער אברעמעלע אַוועקלאָזן, אייגינקער אַליין, אַזוי ווייט? ווי אַזוי וועט ער זיך עס דערשלעפן, אַלע הונדערט יאָר, אַזש אי־בער דער זון און זיך אָפּסמאַליען די פעדערן? וואָס וועט ער טאָן אָן אים? זאָל ער בעסער בלייבן דאָ, מיט טאַטע־מאַמע. ניין! מ'דאַרף אים ניט לאָזן ווערן אַ פייגעלע; מ'דאַרף אים אָפּריידן...

— אָבער, אברעמעלע, אַ פייגעלע איז דאָך תמיד אין סכנות: אימעצער קאָן איר נאָך פאַרכאַפּן אין אַ נעץ, אָדער בייזע פריצים קאָנען איר גאָר אַמאָל דערשיסן...

— נאַרעלע וואָס דו ביסט! ס'איז דאָך נאָר די זינדיגע פייגעלעך — די וואָס זאָגן ניט קיין שירה און וואָס וועקן ניט דעם וואַלד לעבודת־הבורא — די שטראָפט דער אויבערשטער און זיי ווערן געפאַנגען אָדער געטראָפן פון אַ קויל... און פון וואַנען, ווידער, איז עס געדרונגען אַז כ'מוז זיך דוקא אויפ־האַלטן אַרום אַ ישוב, וואו ס'לויערט די שלעכטס? איך וואָלט מיר טיף אין וואַלד אויסגעבויט מיין נעסט אויף אַ שפּיץ בוים, ווייט פון מענטשנס אויג. און קערנדלעך אין די פעלדער זיינען דאָ אַ סך; וואָלט איך מיר אַוועקגעלאָזט צווישן די זאַנגען, אויפגעכאַפּט וואָס גאָט שיקט־צו און וואָלט אים געזונגען אַ שבח. און שיין איז דאָ אַרום אין זומער... און איידער עס שטעלט זיך דער ווינטער, אַרום סוכות־צייט, הויב איך מיך אויף און פלי אַוועק ווייט, ווייט, איבער ימים, איבער מדבריות, אין די וואַרעמע לענדער אַריין...

— און פון וואַנען וועסטו וויסן דעם וועג?

— וואָס הייסט פון וואַנען?! — יעדע שטומע באַשעפעניש ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין, און פאַר אַ פייגעלע זיינען באַוואוסט אַלע וועגן. פלי איך

מיר אַזוי איבער די הרי־חושך, איבערן ים־הגדול, און לאָז זיך אַראָפּ, אַשטייגער, אין — ארץ־ישראל.

— אָבער קיין ארץ־ישראל קאָן מען דאָך אַזוי אויך דערפאָרן, טאָ נאָכסאָל דאַרפסטו ווערן אַ פייגעלע?

— ניין, אביגדורקע: זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, האָט זיך ארץ־ישראל פון אונדז אָפּגעטאָן. מיט זיבן טויערן איז זי פאַרריגלט, מיט זיבן שלעסער איז זי פאַרשלאָסן און מיט זיבן זיגלען איז זי פאַרזיגלט. מ׳ווייסט דעם אָרט וואו זי איז געשטאַנען, אָבער דערגרייכן אַהין קאָן מען ניט. וואָס נענטער מ׳דערנענטערט זיך צו איר, אַלץ ווייטער דערווייטערט זי זיך. אַ פויגל, אָבער, איז אַנדערש: פאַר אים שטייען אָפן די טויערן פון דער וועלט...

— אָט איז ביי מיין זיידן איינגעשטאַנען אַ משולח פון ארץ־ישראל — ווי אַזוי ווייסט ער דעם וועג אַהינצו?

— אַ משולח, אביגדורקע, איז עפּעס אַנדערש: ער קומט אין אַ מצוה־זאַך: ער איז געשיקט פון גאָט; אַניט, פון וואַנען וואָלטן אידן גענומען אתרוגים און לולבים אויף יום־טוב, און ארץ־ישראל־ערד אויף אין קבר מיטצונעמען?... און גוט איז דאָרט אין ארץ־ישראל, און אייביגער זומער באַוואוינט איר. אין די דאָרטיגע וועלדער וואַקסן לולבים מיט אתרוגים, און ווען די הדסים צעבליען זיך, איז דער ריח אַזוי שטאַרק־זיס, אַז אַן אונדזעריגער פאַלט באַלד אין חלשות פון מתיקות. פון אונטער יעדן שטיין פליסט דאָרט מילך און האָניג, און חמישה־עשר־פירות זיינען דאָרטן דאָ אַזויפיל, אַז באַר ציגן עסן זיי. און פרום זיינען דאָרט אַלע און גאָטספאָרכטיג. אויסגעטאָן פון גאָר דער וועלט און פון דאגות, זיצן זיי יומם־ולילה און זיינען זיך עוסק אין תורה און אין תפילה...

און אברעמעלע דערציילט און דערציילט — פון די חמי־טבריה, וואָס מ׳קאָן אין זיי, אין איין רגע, אָפּקאָכן אַ שטייפע איי; פון כותל־מערבי און פון בת־קול וואָס ווייִנט־אַרויס פון באַרג חורב; פון דעם מערת־המכפלה און פון דעם טערקישן מלכות, וועמענס דימענטענער שווערד איז אַהין אַריינגעפאַלן; האָט ער אַראָפּגעשיקט נאָך דעם זיינע שרים, האָט קיינער פון זיי זיך ניט צוריקגעקערט לעבעדיגערהייד. איז ער געקומען צו די חכמי־חברון אַז זיי זאָלן זיך פאַר אים איינשטעלן; האָבן די חכמי־חברון מתפלל געווען, איז צו זיי דערשינען אברהם אבינו און האָט צוריקגעבראַכט דעם מלכותעס שווערד... פון די קוואַלן, וואָס אַז מ׳טרינקט פון זייער וואַסער, ווערט מען קלוג; פון הר נבו און משה רבינוס קבר, וואָס אַמאָל זעט מען אים אונטערן באַרג, און אַמאָל — פון אויבן; פון דער שטאָט צפת, און פון האר״י הקדוש, און פון משיחן, וואָס זיצט ביים טויער פון רוים (אויך אין ארץ־ישראל) געשמידט אין קייטן און בינדט־אויף זיינע וואונדן פאַר יעדן דורכגייער... און

די בעמען און די פלעצער זיינען אביגדורקען אזוי באקאנט, אזוי באליבט. און עס טויכט־אויף אין אים א בענקשאפט, א באגער מיטצופליען אהין מיט אברעמעלען. ביים טאטן וואלט ער שוין אפשר, ווי ס'איז, געפועלט; אבער הדסל — וואס וועט ער טאן מיט איר? אויף ווען וועט ער איר איבער־לאזן? זי וועט בענקען נאך אים — שטארק בענקען. ווען ער גייט אוועק, בענקט זי. אצינד מוז אודאי אויך בענקען... —

און ער דערפילט זיך מיטאמאל שולדיג קעגן הדסלען: מילא, אלע טעג פון א גאנץ וואך — פארפאלן! מ'מוז נעביך גיין אין חדר; אבער איצט, פריי־טיג, אז ער איז שוין יא פריי? ווען הדסל ווייסט וואו ער איז אצינד! — אז ער איז גאר אוועק באלעוועט אין וואלד — אז ער האט כמעט ווי פארגעסן אז ס'איז דא א הדסל אויף דער וועלט... און זי שטייט אודאי איצט ביים טויערל און וואַרט, און קוקט אירע שיינע אויגעלעך אויס אויף אים — אויפן לאבוס — וואס האט איר אזוי האלט...

— קומט, קינדער, אהיים. ס'איז שוין שפעט. דער זיידע וועט זיך בייזערן...

טוען זיך חברה א הויב־אויף גלייך נאך אים, מ'כאפט נאך אויפן וועג א פאר מאל א קוליע „ראזאם", און מ'לאזט זיך בחפזון אין שטאט אריין.

# 9

## טראַפּנס טוי

אוּן דער טאָג שטייט נאָך אין זיין פולער ליכטיקייט, אַן ערב־שבתדיגער, אַ פרייער. ווי אַ שמעטערלינג, פון דער זוניגקייט אַרויס, לויפט אים אַנטקעגן הדסל, אַ פריידיגע, אַ שיינענדיגע:

— אַי, אביגדורקע! וואו ביסטו געווען די גאַנצע צייט?!

— זיך פאַרזאַמט, הדסל... האָב איך אָבער דערפאַר פאַר דיר מעשות!

— און איך האָב זיך שוין געשראָקן.

— וואָס האָסטו זיך געשראָקן, דו נאַריש מיידל, דו?

— גאָרניט. כ׳ווייס אַליין ניט וואָס. כ׳האָב מורא געהאַט טאָמער זיינען גזלנים דיר באַפאַלן און האָבן דיר אַוועקגעפירט ערגיץ אויף אַ פאַרכישופטן אינזל, אַזוי ווי אין די מעשות...

— אַי, נאַרעלע וואָס דו ביסט! גזלנים באַפאַלן נאָר אַ מענטשן ביינאַכט, און דאָס — אַז מ׳גייט אַליין און אַן אַ גלאָק... אָבער קום, לאָמיר גיין. ס׳אַ שאָד יעדע רגע. כ׳האָב דיר א סך, א סך צו פאַרציילן...

און באַלד זיינען זיי שוין ביידע געזעסן פאַרשטעקט הינטער די אַגרעס־בוימלעך. אַרום זיי — אַ שפּילעוודיגע גרינקייט. הדסלס הענטעלע איז אַזוי גלאַט, אַזוי קיל, אירע אויגעלעך — אַזוי קלוג און לויטער. גוט אַזוי צו זיצן, זיין אַזוי נאָענט צו איר. נאָר ער און זי אין אַ „טורעם" פון בוימער איינגע־שלאָסן. ס׳איז אַזוי גוט אַריינצוקוקן אין אירע אויגעלעך, הערן איר שטיפע־ריש, קלינגענדיג געלעכטערל, און ווען זי פאַרטראַכט זיך — —

— ווייסט, הדסל? אחוץ אונדזער שטאָט זיינען דאָ נאָך שטעט, און אחוץ אונדזער מדינה זיינען דאָ נאָך מדינות, און אחוץ דער וועלט איז דאָ נאָך אַ וועלט.

— אודאי, ווער סיידן ווייסט עס ניט? — יענע וועלט!

— א ח ו ץ יענער וועלט, הדסל, איז דאָ נאָך אן אַנדער וועלט — אַ וועלט אונטער דר׳ערד.

— וואָס'אַר אַ וועלט איז עס, אביגדורקע?

— מ'זאָגט דאָך דיר: אַ וועלט אונטער דר'ערד. ימעריקע רופט מען זי!

— אַזאַ נאָמען. די ערד איז דאָרט פון אויבן, און דער הימל פון אונטן. און די מענטשן גייען דאָרטן מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אַ פאַרקער־טע וועלט, פאַרשטייסט?

— און דו גלויבסט עס טאַקי?

— אַז כ'וואָלט ניט געגלויבט, וואָלט איך דיר דאָך ניט פאַרציילט. אַז איך פאַרצייל דיר, מסתמא איז עס אַזוי...

— דו מיינסט עס אויף קאַטאָוועס, אביגדורקע! ווי קאָן דאָס זיין אַ וועלט אונטער דר'ערד?

— אָט זעסט דאָך!... אַשטייגער, למשל, ווען דו נעמסט אַ שטיין און וואַרפסט אים אַריין אין ברונעם, וואוהין פאַלט דער שטיין אַריין? דער ברונעם האָט דאָך ניט קיין אָפּגרונט, טאָ וואוהין פאַלט ער אַראָפּ, דער שטיין? איז דער תירוץ: אַז דער שטיין פאַלט און פאַלט, ביז ער פאַלט־אַרויס אַהינצו — אין דער וועלט אונטער דר'ערד! איצטער פאַרשטייסטו שוין?... און ביי יענע מענטשן — אין דער וועלט אונטער דר'ערד — קומט אויס אַז מיר גייען גאָר קאַפּויר. ווען ביי אונדז איז טאָג, איז ביי זיי נאַכט, און ווען ביי זיי קלייבט מען זיך ערשט גיין שלאָפן, שטייט שוין דער זיידע אויף צו גיין אין שול אַריין דאַוונען. און דאָרט, הדסל, איז די ערד פון גאָלע גאָלד! טרעף פאַרוואָס?

— טאַקי, פאַרוואָס?

— דערפאַר ווייל אין דר'ערד ליגן פאַרגראָבן אַלע אוצרות פון ששת־ימי־בראשית־אָן. אַז מ'גראָבט אָן אוצר, פאַרגראָבט זיך דער אוצר אַלץ טיפער און טיפער אין דר'ערד. גראָבט זיך דער אוצר אַזוי לאַנג איין, ביז ער גראָבט זיך במילא אויס אויף יענער זייט ערד און צעשיט זיך. קומען די דאָרטיגע מענטשן און זשעברעווען־אָן גאַנצע זשמעניעס מיט גאָלד און גינגאָלד, מיט זילבער, און ברילִיאַנטן און דימענטן, און אונדזער גאָלד לאָזן זיי איבער אויף דער גאַס. און דערפאַר טאַקי זיינען דאָרטן אַלע גבירים, מיליאָנטשיקעס! ווי־נאָר איינער קומט אַהין צופאָרן, כאַפּט ער גלייך אַ שעפּעלע און פּילט עס אָן מיט אוצר־גאָלד, און ווערט באַלד אַ גביר־עצום. אָבער צוריקקומען אַהער קאָן שוין יענער קיינמאָל ניט...

— אָבער אַז ס'איז אונטער דר'ערד, טאָ ווי־אַזוי דערפאָרן מענטשן אַהינצו?

צעלאָזט זיך שוין אביגדורקע אויף ר' משה־לייבס דרך פון הסברה:

— זעסטו, אָט אַזוי, אַז דו פרעגסט ווי אַ קלוגע מיידעלע, וועל איך דיר געבן צו פאַרשטיין: למשל, אַז איינער פון דאַנען וויל אַוועקגיין קיין 'מעריקע — וואָס טוט ער? קודם־כל נעמט ער אַ שיפל — אַ פּראָסטע שיפל — און

לאָזט זיך אויף דער שיפל אַראָפּ־וואַסער, ביז ער קומט צו אַן אָרט, וואו דער טייך פאַלט אַריין אין ים. דאָרטן גייט ער אַרויס פון שיפל און גייט אין באָד אַריין —

— פאַרוואָס עפּעס אין באָד אַריין, אביגדורקע?

— פאַרוואָס? דערפאַר ווייל דער ים שפּייט־אויס אַלע אומריינע זאַכן... נאָכדעם זעצט זיך דער מענטש אַרויף אויף אַ ים־שיף וואָס גייט אויף מעסערס —

— אויף מעסער גאָר?! פאַרוואָס עפּעס אויף מעסערס, האַ?

— דערפאַר ווייל טאָמער קומט־אָן אַ ים־פיש און וויל די שיף איינשלינגען, טוען איר די מעסערס צעשניידן... פאָרט מען אָפּ אויף דערדאָזיגער שיף דרייסיג טעג מיט דרייסיג נעכט, ביז מ'קומט צום מיטן ים. שטעלט זיך די שיף אָפּ, און דעם מענטשן בינדט מען אַרום און מ'באַהענגט אים מיט שווערע שטיינער, און אײדער מ'וואַרפט אים אַריין אין ים אַריין, פאַרלייגט ער די פינגער אויף די אויגן און אויף די אויערן, ווי בשעת טובלען זיך, און קומט אַרויס אויף יענער זייט — אין דער וועלט אונטער דר'ערד — אין 'מערי־קע!... נאָר איין זאַך, הדסל, איז דאָרטן זייער ניט גוט: ניטאָ דאָרטן קיין לוח; ווייסט מען ניט ווען ס'איז שבת, ווען ס'פאַלט־אויס ראש־חודש. מוזן נעביך אידן דאָרטן האַלטן די גויאישע שבתים און חגאות...

און אביגדורקע דערציילט איר פון בת־מלכהס און פאַרכישופטע אינזלען; פון מענטשן וואָס זיינען געוואָרן בוימער; פון גראָזן, וואָס אויב מ'עסט זיי, לעבט מען אייביג; פון גלעזערנע בערג און גינגאָלדענע פאַלאַצן. און הדסל הערט, און פאַרטראַכט זיך, און רוקט זיך צו אַלץ נעענטער צו אים, ביז איר קעפּעלע לאָזט זיך אַראָפּ אויף זיין אַקסל. אוןביידע שוועבן זיי אַוועק אין דער העלער ליכטיגקייט, ווייט, ווייט, אין וועלטן אַנדערע אַריין, און וועלטן פאַר־חלומטע — ביז עס דערהערט זיך איבערן גאָרטן דער באָבעס קול:

— הדסל! הדסל! וואו ביסטו, מיין קינד?!... ה־ד־ס־ל!...

— אָט־אָ בין איך, באָבע!

— וואו האָסטו זיך עס אויסבאַהאַלטן, צו אַלדי גוטע יאָר?! האָסט דאָך נאָך פון אָנבייסן־אָן גאָרניט געהאַט אין מויל, דו שייטשיכע, דו! ס'הערצעלע מוז דיר שוין אודאי חלשן, טאַכטערקע...

— זי האָט זיך געשפּילט מיט מיר, באָבע; — שטעלט זיך אביגדורקע איין פאַר איר — איך האָב——

— אַ, דו — דו — דו שטיפער איינער! — שלאָגט אים די באָבע איבער מיט כלומרשטן כעס — ווידער איר מסתמא אָנגעדערציילט דיינע באַיקעס, אַז ס'קינד זאָל נאָכדעם אַ גאַנצע נאַכט ריידן פון שלאָף! אַז קרעפּלעך זאָלסטו עסן — אַזאַ לאָבוס!... נו, קומט שוין, קומט, וועל איך אייך כאָטש געבן אַבי־סעלע פלוימען־צימעס — עפּעס... מ'קלאָפּט דאָך שוין באַלד אין שול אַריין...

דער הויף איז שוין פאַרראַמט. די טיר פון קאַנטאָר איז שוין פאַרהאַקט אויפן פּרענט. אין שטוב איז שוין שבתדיג. דער זיידע איז שוין צוריקגעקומען פון מרחץ און האָט אומגעשפרייזט אַן אויסגעצוואָגענער, אין דער שניי־ווייסער, אויסגעסינקעווטער העמד, אין דער סאַמעטענער קאַמיזעלקע. אַ שבתדיגער. דערזעען אביגדוקען, טוט ער זיך לפּנים אַ בייזער.

— אַ, דו שקאָץ! זיך נאָך ניט אָנגעטאָן שבתדיג?! ס'איז דאָך שוין באַלד צייט צו גיין מקבל־שבת זיין!... נו, נעם דעם סידור, וועלן מיר זאָגן שיר־השירים.

די באָבע, נאָך ערב־שבתדיג־פאַרהאַוועט, אין אונטעריאַקל און ספּאָדניצע, טראָגט אַריין פון קיך דעם צוגעברוינטן מערן־צימעס. ס'טוט אַ שלאָג מיט ריח־ניחוח איבערן הויז. קוקט דער זיידע אויף דער באָבען, קוקט אין סידור, צעשאָקלט זיך און צעציקלט זיך און זאָגט מיט דבקות, זאָגט מיט פרייד:

— הנך יפה רעיתי... הנך יפה... עיניך יונים...

אביגדורקע זאָגט אים נאָך מיטן טראָפּ.

און הדסל שטייט ביים טיש, אַנטקעגן אים, קוקט אויף אים און קוקט, און ער פאַרנעמט איר אויגן־שפראַך: „אַ גאַנצע וואָך, אין חדר; איין מאָל אין וואָך פרייטיג, און אָט גייסטו שוין ווידער אַוועק... שטענדיג מיט די גרויסע!...” און אביגדורקע זאָגט־נאָך דעם זיידן און ענטפערט איר אויף לשון־קודש פון סידור אַרויס:

— עד שיפוח היום — נאַרעלע, מאָרגן איז אויך אַ טאָג, ונסו הצללים — ווי־נאָר די גרויסע וועלן זיך צושפּאַרן שלאָפן, אלך לי אל הר המור — גייען מיר ביידע אַוועק אין גאָרטן אַריין, ואל גבעת הלבונה — אָדער גאָר אויפן אויבערשטיבל, און דאָרט, הדסל, וועל איך דיר ערשט ווייזן וואָס איך קאָן! וואָס איך האָב דיר היינט פאַרציילט איז נאָך גאָרניט... כלך יפה רעיתי — מיינסט, נאַרעלע, אַז מיר גלוסט זיך ניט צו שפּילן מיט דיר? ס'איז ניט מיין שולד. נפת תטופנה שפתותיך — מאָרגן, שבת, אַ טאָג — אַ יאָר, וועלן מיר זיך אָנריידן וויפל ס'האַרץ גלוסט, דבש וחלב תחת לשונך — דו ביסט דאָך אַ קלוג מיידעלע...

און געקומען איז דער ליבער, געגאַרטער טאָג שבת. ס'איז שוין נאָכן עסן. קוים דערוואַרט זיך מ'זאָל פאַרטיג ווערן מיטן בענטשן. קומט אַריין דער זיידע מיט דער באָבען פאַר אַ גלעזל טיי פון הליאַק, און נאָך זיי — דער רבי. אינם שבתדיגן סאַמעטענעם קאַרטוז און אין דער ברייטער, אָפּגעבליאַקעווטער בעקעשע, זעט גאָר ר' משה־לייב אויס ווי אַ גאַנצער מאָנאַרכע: די באָרד צענומען, אויפגעראַמט, ס'פּנים אויסגערוט, און זיין גאַנצע האַלטונג איז מיט חשיבות, מיט פאַרנעם. שטעלט מען כיבוד און מ'נעמט זיך צו אים, צו אביגדורקען.

— אַ־נו, תכשיט, לאָמיר אַקאָרשט הערן וואָס דו קאָנסט...

נעמט אביגדורקע פון דער ספרים־שאפע אַרויס דעם טאַטנס גרויסן חומש און מישט אויפשנעל אויף די סדרה. זיצט דער זיידע מיט פאַרמאַכטע אויגן, די באָרד אין האַנט, גרייט צו האָרכן. דער טאַטע קוקט אויף אים מיט זיינע קלוגע, שמייכלענדיגע אויגן און פאָלגט נאָך זיין יעדן ריר. ר׳ משה־לייב טוט אַ לייג־אויס ביידע הענט אויפן טיש און קוקט ערגיץ אָן אַ זייט, ווי אים גייט כלומרשט דער גאַנצער ענין גאָרניט אָן. און אביגדורקע שטייט איבערן אָפע־נעם ספר. אין פענצטער קוקט אַריין אַ זוניגקייט. עס דערטראָגט זיך דער באַטאָגיגער ריח פון גאָרטן. און הדסל, ווייסט ער, וואַרט. נאָר די פּסוקים פון חומש פאַרנאַרן אים, באַצווינגען אים. און ער טייטשט די פּסוקים וואָרט ביי וואָרט, פּסוק נאָך פּסוק, צוערשט — געלאַסן, שעמעוודיג: אַזויפיל אויגן קוקן אויף אים... ביסלעכווייז אָבער ווערט זיין קולכל מונטערער, זיכערער, און ער טוט זיך אַ לאָז אַראָפּ און גריבלט זיך איין אין די דריבנע אותעלעך פון רש״י —

— מיטן ניגולע, אביגדורל; מיט געשמאַק... — זאָגט אים דער רבי אונטער — אַי, פרעגט רש״י...

— ומה ראה — וואָס האָט ער געזען? קורח — דער קורח, לחלוק — צו קריגן זיך, עם משה — מיט משהן — ?

און אביגדורקע צעוואַרעמט זיך, זיין פּנימל צעפלאַמט זיך, די אויגעלעך צעבלישטשען זיך. איין פינגערל האַלט ער אויפן לעצט־אָפּגעזאָגטן וואָרט, און מיט דער אַנדער הענטל שלענגלט ער און וואַרפט־אום אין חלל. די פּאהלעך זיינע צעצאַפּלען זיך, און איבערן גאַנצן הויז הילכט זיין פּליסיגער זינגעון־זאָגן. און ער פאַרגייט אין „אויסרייד״ — מיט פאַרשטאַנד, מיטן „אָפּזעץ״, און די בערדיגע לומדישע אידן ווערן מיטגעריסן פון דעם זיבן־יאָריגן חדר־אינגל, און שפּאַרן זיך און טענהן זיך אויס מיט אים ווי מיט זיי־ערס אַ גלייכן איבער אַ „טלית שכולה תכלת״... און אַלע שאָקלען זיך, אַלע מאַכן מיט די פינגער — יעדער אויף זיין שטייגער. יעדער וואַרפט־צו אַ מי־נעלע, גיט־צו אַ וואָרט, אַ „קנייטשעלע״. און אביגדורקע האַמפּערט זיך, ראַנ־געלט זיך, און תקיפותדיגער, מוטיגער קלינגט זיין קול־תורה.

שטייט די באָבע אַנטקעגן און קוועלט־אָן פאַר נחת־רוח. די מאַמע איז שטיין געבליבן מיט אַ טעלער באַצוקערטע יאַגעדעס אין אירע הענט, קוקט אויף אביגדורקען און טרערן פריידיגע פינקלען אין אירע אויגן: „הייליגע ווער־טער... איר קינד — איר קדיש...״ און ביים עק־טיש שטאַרט אַרויס הדסלס חנעוודיג פּנימל: די אויגעלעך — ברייט־צעעפנט — קוקן אַמאָל אויפן זיידן, אַמאָל אויף אביגדורקען, און דאָס הערצעלע אירס פלאַטערט מיט פרייד און פחד: „ווער וועט וועמען דאָ מנצח זיין? אביגדורקע — אַזאַ קליינינקער, זיי — אַזעלכע גרויסע...״

דערפירט דעם ענין צו אַ ברעג, טוט זיך אביגדורקע אַ וויש־אָפּ מיטן

אַרבל דעם שוויס פון פנימל און פאַרנעמט זיך ווייטער זאָגן. דערפילט ער אָבער באַלד אויף זיך דעם טאַטנס ווייכע פינגער און דערהערט דעם זיידנס „פיין! זייער פיין!", ווייסט ער שוין אַז ס'איז געגוג און כאַפּט אָפּ ס'אָטעם.

— וואָלסטו אָבער ניט געווען אַזוי פאַרטאָן אין שטיפן, וואָלסטו דאָך נאָך בעסער געקאָנט!... — טוט אים דער רבי אַ קניפּ אין בעקל — באשר...

— נעם, מיין קינד, אַן עפּעלע און גיי אַ ווייליגקע אַרויס אין הויף אַריין — זאָגט די מאַמע און פאַרגלעט אים די צעשויבערטע הערעלעך אונטער דער יאַרמולקע.

רוקט זיך אביגדורקע אַוועק פון טיש, צוערשט — פּאַוואָלענקע, מעשה־סטאַטיק, דערנאָך — האָפּערדיגער, שנעלער; טוט פאַרבייגייענדיג שעלמעריש אַ וואונק צו הדסלען, און אויף יענער זייט טיר טראָגט ער איר צו ס'עפּעלע צום מויל:

— מאַך א ברכה, הדסל, און טו אַ ביס.

פאַרלייגט הדסל איר הענטעלע אַרום זיין האַדלז און צעשפּילט זיך מיט זיין געקרייזלטער פאהלע —

— אַי, אביגדורקע! כ'האָב אַזוי האָלט צו הערן ווי דו לערנסט מיט די גרויסע! כ'האָב אַזוי ליב צו גלעטן דיינע פאהלעך!...

# 10

## אין דער נאַכט דערד־אַזיגער

פאַר אביגדורקען איז די גרויסע סאַליע ביים זיידן אין הויז געווען די התגשמות פון יום־טובדיגקייט, דער היכל־השמחה פון דער משפחה. אַהינצו פלעגן זיך צונויפקומען פון־דער־וואָכעדיגקייט־אויסגעטאָנענע, יום־טובדיג־דערהויבענע, נשמה־יתירהדיגע אידן.

פסח פלעגט איבער דער גאַנצער לענג פון דער סאַליע אויסגעשטעלט ווערן גרויסע פליגל־טישן, אַרומגערינגלט מיט ווייך־געבעטע היסב־בעטן. די סדרים פלעגט די גאַנצע משפחה פראַוון ביים זיידן.

די סאַליע שטראַמט מיט ליכט, שטראַמט מיט פרייד. ס'לויכטן העל די קאַנדילאַברעס. פון די ווייס־געדעקטע טישן פינקלען אַראָפּ די פסחדיגע גע־פעס, די שווערע מעשענע בעקנס און אַן אַ צאָל כוסות און כוסעלעך: רביעית־בעכערס, כוסות פון קאָלירטן גלאָז, פון געקלאַפּטן גאָלד און זילבער. טאַצן און טעצעלעך; פלעשער בייכיגע, פלעשער אויסגעדאַרטע, מיט זילבער באַ־לייגט; גראַפינען און וואַזעס, קריג און קריגעלעך, אָנגעפילט מיט ווין מכל־המינים: שטאַרקן — פאַר מאַנסביל, און פאַר ווייבער — זיסן, צוגעצוקערטן. אין מיטן טיש שטייט אַ גרויסער גילדענער בעכער, באַקריצט מיט כלערליי בלומען און מיט צוויי הויך־אויסגעבויגענע הענטלעך — אליהו הנביאס כוס.

אביגדורקע, אין זיינע נייע יום־טובדיגע מלבושימלעך, שטייט נעבן הדסלען און קוקט מיט יראת־הכבוד אויפן כוס.

— זעסט, הדסל? דאָס איז אליהו הנביאס כוס.

— טאַקי דעם אמתן לינאָווים?!

— יאָ, טאַקי דער, פון וועמען דער זיידע דערציילט אונדז תמיד. ער איז אַ מלאך, הדסל, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ מענטשן און וואַנדערט־אום פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן, אַנגעטאָן ווי אַן אָרימאַן, און העלפט־אויס אידן אין אַן עת־צרה. אַמאָל פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ קנעכט און לאָזט זיך פאַרקויפן צו טאָן כל־עבודת־פרך; אַמאָל — פאַר אַ שררה, און קומט אַריין

אין מלכותס פּאַלאַצן און איז מבטל בייזע גזרות אויף אידן. און אַמאָל באַ־וויזט ער זיך גאָר אין מאַרק, אָנגעטאָן ווי אַ קאָמענדיאַנטשיק, און וויזט שוואַרץ־וואונדער, און אידעלעך לייזן געלט פון שיכורע גויים. קיינער קאָן אים ניט דערקאָנען, סיידן גאָר אַ גרויסער צדיק. און איידער דער שופר־של־משיח ׳עט בלאָזן, וועט ער זיך באַווייזן און וועט אָנזאָגן די גוטע בשורה, אַז אידעלעך זאָלן זיך גרייטן צו גיין קיין ארץ־ישראל. פּסח צום סדר, צו „שפוך חמתך״, קומט ער אַריין אין יעדער אידיש הויז און לאָזט דאָרט זיין ברכה איבער... היינט, הדסל, — ציטערט וואָרעם אויף זיין קולכל — היינט וועט ער דאָ זיין! ער׳ט פון דעם בעכער דאָס ווין טרינקען, און וועט געבן זיין ברכה, און דער בעכער וועט אויפסניי פול ווערן מיט ווין. קיינער זעט אים ניט, קיינער הערט אים ניט, אָבער ער איז דאָ. פּסח איז אַן עת־רצון און מ׳קאָן ביי אים אַלץ פּועלן... שוין אַ גאַנץ יאָר אַז איך גאָר אויף אים, הדסל...

— אויף וועמען?

— אויף וועמען זאָל איך גאָרן? אויף אליהו הנביאן, פאַרשטייט זיך!

און ער פאַרטרויט איר בסוד:

— כ׳וועל עפּעס בעטן ביי אים...

— וואָס וועסטו בעטן ביי אים, אביגדורקע?

— כ׳ווייס שוין וואָס.

— זאָג מיר, אביגדורקע. אויף מיינע נאמנות, כ׳וועל קיינעם ניט אויס־זאָגן!

— קיינעם ניט?

— קיינעם־קיינעם ניט!

— אייביג ניט?

— אייביג־און־אייביג ניט!

— כ׳וועל אים בעטן... כ׳וועל אים בעטן אַז ער זאָל מיר אויסזאָגן ווען משיח ׳עט קומען...

און אַרום טומלט זיך, רעשט — יום־טובדיג, נחת־רוחדיג. ר׳ שלום־יעקבס זין און איידעמס — די פּרינצן פון דער דייכעס־משפחה — אין קיטלען איבער די בגדי־יום־טוב, שטייען אין קופּקעלעך איבערן גרויסן צימער: ווער עס פירט אַ הייסן ויכוח איבער דיני־חמץ, ווער עס שמועסט זיך דורך מיט די אורחים און אידישע סאָלדאַטן, וואָס ר׳ שלום־יעקב האָט פאַרבעטן צום סדר. אויבנאָן ביים טיש, אַרום דער גרויסער קופּערנער קערה, שטייען קליינוואַרג, און יודל דעם פעטער איטשעס טייטשט־אויס פאַר זיי די אויסגעקריצטע באַמעלעכצן:

— איר זעט, קינדער? אָט־אָ דאָס־אָ איז דער מוטער רחלס קבר — איי־נינקער אַליין אויפן וועג וואָס פירט קיין בית־לחם; און ווען נבוזראַדן האָט אויף דעם וועג געטריבן די אידן אין גלות, איז די מוטער רחל אויפגעשטאַנען

פון איר קבר און האָט געבעטן גאָט פאַר זיי... און די־אָ וואַנט מיט די פיר־
קאַנטיגע שטיינער — דאָס איז דער כותל־מערבי, און די פיר בוימעלעך פון
אויבן — דאָס זיינען די צעדערבוימען פון לבנון, וואָס שלמה המלך האָט פאַר־
פלאַנצט מיט חכמה צו באַשיינען דעם אַריינגאַנג צום בית־המקדש... און
דאָס איז משה רבינו! זעט, ווי ס׳פנים שטראַלט ביי אים! דאָס שטייט ער
אויפן באַרג סיני און איז מקבל די תורה פאַר די אידן. און די קליינינטשקע
קעפּעלעך אַרום באַרג — דאָס זיינען די בני־ישראל וואָס זיינען אַרויס פון
מצרים. זעט: אַ סך ביידעלעך, אַ סך אידעלעך — ששים רבוא — זעכציג מאָל
צען טויזנט!... און אָט איז משה רבינו ווי ער שלאָגט דעם שטיין צו געבן
וואַסער פאַר די אידן. גאָט האָט זיך דערפאַר געצערנט אויף משהן און האָט
אים ניט געלאָזט אַריינקומען אין ארץ־ישראל, דעריבער איז זיין פנים אַזוי גע־
פאַלן... דאָס איז ווי די אידן גייען אַריבער דעם ים אין דער טריקעניש
און זינגען שירה. די מצריים זעט מען ניט: זיי האָבן זיך דערטרונקען...
דאָס, קינדער, איז דער קבר פון די מלכי־בית־דוד; דאָ ליגט דוד המלך מיט
דער גילדענער קרוין אויפן קאָפּ און מיט דער פידעלע צוקאָפּנס; און ווען עס
טוט בלאָזן אַ צפון־ווינט, הויבט דאָס פידעלע אָן צו שפּילן פון זיך אַליין...
און אָט די חיות — דאָס זיינען אַזעלכענע לייבן מיט שופרות אין די פּיסקעס;
דאָס האַלטן זיי אַ פּאָן אַזאַ — אַ פאַרצייטיגע. אַי, זעט! אָט שטייט אויף דעם
אַזוי ווי אין סידור: ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים...

חברה־קליינוואַרג ווערן ממש נתפעל פון די משונהדיגע צאַצקעלעך מיט
די סופרישע אותיות פון אונטן, און פון יודלס בקיאות.

פון קיך קומט אַריין די באָבע, אַ מלכותדיגע, אַ שיינענדיגע, אין איר
ווייסער זיידענער קלייד. די בריליאַנטענע אויערינגלעך קוועלן אַרויס פון
אונטער איר שטערנטיכל, און איר ווייסער, דאַרער האַלדז איז מיט פּערל
באַשנורט. נאָך איר באַווייזן זיך די שניר מיט די טעכטער, אויסגעצירטע,
יום־טובדיגע, און אַלע אַזוי צניעותדיג־שיין, אַפילו די מומע חיה־שרה...
רעשיגער זייד און ווייכער סאַמעט באַפאַרבן די סאַליע מיט אויג־פאַרכאַפּנדיגע
קאָלירן. יעדע איינע פון זיי פאַרנעמט איר פּלאַץ ביים טיש. און אַלע צינדן
זיי קנייטן, בענטשן ליכט. פייערלעך טויכן־אויף. פינגער בעטנדיגע פליגלען
זיך ווי טויבן איבער זיי. צאַרטע הענט פון אידישע פּרינצעסנס הויבן זיך אין
תפילה צום הימל אין אַ נאַכט אַ יום־טובדיגער, אַ פרייד־באַשטראַלטער. אין
דעם העל־באַלויכטענעם צימער ווערט האָפערדיגער, ליכטיגער, קדושת־יום־
טובדיגער. און — שאַ, שטיל. קיינער רירט זיך ניט פון אָרט, קיינער באַ־
וועגט ניט קיין אבר; נאָר ליפּן — ליפּן חנעוודיגע, בענטשנדיגע — באַוועגן
זיך קוים, פּליסטערן, און זיינען מתפלל אויף ליכט, אויף אור־התורה אין זיי־
ערע הייזער, פאַר קינדער און קינדסקינדער, אין די טעג די קומענדיגע, אין
מאָרגנס וואָכעדיגע... און די פלעמעלעך צעברענען זיך, צעפלאַקערן זיך, לויי־

טערער, פריילעכער. צוויי שורות בענטש־ליכט איבער דער לענג פון טיש. נאָר וואו־ניט־וואו וויינט־אַראָפּ אַ ליכטל אַ ניט־דערצוגדענע...

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב! מיר זאָלן אַלע דערלעבן איבער־אַ־יאָר מיט פריילעכע הערצער, מיט ישועות ונחמות ביי אידן!

און עס עפנט זיך די טיר און אויפן שוועל באַוויזט זיך דער זיידע ר׳ שלום־יעקב. זיין שלאַנקער געבוי דורך אין ווייסן איינגעהילט. דער שניי־ווייסער קיטל, דער גאַרטל מיט די זילבערנע פרענדז, די ימים־נוראימדיגע ווייסע יאַרמולקע אויפן קאָפּ, זיינע ווייסע געקרויזטע פאות, די ווייכע, ברייט־צעקעמטע, זילבער־ווייסע באָרד, זיינע תלמיד־חכמיש־בלאַסע הענט, און די עונג־יום־טובדיגע רואיגקייט וואָס איז אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים — האָבן ווי אַ בלענד־ווייסער צויבער פול געמאַכט דעם חלל פון דער סאַליע. מיט זיינע מילדע אויגן נעמט ר׳ שלום־יעקב דורך אַלעמען אַרום, און אַ האַרציגער נחת־רוחדיגער שמייכל באַוויזט זיך אויף זיינע ליפּן:

— אַ גוט יום־טוב דיר, גיטעלע! אַ גוט יום־טוב אייך, קינדער מיינע! אַ גוט יום־טוב אייך אַלעמען, אידן!

און מיט געמאָסטענע טריט דערנענטערט ער זיך מיושבדיג צום אויבנאָן און נעמט זיך מסדר זיין די קערה.

אביגדורקע קאָן פון אים די אויגן ניט אָפּרייסן: שיין איז דער זיידע, אַזוי לויטער־ווייס און הערלעך. און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם רוימט ער איין הדסלען:

— אָט אַזוי, הדסל, האָט אויסגעזען דער כהן־גדול אין זיינע בגדי־כהונה...

הדסל טוט אַ קוק אויף אביגדורקען און אַ קוק אויפן זיידן, און לויפט־צו אויבנאָן און פאַרוואַרפט אירע אָרעמלעך אַרום דעם זיידנס האַלדז:

— אַ גוט יום־טוב דיר, זיידע!

ר׳ שלום־יעקב טוט איר אַ גלעט איבער די הערעלעך. זיינע אויגן פאַר־נעפּלען זיך אַ ווייליבקע, אָבער— ס׳איז יום טוב!...

דער עולם שטעלט זיך אויס אַרום טיש. ליכטיג און ווייס איז אַרום. פון אויבנאָן דערטראָגט זיך ר׳ שלום־יעקבס שלוש־רגלימדיגער קידוש־ניגון:

— מועדים לשמ־חה!... חגים וזמנים לש־שון!...

און פריידיג און דערהויבן פאַלט יעדער וואָרט פון זיין מויל. ס׳פינקלט און ס׳זינגט דער בעכער ווין אין זיינע הענט. ס׳צעשפּילן זיך די פלעמעלעך אין די בענטש־לייכטער. און אַ יום־טובדיגע שכינה שפּרייט־אויס איר פליגל פון קדושה איבער דער סאַליע...

...און ס׳שטייען די זאַנפטע בת־מלכהס און גיסן וואַסער אויף די הענט פון זייערע פירשטן. דער אינגסטער פון איטלעכס הויזגעזינט פרעגט „די פיר קשיות״ — יעדער אויף זיין שטייגער, מיט זיין רבינס ניגון, מיט זיין רבינס

„אויסרייד". קינדישע קולכלעך צעציקלען זיך אין דעם שמחת־יום־טובדיגן רוים, און די בערדיגע פרינצן פארטיפן זיך אין דעם גוט־באקאנטן אויס־טייטש, כאפן־אויף מיט ליבשאפט די זינגענדיגע קלאנגן פון די יונגע מייל־כעלעך און שמייכלען אונטער הרחבת־הדעתדיג. הדסל „פרעגט" אויך. זי פרעגט אנדערש: זי פרעגט ביים זיידן... און באלד שווימט־אויף דער אלטער תירוץ: עבדים היינו... א דורות־אלטער ניגון וואכט־אויף און צעוויגט זיך בענקענדיג־שטאלץ. מ'זאגט מיט התלהבות, מיט פרום־טרויעריגער פרייד. א וואלד האט זיך צערוישט: די יונגיניקע בוימעלעך שאקלען זיך מיט, פלעכטן זיך איין אינ'ם שלל פון קולות. און העכער און דרייסטער איבער אלעמען לאזט זיך הערן דעם זיידנס קול. ער טראגט זיך פאראויס ווי דער עמוד־האש פאר דער מחנה פון די יוצאי־מצרים. ער שטעלט זיך אפ און טייטשט־אויס געוויסע שטעלן אין דער הגדה; רעדט ארום און באפליטערט די מיט מעשהלעך און משלים; דערציילט פון דעם ויכוח, וואס איז פארגעקומען צווישן א משומד און א גרויסן רב איבער די ראשי־תיבות פון דצ"ך עד"ש באח"ב, און ווי די גאנצע עדה פון פראג איז שיעור ניט אומגעקומען איבער דעמדאזיגן בלבול... די חומש־אינגלעך נוצן־אויס יעדע געלעגנהייט, ווען דער זיידע איז פארטאן אין שמועס, און פארגנבענען זיך הינטער זיין היסב־בעט צו פאצאפען דעם אפיקומן... אביגדורקע קוקט אויפן זיידן, קוקט אויפן טאטן: שיינע אידן! גרויסע אידן! און אט אזוינע אידן האט עס פרעה גע־וואלט מאכן פאר אייביגע קנעכט; פארפייניגן זיי מיט שווערע ארבעט... און שענער און הייליגער ווערן זיי מיט יעדער ווילע אין זיינע אויגן. זיינע בליקן פאלן אויף אליהו הנביאס כוס, אויף די צאצקעלעך אין דער הגדה. דאכט זיך דיזעלבע הגדה אין וועלכער ער האט געלערנט אין חדר פון פורים־אן, דיזעלביגע צאצקעלעך, דיזעלביגע ווערטער, דיזעלביגע אותיות; נאר דא, ביים סדר, האבן דידאזיגע געמעלעכצן מיטאמאל באקומען גאר אן אנדער פנים, אן אנדער פארב; די ווערטער — אן אנדער באטייט; יעדער אות איז עפעס געווארן גרעסער, ליכטיגער, טאנצנדיג... דאס געזאנג ארום וויגט זיך און וויגט. די אויגן קלעפן זיך, קוים וואס מ'קאן זיי האלטן אפן, און——

מיטאמאל טוט זיך א פראל־אויף די טיר, און עס לאזט זיך אריין א פייערדיגער רייטוואגן מיט א פאר ברענענדיגע פערד — פערד מיט פליגלען און מיט משה רבינוס פאנטעפעלעך אויף די פיס — אי פערד, אי חיה, אי ס'פליט — און טראגן זיך איבער די פסחדיגע געשיר גלייך אויפן מיטן טיש. און קיינער זעט ניט, קיינער קוקט זיך ניט אום און ווי פון רייטוואגן קומט ארויס א גרייז־גרויער זקן, אין ווייסן געקליידט און מיט א שופר אין דער האנט. ער וואלט געקאנט שווערן אז ס'איז דער זיידע, אבער ער ווייסט אז ס'איז גאר ע ר — אליהו הנביא. און אליהו הנביא הויבט אויף דעם אנגעגאסענעם כוס מיט די אויסגעבויגענע הענטלעך און טראגט עס צו צו די ליפן, און דער וויין

אין כוס ווערט ניט. הויבט ער אויף זיינע לאַנגע ברעמען און טוט אַ קוק אויף אַלעמען אַרום טיש זיינע גוטע, מילדע אויגן. און ער הויבט־אויף זיינע הענט ווי דער פעטער שראַליע ביים דוכנען און ער בענטשט אַלעמען, און דער כוס קוועלט־אָן מיט פרישן ווײַן. און כהרף־עין איז ער שוין ווידער אין רייטוואָגן, און די פערד נעמען ציען. לויפט ער, אביגדורקע, צו צו אים, וויל אים עפּעס בעטן, אָבער די צונג פאָלגט ניט, קאָן קיין וואָרט ניט אַרויס־ריידן. און די פערד לאָזן זיך בליץ־שנעל. יאָגט ער זיך נאָך זיי מיט אַלע כוחות, טראָגט זיך נאָכן פייערדיגן רייטוואָגן און שוועבט־אַוועק ווייט, ווייט. ער הויבט זיך אויף ווי אַן אָדלער כמאַרע־איין, כמאַרע־אויס. און הדסל פליט אים נאָך, און שלעפּט אים ביי דער פאָלע פון׳ם נייעם מלבוש, און ציט אים צו זיך, אַראָפּ, אַראָפּ —

— לאָז מיך, הדסל! כ׳מוז אים עפּעס בעטן!... לאָז מיך! ס׳איז אַן עת־רצון! כ׳וועל פאַרשפּעטיגן!...

— נישט געזאָלט זיך אַזוי פאַרהאַוועט מיט די ניס אַ גאַנצן טאָג! האָסטו געזאָלט זיך אויסשלאָפן צום סדר...

די מאַמע!

אַי, ס׳איז שוין גרויסער טאָג!... דער טאַטע קלייבט זיך שוין גיין אין שול אַריין... פאַרשפּעטיגט! ניט דערוואַרט זיך אויף אליהו הנביאן... נאָך אַ גאַנצן יאָר צו וואַרטן... נאָך אַ גאַנצן יאָר!... און אַלץ צוליב איר — צוליב הדסלען... אַ, אַ ב י צ ו ל י ב א י ר...

# 11

## וואו מ'טאַנצט

ס'איז אַ חתונה אין דער משפּחה: דער פעטער חנא גיט־אויס זיין עלטסטע טאָכטער.

פון אויף מאָרגן נאָך שבועות־אָן אַז מ'האַלט זיך אין איין גרייטן צו דער שמחה. שמעון־עליע דער שניידער מיט זיינע געזעלן האָבן קיין צייט ניט דעם נאָז אויסצושנייצן, זינט מ'האָט אים — שמעון־עליען — פאַררופן אין הויף און אויסגעלייגט פאַר אים די מאַטעריע. אַ קלייניגקייט עפּעס! אַזויפיל קליינוואַרג, חדר־אינגלעך, קיין עין־הרע! ביז מ'דערלעבט זיי די גאַרניטערלעך אָנצומעסטן, זיינען זיי שוין, העט, אויסגעוואַקסן!... מעסט מען און מ'סטריגעוועט־איבער: דאָ איז די קאַפּאָטקעלע צו־קורץ, דאָ ציט אָן אַרבעלע, ביי איינעם רייבט אונטערן פּאַכווע, ביים צווייטן איז דער קראָק צו־לויז, ביי אַן אַנדערן איז דאָס שפּעלטעלע פון הינטן ניט אין ריכטיגן פּלאַץ, און אָט איז ביי איינעם גראָד איין קאָלאָשע פון די פּליודערן לענגער פון דער אַנדערער — אַ שפּאַס?!

— גוואַלד, ר' שמעון־עליע! — שוין, ברוך־השם, אַ שניידער ביי אידן ניט ס'ערשטע יאָר און—— אַלץ דערזעלבער טאַנדעטניק! נאַט, קוקט אַליין... קרעפּלעך זאָלט איר עסן!

הויבט שמעון־עליע אויף די אַריבערגעוואַקסענע ברעמען און שטעלט־אָן זיינע קאַסאָקע אויגן:

— אמת, אמת, טאַקי אביסיטשקע פאַרכאַפּט, זאָלט איר מיר מוחל זיין; פאַרכאַפּט אַביסיטשקע — אמת! נאָר גאָרניט — האָט ניט קיין יסורים, אסתר־מלכה לעבן: מ'עט עס שוין פאַפּראַווען, 'עט מען עס שוין...

און שמעון־עליע מעסט מיטן גראָבן פינגער, מאַכט דאָ אַ פּאַסיקל מיט קרייט, דאָרט טרענט ער איבער אַ סטריגע; שלעפּט מעשה־מכשף נאָדעלעך פון מויל און שטופּט זיי אין פאַרנאַנדערגעטרענטן מלבוש, ביז דער אינגל גיט זיך פּלוצים אַ הויב אין דער לופטן מיט אַ קוויטש —

— כ׳האָב דיר, חלילה, ניט פאַרשטאַכן, האָב איך דיר ניט?... וויי־וויי, טאַקי יאָ פאַרשטאַכן? טאַקי אויף צום אמתן?! נו, ביז דער חתונה, אם ירצה השם, ׳עט זיך עס פאַרהיילן, ׳עט זיך עס...

טשערנע־באַשע די נייטערקע, וועלכע נייט פאַר די דרדקי און די מייד־לעך, האָט זיך שוין די פיס אָפּגעשלאָגן: איינער איז די קרוזשעווקע ניט געפעלן, פאַר דער איז דאָס שלייפעלע ניט גרויס גענוג, דאָ פעלט אַ טאַשמעלע, דאָרט בעט זיך אַ פאַלבעלע, דאָ איז ס׳העלדזועלע ניט גענוג אויסגעגורסירט, און — „וואָס זיינען דאָס פאַר־אַ קנעפּעלעך?! כ׳האָב אייך דאָך בפירוש גע־זאָגט פּערלמוטער!...״ אַי, אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער דאַרף מען האָבן דאָס אַלץ צו געדענקען!...

און אין הויף טומלט און ס׳רודערט — אַ יאַריד! די גרויסע קיך איז פול מיט ווייבער: די באָבע, מיט אַלע טעכטער, און אַלע שניר, און קעכינס, און באַהעלפערנס און שיק־מיידלעך. מ׳קאַכט, מ׳באַקט, מ׳פּרעגלט, מ׳מאַרענירט — מ׳איז פאַרהאָוועט! די מומע חיה־שרה סאָפּעט ווי אַ גאַנדז, לויפט פון איר שטוב צו דער באָבן אין קיך אַריין, פון דאָרט — אין דער גרויסער סאַליע, און באַלד — צוריק אין קיך. זי ווייסט גאָרניט וואו זי איז אין דער וועלט. גאָרניט געוואוסט אַז חתונה מאַכן אַ טאָכטער איז אַזאַ טרחה!...

— זעץ זיך צו אַ ווײַלע און זשיווע אָפּ! — שטייט די באָבע צו צו איר — מ׳עט זיך, אם ירצה השם, איספּראַווען. וועסט נאָך שונאי־ישראל האָבן אַן אַנדער פּריפּאַדעק...

— וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל איך טאָן?! מ׳דאַרף דאָך עפּעס פירן אַ קינד צו דער חופּה! אַזוינע געסט, אַזוינע קרובים! ווען וועט מען עס פאַר־טיג ווערן, ווען?!...

און דער פאַריקל מיט די שפּיגלדיגע קעמעלעך הענגט איר שוין אויף אַ זייט, ס׳פּנים אירס פלאַמט, האַלט אין איין בלאָזן פון זיך, ווי די פאַראָווע מיל, און פאָכעט שיעור די נשמה אויס. א דושלעווע איז זי, די מומע חיה־שרה; מוז אַלע זומער פאָרן אין די בעדער.

און צום פעטער חנאן אין שטוב לאָזט מען גאָר קליינוואַרג דעם נאָז ניט אַריינשטעקן. פאַרגנבעט מען זיך און מ׳קוקט אַריין דורכן פענצטער, זען וואָס די כלה טוט...

פול מיט זייד איז די הויז — ווייסער זייד, שוואַרצער זייד, וועש און טישטאַכער. איינגעקויפט האָט מען פאַר איר וואַרשע אַן אויסשטייער פון כל־טוב, און שפרה די מאָדיסטקע מעסט עס אַלץ אויס, און פאַסט עס אָן, און מאַכט־איבער. זי האָט זיך שוין די פינגער אָפּגענייט, די שפרה. „אַזאַ סאַ־מעט! אַזאַ זייד! וואו זעט מען דאָס גאָר היינט?! בלענדט ממש די אויגן אויס! און מ׳דאַרף זיין מיט דעם געהיט, ווי מיט אַן עופּעלע...״ און די

כלה אַליין, אַן אויסגעמאַטערטע פון אָנמעסטן און איבערמעסטן, זיצט ביים פענצטער און נייט אויך. מיט גילדענע פעדים אויף בלויען סאַמעט נייט זי.

— זעסט, הדסל? דאָס נייט זי אַ טלית־זעקעלע.

— פאַר אים — פאַרן חתן. זי האָפט זיין נאָמען אויס.

— יאָ, טאַקי! אַ שין מיט אַ זין!

— אַי, אַ גילדענער שין מיט אַ זילבערנעם זין!

— ס'וועט מאַכן פאַרשטרייכלט שלמה זלמן — דעם חתנס נאָמען.

— ס'איז עפּעס אַ שיינער נאָמען, אביגדורקע?

— נאַרעלע, אַלע חתנים זיינען שיין.

— און אַלע כלות זיינען אַזוי טרויעריג... פאַרוואָס איז אַ כלה אַזוי טרויעריג, אביגדורקע?

— דאָס בעט זי זיך אַזוי אויס אַ גוטן מזל, הדסל...

און דער הויף גייט כאַדאַראַם. מ'מאַכט פלאַץ פאַר אורחים, פאַר חתונה־לייט פון דער ווייט. מ'שלעפּט בעטגעוואַנט, טישן, בענק. פאַר די קלעזמער האָט מען אָפּגערוימט אַ באַזונדער שטיבל. פון קעלער קומען אַרויף בייכיגע פעסער מיט אַלטן וויין, מעד, און שטויביגע גענשערס מיט ווישניאַק און נאַליוועס. פון קיך שלאָגט מיטן ריח פון מאַרינאַד, פון געפּעקלטע צונגען, געפּעפּערטן ברוסט־פלייש, פון פרישע צימערינג־טאַרטן, אייערקיכלעך און האָניגלעקעך. עס קאָכט, עס זשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. דער פעטער חנא איז פאַרשמאַיעט איבער די אויערן; ער לויפט צום באַן, פון באַן: „כ'ווייס, אפשר קומט ווער — מקבל־פּנים זיין...״

ר' שלום־יעקב איז דער איינציגער וואָס האַלט־אָן זיין מיושבדיגקייט אין דעם גאַנצן האַרמידער. ער שטייט, חלילה, ניט פון דערוויטן. אַ קלייניגקייט! ס'ערשטע אייניקל צו דער חופה פירן! ער טוט זיך אָבער זיינס בניחותא, מיט ישוב־הדעת, מיט אויסגערעכנטקייט. ער פאַרזאָגט סאַנע דעם שמש ווען ווען פון די בעלי־בתים צו פאַרבעטן אין דערהיים, ווען — פון דער בימה, נאָך ווען צו שיקן אַ דראָזשקע; טיילט־אויס די כיבודים, די פלעצער ביים טיש. און סאַנע הערט זיך צו מיט מוח, מיט פאַרמאַכטע אויגן, שאָקלט־צו מיטן קאָפּ און טרייסלט־צו מיט די פאות. אַ קאָפּ ווי אַ צעבער האָט ער, דער סאַנע! איין מאָל וואָס געזאָגט, און ער געדענקט עס שוין לעולם־ועד און — טוט ווי ער פאַרשטייט...

מיט ר' שעיהן עצהט זיך דער זיידע:

— כך־וכך „מיטן רויטן צעטל״: כך־וכך פון די „פערציגער״; זיסן וויין פאַר די ווייבער; און, למען־השם, ר' שעיה, — ניט געזשאַלעוועט! מ'עט עס ניט אַרויסגיסן... און זעט אַז אַרימעלייט זאָלן, חלילה, ביי דער סעודה ניט פאַרשעמט ווערן. דער עיקר: עס זאָל זיין צו גענוג. זאָלן קלעזמער זשליאָקן, וועט שוין פריילעך זיין!...

און יעדער טאָג ברענגט נייע אורחים — מחותנים פון חתנס צד, פון דער כלהס צד. אָט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ קאַרעטע מיט ווילנער מחותנים, פון דער מומע חיה־שרהס צד: שיינע אידן, לומדים, גבירים אדירים, מיט בלייכע מחותנתטעס, און האָבן אַראָפּגעבראַכט מיט זיך אַן אייגענע קאַפּעליע. אַריינ־געפאָרן אין הויף, צעלאָזט זיך די קאַפּעליע אויף אַלע כלים און שפּילט־אָפּ אַ דאָברידזשען ווי נאָר ווילנער קלעזמער קאָנען. באַלד נאָך זיי קומען־אָן מחותנים פון חתנס צד: חסידישע אידן, בייכיגע, און אויך מיט אַ קאַפּעליע, און מיט אַ מאַרשעלעק. און ס'ווערט פריילעך אין הויף, ס'ווערט אויפגעלעבט. מ'קושט זיך, מ'האַלדזט זיך, מ'כליפּעט אונטער „קוים זיך דערלעבט צו זען!... נאָר אויף שמחות, רבונו־של־עולם!...” קלעזמער שפּילן, און אין גאָרטן, אונטערן פרייען הימל, שטייען טישן גרייט פאַר די געסט. מ'גיט זיך שלום — אידן פון ווילנע, אידן פון וואַרשע. קליינוואַרג שפּיזן זיי דורך מיט די קוקערס: מאָדנע אידן! מיט אַזוינע משונהדיג־קליינע היטעלעך, און ריידן אַזוי פאַרצויגן, `מיט אַ צוזינג! —

— שולעם אַלאַיכעם, מעכיטן![1] — שטעקט אַ וואַרשאַווער מחותן אויס אַ האַריגע, אָנגעבלאָזענע האַנט און שפּיצט אויס אַ גרויסן בויך.

— נו, אַלייכעם שאָלעם[2] — קלאַמערט אַ ווילנער מחותן אַיין אַ ביינער־דיג־דין תלמיד־חכמשע הענטל, טוט אַ זשמורקע מיט די אויגלעך און מעסט־אָפּ דעם גרויסן גוף וואָס האָט אים פאַרשטעלט די שיין פון טאָג.

— דער רבי, זאָל לעבן, האָט געזאָגט: אַז אַוואו שמחה, דאָרט רוט די שכינה כביכול.

— פּטור־נו, — אַ גוואַלדיגע מעשה! דער ווילנער גאון, זכרונו לברכה, — זעט איר — אַז ער פלעגט קומען אויף אַ שמחה, יעמאָלט — פאַרשטייט איר מיר——

— אַי, ווידער־אַמאָל דאָס אייגענע: „ווילנער גאון” — „גערער רבי”...

— כאַפּט זיך ר' שלום־יעקב אַריין צווישן די צוויי און נעמט זיי ביידן אַרום ביי די אַקסלען — וואָס אַשטייגער דאַרפט איר זיך אָננעמען זייער קריוודע? ס'אַרט אייך, זיי וועלן שוין זייער שטעטל באַשטיין. און, צוריקגערעדט, ווער קאָן עס גאָר משיג זיין זייערע דרכים?... ס'איז אַ שמחה, אידן — טאָ לאָמיר זיך זעצן צום טיש און זיך משמח זיין ווי ס'באַדאַף צו זיין! נו, קלעזמער, גע־שפּילט זאָל ווערן!...

און מ'זעצט זיך אויס אַרום טיש. קלעזמער שפּילן. און ר' שלום־יעקבס קאַפּעליע לאָזט זיך אויך ניט שפּייען אין דער קאַשע. זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז באַגיין וואָלט מען זיך געקאָנט אָן זיי אויך; נאָר — ס'הייסט?! — ר' שלום־

1. שלום עליכם, מחותן!
2. עליכם שלום.

יעקב וועט סיידן דערלאָזן אַז היגע קלעזמער זאָלן, חלילה, פאַרשעמט ווערן?! וואָס'ן, ווייניג הונגערן זיי נעביך, ביז זיי דערלעבן עפּעס אַ שטיקל שמחהלע ביי אידן? — נו, איז טאַקי באַשטעלט ס'גאַנצע געזינדל! און זאָלן חברה וויסן, אַז ר' שלום-יעקב מאַכט חתונה אַן אייניקל, דאַרפן אַלע נהנה זיין! האָבן טאַקי חברה-קלעזמער אָנגעגורט די לענדן און וויזן אַז זיי זיינען אויך ניט פון צוויי-אַ-דרייער. און מ'שפּילט מזל-טובֿס, און וויוואַטן, און מ'פאַרגייט אין וואָלאַכלעך, אין סיניס. מ'טרינקט לחיים. און אויפן האַרצן ווערט ליכטיג, ברייט. און אָרעמס הויבן זיך, און הענט צופליגלען זיך, און ס'גייט אַוועק איין זמרל נאָכן אַנדערן — פריילעך, דבקותדיג, האַרציג.

און יעדן טאָג באַווייזן זיך מער „פּנים חדשות". ס'פאָרן-אָן נייע געסט, נייע קרובים, און ברענגען-מיט נייע ניגונים, נייע פריידן, און ס'גרויסט זיך די שמחה אין הויף.

און ס'קומט דער יום-החופה.

אויפן הויף, ביי לאַנגע טישן, פּראַוועט מען דעם אָרימן מאָלצייט. אַ פריילעכער האַרמידער פון זשעדנע פאַרשוינען — היגע און אָנגעפּאַרענע. ווער עס קומט, געפינט אַ פּלאַץביים טיש, אַרום די פוזאַטע קעסלען מיט יויך, און גרויסע פּאַלומיסקעס מיט פיש און פליישן און הויכע הורבעס מיט ווייסע חלה און טאָרט. וואָס מ'קאָן ניט אויפעסן אויפן אָרט, לייגט מען אין די טאָרבעס, גיסט מען אין טשאַהונטשיקעס. דער זיידע ר' שלום-יעקב מיט דער באָבע גיטעלען און דער וואַרשעווער מחותן מיטן פּעטער חנא זיינען די הויפּט-סאַרווערס. נעבן זיידן שטייט ר' שעיה דער באַמן מיט אַ לעדערנער בייטל אין דער האַנט, און די כלה שלעפּט פון דאָרט אַרויס קופּערנע און זילבערנע מטבעות און טיילט זיי אויס אין צונויפגעקלעמטע פינגער אַרום די טישן.

אביגדורקע ווייסט פּאַרוואָס דער זיידע איז זיך אַזוי מתעסק מיט די אָרימעלייט. און ער דרייט זיך אַרום אין דעם געזעמל פון די פרעמדע אורחים, פון די אָנגעפּאַרענע אָרימעלייט, און זוכט און נישטערט מיט די אויגן: אפשר וועט ער פּאָרט דערקאָנען דעם, אויף וועמען ער האָט זיך ניט דערוואַרט פּסח צום סדר...

און דער וואַרשעווער מאַרשאַלעק מאַכט אַלערליי קונצן: ציט סטענגעס פון מויל, שלינגט פייער, קוליעט זיך אויפן טיש און מאַכט-נאָך אַ „כל עצמותי תאמרנה", און דער עולם קייכט אַזש פון געלעכטער. און עס שווימען-אויף ניגונימלעך — אָרימינקע ניגונימלעך — ניט-דערעסענע, ניט-דערשלאָפענע; ציטערדיגע, פאַרבענקטע זמרלעך. און קלעזמער שפּילן, און קילישקעס הויבן זיך, און אויגן פאַרחלומען זיך. פּיאַטעס שפּרינגען-אויף. עס קייטלען זיך רינגעלעך, עס פלעכטן זיך שרענגעלעך — בידניבקע, צאַפּלדיגע. און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, צעשלענגלען זיך די ריקודימלעך, צעוואַקסן זיך און פלעכטן זיך צו־

זאַמען אין איין גרויסן קאַראַהאַד. מ'טאַנצט ברייט — צעכלינעט און צעכראַש־טשעט. עס טאַנצן אידן אַרימע, צעקריינקטע; מחותנים רייכע, יאַדערדיגע. עס טאַנצן ווייבער אין טראַנטעס, בלייכע, פאַרשמאַכטע; מחותנתטעס אין בגדי־יום־טוב, מפונקדיגע, גוידערדיגע. די ראָד ווערט ברייטער: באָרד און פאות איינגעפלאָכטן, זייד און טראַנטעס אויסגעמישט — ס'איז אַ שמחה ביי אידן דאָ! אַ שמחה, אידן!...

און אָט גייט מען מקבל־פנים זיין דעם חתן.

ביים טויער וואַרט מען אים אָפּ — ווייבער פון איין זייט, מאַנסביל פון צווייטן, און קליינוואַרג פּלאָנטערן זיך צווישן די פאָלעס מיט פולע הויפנס ראַזשינקעס און ווייץ. די מחותנתטעס קומען אַנטקעגן מיט אַ גרויסן געפלאָכ־טענעם קוילעטש אויף די הענט. דער חזן מיט די משוררים זינגען „ברוך הבא", און הענט פּלעסקען־אונטער. מיידלעך כאַפּן בגנבה אַ קוק אויפן חתן און אַנטלויפן שושקענדיג זיך, מיט ברענענדיגע אויגן... קלעזמער קלאַפּן־אָפּ אַ פריילעכס, און זינגענדיג און טאַנצנדיג פירט מען דעם חתן אין הויף אַריין.

און דער טאָג שטייט ניט. דער לעצטער אָפּשיין פון דער שקיעה לעשט זיך אויס. די כלה מיט די אונטערפירערנס זיינען שוין צוריקגעקומען פון הייליגן אָרט, האָבן פאַרבעטן אַלע קרובים פון יענער וועלט, זיינען געווען ביי רב מאירלען אויפן קבר. דער הויף טוליעט זיך אין פאַרנאַכטיגע, אין יום־טוב־בין־השמשותדיגע שאָטנס. פון די פענצטער אַרום פליסן שטראָמען ליכט. טיר און טויער שטייען אָפן. און עס קומען חתונה־לייט — ווער אויף דראָזשקעס, ווער צופוס. היגע קומען בקאָמפּאַניע, מיט זייערע הויזגעזינטן. מאַנסביל לאָזן זיך צום פעטער חנאס הויז, די ווייבער — אין דער גרויסער סאַליע, ביים זיידן. דאָרט, אויבנאָן, אויף אַן איבערגעקערטער דייזשע, זיצט די כלה אין ווייסן איינגעהילט און מיט לאַנגע טולן פאַרשלייערט. אַרום איר הענגען פּרוכתן, און ס'ברענען ליכט, און וואַזאַנעס שלאַנקע באַשירעמען איר פון ביידע זייטן. די סאַליע איז פול מיט ווייבער — יונג און אַלט, מחותנתטעס, חברטעס, קרובות און אַזוי גוטע־פריינט. קאָלירטע סטענגעס אין די פאַרפלאָכ־טענע צעפּ פון יונגע מיידלעך, זייד און סאַמעט, האַדלזקייטן און שנורן פערל שימערירן און צעשפּילן זיך ווי רעגנבויגנס אין דער העלקייט פון דער באַלויכ־טענער סאַליע. די באָבע גיטעלע לויפט יעדער איינער אַנטקעגן; זי פלאַ־טערט, זי שוועבט, איר פנים שיינט פאַר שמחה, אירע אויגן לויכטן; נאָר אָפּט, גאַנץ אָפּט, גליטשט זיך איבער איר ווייכן פנים אַראָפּ אַ טרער אַ פערל־דיגע... די מומע חיה־שרה זיצט נעבן דער כלה, פאַכעט מיטן פאַכער און וואַרפט מיטן שוואַר־באַשייטלטן קאָפּ פון איין אַקסל צום אַנדערן. און די כלה זיצט מיט די אויגן צו דער ערד. בלאַס איז זי, און שיין, און חנעוודיג, און פאַר־בענקט זיינען אירע ליפּן. זי קושט זיך מיט יעדער איינער, געזעגנט זיך מיט אירע חברטעס און ווישט זיך אירע פאַרחלומטע כלה־אויגן.

און מיטאַמאָל ווערט שטיל אַרום. קלעזמער שטעלן־אָן די כלים. קוני דער בדחן שטעלט זיך אַוועק אינמיטן סאַליע, אַנטקעגן דער כלה, און פאַר־שטעקט די הענט אין גאַרטל. אַ פידעלע צעוויינט זיך שטיל. זישע פידעלע האַלט שוין די קאַלטונעוואַטע באָרד אונטערגעבעט אונטער דער מאָרדע, ס׳קעפל פאַרוואָרפן אויף אַ זייט, פינגלט־צו מיט די קאַלמוצקע אויגלעך, און כישופט אַרויס פון דער פידעלע בעטנדיגע, פאַרוויינטע אַקאָרדן. חברה־קלעז־מער האַלטן אים אונטער — באַשיידן, געלאַסן. זיי פרואוון אים איינגעמען, טרייסטן; זישע אָבער איז שוין העט־וואו! ער האָט אַ פידעלע, זישע, און ס׳פידעלע ווילט זיך אויסגיסן אביסיטשקע מתיקות, אַ קאַפּיטשקע האַרציגקייט — לאָזט ער זייַנע זשוואַווע פינגערלעך זיך צעציטערן איבער דער דינער סטרונע, און ס׳שוועבן־אויף טענער ווייכינקע, רחמימדיגע, כלות־הנפשדיגע... וויבער האַלטן שוין די פאַטשיילקעס גרייט. קוני נעמט זיך אָן מיט מוט, טוט אַ פאַר אַריין מעשה־גבור מיט זיין טיפער געמבע, חוצפּהדיג, דרייסט, און פאַרגייט באַלד אויף זישעס שטייגער, ווייך ווי א לעמעלע:

אַי, כלה־לעבן, כלה־לעבן!\
באַטראַכט זיך וואָס היינט איז פאַר אַ טאָג! —\
אַי, ביסט אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער,\
ווי אום יום־כיפור, ווי אין טאָג פון קלאָג!

ווייל היינט, כלה־לעבן,\
טוסטו פאַרן בית־דין של־מעלה שטיין,\
און אַלע דייַנע מעשים\
טוען פאַרן כסא־הכבוד פאַרבייגיין!...

און וויבער דרייען מיט די פיסקעס און פאַרגייען אין אַ כליפּען. דאָס פידעלע וויינט־מיט מיט זיי, און דער פייפיאַל צעכלינעט זיך אין אַ צעברעקלטן יאָמערל. נאָר קוני דער בדחן האָט אַ האַרץ פון אַ גזלן. ס׳איז זייַנע זיבן יאָר! — צעלאָזט ער זיך ברייט:

אַי, כלה־לעבן, כלה־לעבן, וויין!\
פאַרגיס אַ טרער, עפן פאַר גאָט דיין האַרץ!\
וועסטו אויף דיין גאַנצן לעבן מער\
ניט וויסן פון קיין צער און קיין שמאַרץ!

אַי, כלה־לעבן, כלה־לעבן!\
עס ציטערט אין מיר יעדער אבר,\
אַז איך דערמאָן זיך נאָר אַז ס׳איז נאָר\
אַ קאַצנשפרונג פון וויגעלע ביזן קבר...

און קלעזמער שפּילן טרויעריג, צעצויגן — מ׳שפּילט באַזעצנס. אַן אומעט לייגט זיך אויס איבערן גאַנצן הויז. אַלע וויינען. און הדסל, אויף דער באַבען קוקנדיק, צעוויינט זיך אויך. דאָס איז שוין פאַר אביגדורקען צופיל! נעמט ער הדסלען און לאָזט זיך מיט איר גיין צום פעטער חנאן, וואו דער חתן איז. דאָרטן זיינען מאַנסביל, איז אפשר ניט אַזוי טרויעריג...

וויַיט אַרויף שטייט דער חתן, אַ שעמעוודיגער אַזאַ, מיט לאַנגע, אַרונטער־געלאָזטע ברעמען, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אַטלעסענעם ראָק און מיט אַ סייד־בעלנער שטריימל אויפן קאָפּ. דער פעטער חנא מיטן וואַרשעווער מחותן טוען אים אָן אַ ווייסן קיטל איבערן ראָק, און פון אויבן — די ראַזעוואָלקע. די קאַפּעליע שפּילט איינגעהאַלטן, פּאַמעלעך, חסידיש־טרויעריג, און דער מאַר־שאַלעק טענהט־אײַן מיטן חתן בעל־תּפילהאיש, מאַנסבילש:

מורי ורבותי! טוב מעט בכונה מהרבה שלא־בכונה!
קומט אַ בדחן און ברענגט דעם חתן פון דער כלה אַ מתנה.

קומט דער בדחן מיט דער מתנה און שטעלט זיך ביי דער מזוזה
און בעט: רבונו של עולם! מאַך מיר ניט צו לעג און צו בוזה!

וואָרים ווי די אותיות מ ז ו ז ה מאַכט: מי זה ואי זה הוא,
און ווי דוד המלך זאָגט אין תהילים: לכו בנים שמעו לי...

אידן סמאַקעווען זיך מיט די לשון־קודשדיגע גראַמען פון דעם פוילישן מאַרשאַלעק, און קלעזמער פאַרגייען אין אַ סקאַרבאַוון צושפּיל. דער חתן ווישט זיך די אויגן, לייגט אַרויף אַ זעקעלע אַש אונטערן שטריימל. דער רב בענטשט אים, און זיין טאַטע בענטשט אים, און בלאַסער ווערט זיין פאַרטראַכט פּנים.

...און עס צינדן זיך הבדלות אָן — אַ סך הבדלות. קליינוואַרג האַלטן ליכטלעך אין די הענט. און די פּלעמעלעך צעשפּילן זיך, און די פייערדיגע הבדלה־צונגען צעפלאַקערן זיך און צעזייען זיך ווי שטערנדלעך איבערן הויף. און שטיל איז איבערן הויף, און ליכטיג אונטער דער חופּה, און אין דער שטילקייט גייט־אויף רב טעוועלעס תמימות־פרומער ניגון:

— שוש תשיש ותגל העקרה בקבוץ בניה לתוכה בשמחה...

און אַרום שטאַרט אַ וואַלד פון שוואַרצן אַטלעס, פון ווייסן זייד, און גאַפּט און האָרכט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. די חופּה־ליכט פינקלען שעלמעריש. און פון אויבן קוקט אַראָפּ אַן אויסגעשטערנטער, שווייגנדיגער הימל.

און מיטאַמאָל פּלאַצט־אויס אַ דונער פון קולות און צעברעקלט זיך ברייט, האָפּערדיג:

— מזל טוב!! מזל טוב!!!

די קאַפּעליעס צעלאָזן זיך אויף אַלע כלים, ווי אויפסניי אויפגעלעבט.

העכער און פריילעכער צעפלאַקערן זיך די הבדלות. און אַ זינגענדיגע כוואַליע פון שמחה־מיטגעריסענע אידן און פלעסקענדיגע אידענעס טראָגט זיך צו דער סאַליע־צו —

— פריילעכער! לעבעדיגער!

פאַראויס, אַנטקעגן חתן־כלה, טאַנצן מחותנים אין אַ שרענג מיטן זיידן בראש. און דער זיידע טאַנצט מיט צוגעמאַכטע אויגן, פּאַטשט מיט הענט און ברענט אַ וועלט! נאָך אַלץ ניט גענוג פייער פאַר אים — נאָך ניט גענוג ברען! —

— שטאַרקער! העכער! אַי, כיצד מרקדין לפני הכלה!... אַי, רבונו־של־עולם! — אַט אַזוי!...

און מחותנתטעס צעהעצקען זיך, און דער עולם צעוואַרעמט זיך, און קלעזמער טוען זייערס: עס ריפּעט דער באַס, עס צימבלען די טאַצן, פריילעך שפּילן איצט די פידלען, און די קולות פון די טרומייטן רייסן זיך אין די הימלען אריין —

— מזל טוב! מזל טוב! שלאָפט ניט, קלעזמער! שלום־יעקב דייכעס גיט אויס ס'ערשטע אייניקל!...

און ס'קלינגען כוסות, און ס'הויבן זיך קילישקעס, און ס'צעפליגלען זיך לחיימס — רחבותדיגע, האַפּערדיגע, מלא־וגדושדיגע — פון נגידישע אידן, פאַרבענקטע, פאַרדבקעטע, ניט־דערזאָגטע — פון אָרימע מקורבים:

— לחיים, אידן — לחיים! גאָט זאָל געבן—— ער זאָל געבן—— אַז ס'זאָל טאַקי—— טאַקי — ווי זאָגט איר — מיט־מיט־מיט... און טאַקי... נו, לחיים!... אַ—ה!

און אַזויפיל אידן, קיין עין־הרע! אידן אין אַטלעס געוויקלט, מיט זייד באַגאַרטלט, מיט סייבלנע שטריימלעך באַקרוינט; אידן אין יום־טובדיגע קאַפּאָטעס, סורדוטן, צילינדערס און קאַפּעליושן, און ריפּסענע קאַשקעטן, און סאַמעטענע קאַרטוזן. אַזויפיל ליכטיגע בערד און פאות! אַזויפיל יום־טובדיגע אידן אין אַ מיטנוואָכעדיגן טאָג! און ליכטיגער און יום־טובדיגער שיילט זיך פון צווישן אַלעמען אויס פאַר אביגדורקען דעם זיידנס געשטאַלט: שמחה איז אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים; דער ברייטער חדוהדיגער שמייכל גייט גאָר פון זיינע ליפּן ניט אַרונטער; זיין הויכער ווינקלדיגער שטערן שיינט; זיינע אויגן פלאַמען; זיינע פאות טאַנצן אונטער; זיינע פינגער רוען ניט אַ רגע — זיי צאַפּלען זיך, זיי שפּרינגען, זיי קנאַקן אונטער. ער שטראַלט דער זיידע און קוועלט־אָן פאַר נחת. קיינמאָל האָט ער נאָך דעם זיידן ניט געזען אַזוי פריילעך, אַזוי בגילופין. און ער וויל צולויפן צום זיידן און כאַטש אַ גלעט טאָן אים די האַנט; אָבער ווער קאָן מיט אים דערציען?! ווער קאָן אים גאָר אָניאָגן?! ער טראָגט זיך געשווינט ווי אָן אינד! אָט איז ער דאָ, אָט איז ער שוין דאָרט, און באַלד פאַרגייט ער אין אַ זמרל מיט אימעצן־אַנדערש...

און מ׳שפּילט פריילעכס, און שערעלעך, און קאַראַהאָדן און וויוואַטן — לכבוד דעם חתנס צד, לכבוד דער כלהס צד, לכבוד דעם זיידן מיט דער באָבען, לכבוד דעם רבין. און דער עולם טאַנצט. מ׳טאַנצט אין רעדלעך, מ׳טאַנצט אין שרענג, מאַנסביל פון איין זייט, ווייבער פון צווייטן. און עס פלעכטן זיך קאַראַהאָדן, און עס קייטלען זיך די שרענג; ברייט און ברייטער ציט זיך, שלענגלט זיך די ראָד. האַנט אויף אַקסל — מולטאַן — זיידנס — עס ברענט, עס פלאַקערט טאַנץ נאָך טאַנץ. און יעדער ברום פון דער באַנדורע, יעדער זעץ פון טאַץ און פויק, קלינגט־אָפּ אין האַרצן, בריט די פּיאַטעס, פאַררייסט די פּאָלעס, הויבט די קנאַפּל העכער, העכער. דרייסטער, שטאַרקער שטראָמט די פרייד.

— האָפּיי! האָפּיי! אַי, דער אָטעם!... לעבעדיג, קלעזמער! זעט וואָס טוט זיך דאָרט אין ראָד!!

דאָרט טאַנצט דער זיידע מיט דער באָבען — פרום, צעכראַשטשעט —

— שלום־יעקב! אַי, גאָט האָט אונדז באַשערט—— !

זי הויבט די היפּטן, טופּעט, דרייט זיך — „אַי, שווער... די על־טער...״ — נאָר זי שמעלצט זיך און זי טאַנצט. און דער זיידע, איר אַנט־קעגן, טראָגט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן; פאַרשטעקט די פּאָלעס טיף אין גאַרטל, די הענט פאַרריסן, פרומע פינגער —

— רבונו־של־עולם! איך טאַנץ פאַר דיר!...

און אָט גייט ווער אַוועק „אַ קאַזאַק״: ווער מיר קאַפּטן?! וואָס מיר שטריימל?! — ציצית, פּאות, פּיס און אויגן...

און עס טאַנצן טאַטע־מאַמע, מחותנים פון ליטע, פּוילן. פון יעדן קנייטש זינגט גדולה, נחת; ליכטיגער בטחון — פון יעדן דבקותדיגן וויג.

און עס פלאַטערן פאַטשיילקעס אויף — רויטע, בלויע, וויס־געפּינטלט — און די כלה איז אין דערמיט. ענגער ווערט די ראָד געשלאָסן, געקניפּטער ווערט דער קאַראַהאָד, און ס׳גייט אַוועק אַ טאַנץ פלאַם־פייער — מאַנסביל, ווייבער אויסגעמישט... אויסגעטאָן פון דער וועלט דער גאַרער, שוועבט מען, טראָגט מען זיך ווי אָדלערס. ווער מיר פריץ — פויער — וועלדער?! וואָס מיר מיל — פּרנסה — דאגות?! — הימלען! הימלען! — זיי זעען נאָר הימלען — טיפע, לויטערע און פולע! פון היכל־השמחה טרינקען זיי פרייד.

*

— מ׳טאַנצט —

און דורך דער טיר דער אָפענער שלייכט זיך אַריין אַן אומבאַקאַנט געשטאַלט און בלייבט שטיין ווי אַ שאָטן ביי דער וואַנט. פון אונטער זיין צעשויבערטן, שוואַרצן קאָפּ האָר גליען אַרויס אַ פּאָר ברענענדיגע אויגן; טיף איינגעגראָבן זיצן זיי אין זיין ברוינהויטיגן, אויסגעקאַרבטן פּנים מיט אַן

אויערדרינגל אויפן לינקן אויער. און ער שטייט און קוקט, נישטערט מיט די אויגן און שוויגט. חברה־קלעזמער ווינקען זיך טשיקאַווע איבער. דער זיידע דערזעט פון דערווייטן —

— אָ — ! אַ פּנים חדשות — יאָהאַניצי! אַן אָנגעלייגטער גאַסט! ג י ט ט אַ ק י  אַ כ ט ו ב ג  ס'אַר אַ גאַסט מיר האָבן!... טאַקי געקומען? — פיין! פיין! זייער פיין פון דיין זייט!... נו, טאָ וואָס שטייסטו ווי אַ גולם? פון אַביסל, מאָנאָפּאָלקע וועסטו זיך דאָך אַודאי ניט אָפּזאָגן; ס'איז דאָך עפּעס אַ שמחה, יאָהאַניצי!...

נעמט יאָהאַניצי ס'פולע גלעזל בראָנפן, טוט עס אַ הויב אין דער הויך:

— נו, גיב גאָט אַלעמען געזונט, אי גליק, אי—— האָדי![1]

— נאָך איינע, האַ?

— נו, גיב גאָט פרייד, און אַ סך פרייד!...

— זעסטו? דאָס רעדסטו שוין באַלד ווי אַן אמתער חסיד — טאַקי ווי גאָר אַן אנשי־שלומנו, להבדיל... און איצט, יאָהאַניצי־סערדצע, עפּעס אַזוינס — פון די דאָזיגע — עפּעס אַ האַרציגס — דיר דאַרף מען דאָך ניט זאָגן! עפּעס אַזוינס — מ־מ־מ — מיט אַ קנייטשעלע — מיט אַ קווינטעלע — עס זאָל דורכנעמען... ס'גייט מיט אַזש ס'האַרץ אַריבער, פאַרשטייסט?

און יאָהאַניצי פאַרשטייט. לאָזט ער זיך לאַנג ניט בעטן, און שלעפּט אַרויס פון אונטערן פאַזוכע אַ משונהדיג פידעלע, לאָזט זיך אַרונטער אויפן דיל, טוט אַ פיר מיטן בויגן איבער די סטרונעס טרי——ם טראַ——ם, און באַלד צעטראָגן זיך איבערן חלל פון דער סאַליע ווייכע, אויסגעצויגענע קלאַנגען, ווייטע, פאַרבענקטע. צוערשט — שטיל, פאַרחלומט, ווי פון וועלטן אַנדערע, וועלטן ווייטע; און ביסלעכווייז צעוויגן זיך די איינציגע אָפּגעריסענע קולות, גיסן זיך צונויף אין האַרציגע געזאַנגען און צעפליגלען זיך איבער בלינדע הויכן אַזוי טרעלנדיג־בעטנדיג, אַזוי זיס־טרויעריג, אַזוי שפּילעוודיג־וויי־נענדיג.

און אביגדורקע שטייט נעבן זיידן, זיינע אויגן איינגעגעסן אין דעם שפּילנדיגן ציגיינער. ער דערפילט אויף זיך דעם ציטער פון די סטרונעס. די קלאַנגען רופן צו אים, ליאַשטשען אים, ציען אים נענטער, נענטער...

און יאָהאַניצי זיצט מיט די פיס פאַרוואָרפן אונטער זיך, ס'פידעלע אויפן קני, דער קודרעוואַטער קאָפּ פאַרלייגט אויף דער כלי, און די קנאָכיגע, לאַנגע פינגער צאַפּלען זיך און וויגן זיך איבער די סטרונעס, און מאַניען אַרויס אַזוינע זאַפטיגע קולות, אַזוינע זוניגע, ליכטיגע... און דער עולם גאַפט און האָרכט. קיינער רירט זיך ניט פון אָרט, קיינער פאַרגינט זיך ניט אַ וואָרט. און ס'ווירבלען זיך און רייסן זיך די טענער טרויעריגער, יאָמער־

1. גענוג!

דיגער, השתפכות־הנפשדיג. מ׳ווייסט ניט וואָס ער שפּילט; ס׳איז ניט קיין סיני, ניט קיין וואָלאַך, ניט קיין דבקות; נאָר עפּעס איז זיין שפּילן אַזוי פאַר־שטענדיג, אַזוי נאָענט — ס׳צענעמט, ס׳צעוואָרימט — ס׳רעדט אָן ווערטער, ס׳דערציילט אָן לשון; ס׳טענה׳ט, ס׳זיפצט, ס׳מאָנט... און ס׳ווערט עפּעס אַזוי ענג אין קאָלנער, פול אונטערן ארבע־כנפות, ווייך און ליכטיג אויף דער נשמה, און די אויגן פאַרלויפן. מ׳פאַרבייסט אַ ליפּ, מ׳פאַרגלעט אַ לאָץ, שטערנס פאַרקנייטשן זיך, און ברעמען פאַררייסן זיך הויך. מ׳קוקט אויף דער סטעליע, אויף די שפּיץ־נעגל, מ׳קוקט אין זיך — טיף, טיף, ווייט... נעכטנס — מאָרגנס — וואָכעדיגע טעג — וועלטן... וועלטן...

און ס׳פאַלט ניט־ווילנדיג דער בליק אויפן ציגיינער:

— ווער איז ער? פון וואַנען האָט ער זיך אַהער גענומען?...

# 12

## יאָהאַניצי

— ווער איז ער? פון וואַנען האָט ער זיך אַהער גענומען? — פון וואַנען נעמט זיך דער ווינט אין פעלד? פון וואַנען קומט די שוואַלב? ער איז דאָ! שוין פון קדמונים, דאַכט זיך. נישט מ׳געדענקט ווען ער האָט זיך דאָ צוערשט באַוויזן, נישט מ׳ווייסט ווי אַזוי ער האָט אַהער אָנגעשפּאַרט — אַליין, צי מיט אַ שייקע ציגיינער. און וואָס איז דער חילוק? דעם פּלאַץ מאַכט ער קיינעם ניט ענג, און קיין צופיל עסקים, ווי איר זעט, האָט מען מיט אים ניט; טאָ זאָל ער זיך לעבן דאָרט אין זיין כאַלופּע אונטערן שטאָט.

— וואָס טוט ער? פון וואָס לעבט ער?

— ווּעמען אַשטייגער גייט עס אָן? ס׳שטיקל ברויט פון מויל נעמט ער ביי קיינעם ניט צו. און, צוריקגערעדט, וואָס דאַרף ער? „קיין קינד, קיין רינד״, — עלנט ווי אַ שטיין — די גרויסע הוצאה זיינע, מ׳שטיינסגעזאָגט?!... אָט שפּילט ער אין אַ מאַרק־טאָג ביים שענק, און שיקסעס און שקצים טאַנצן אַ דרייער־אַ־טאַנץ; אַמאָל שיקט נאָך אים דער פּריץ פון דערבייאיגן שטעטל אַז ער זאָל פאַר אים שפּילן, איז ער אים מהנה; שפּילט פאַר די אָפיצערן אין קרעפּאָסט. דער קאָמאַנדאַנט פון דעמדאָזיגן קרעפּאָסט איז גאָר די כפּרה פאַר אים! אַ דייטש! אַליין ניט אַבי־ווער פון אַ מנגן... נאָר וואָס פאַרשטייען זיך אָפיצערן־פּיאַניצעס אויף נגינה? וואָס פאַרשטייען זיי זיך אויף יאָהאַניצן.

— וואָס אין זיין פידעלע שטעקט? אַה, אידן, זעט איר, איז עפּעס אַנדערש!

— אַ קרעכצעלע, אַ קנייטשעלע, אַ ציקעלע — מ׳איז עס תופס בעסער, מ׳פאַר־נעמט עס גרונטיגער, ס׳איז לחלוטין אַנדערש! איז טאַקי ווי־נאָר ער דער־שמעקט ערגיץ א שמחהלע, אַ חתונה, וואו מ׳גייט דעם אמתן ריקודל — ציט עס אים אַהינצו, און ער וואַקסט דאָרט באַלד אויס, אַזוי ווי איר זעט, ניט־געבעטנערהייד. ער האָט ליב פריילעכקייט, ברען. ציגיינערש בלוט!

— שפּילט טאַקי פלאַי־פלאַים!

— פטור־נו! מ'דערציילט דאָך איך, אַז מבינים לעקן ממש די פינגער פון אים, קומען אים הערן אויף חידושים. אָט האָט אים אַשטייגער אַנומלטן ערדענקאָ געהערט שפּילן, איז ער גאָר אויסער זיך געוואָרן פאַר התפעלות — „נאָך אַזוינס ניט געהערט!" און וואָס דאַרפט איר מער? דער קאַרלינער, זכותו יגן, האָט זיך דאָך געוויס פאַרשטאַנען אויף אַזוינע זאַכן; האָט זיך אַליין געשמט איבער דער וועלט פאַר אַ מנגן — און דוקא פון די גרויסע! האָט אָט דער יאַהאַניצי אַמאָל געשפּילט ביים קאַרלינער אין הויף, ביי דער אינגסטער טאָכטער אויף דער חתונה, האָבן זיך דעם קאַרלינער אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן. „אָט אין דעם ציגיינער — האָט ער געזאָגט — שטעקט אַ ניצוץ פון דוד המלכס נשמה"... פאַרשטייט??

— ווי אַלט איז ער אַן ערך, האַ?

— ווי אַלט ער איז? אדרבה, זייט א בריה און דערפרעגט זיך ביי אים! זעט טאַקי, אויף טשיקאַוועס, צי ער וועט אייך ענטפערן ס'צווייטע וואָרט. אָט אַזוי ווי איר קוקט אים אָן: שפּילן — וויפל נאָר ס'האַרץ גלוסט, ריידן — אַ וואָרט ניט! כאָטש מ'זאָגט, יאַקבי, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף אַלע שבעים לשון. ווערט ניט עלטער אויף אַ טאָג! זקנים געדענקען אים שוין מכמה יאָרן, און— אַזוי ווי געוועזן! אַ האָר זאָל עס ביי אים גרוי ווערן! און די פאַר קוקערס זיינע? איר זייט עפּעס א מבין אויף אַזוינע קוקערס? — ווי ביי אַן אָדלער! טשורקאַטשעס!... אָט אַזאַ מין נפש איז דאָס.

— טשיקאַווע! אין אַנדערע מקומות וואָלט מען דאָך אַזאַ־אַ אָפּגעגאָלטן!

— הערט איר? אָט דאָ ליגט דאָך ס'גאַנצע שפּיצל! דאָס איז דאָך די גאַנצע רעטעניש!

א ר ע ט ע נ י ש !

דאַכט זיך, אַ ציגיינער ווי אַלע ציגיינער; און דאָך, אַז ער טראָגט זיך פאַרביי אויף זיינע לאַנגע פיס, בלייבט נאָך אים עפּעס אַ סודותדיגקייט הענגען אין דער לופטן.

מאָלט איך: קיינעם ניט זאַטשעפּעט, צו קיינעם קיין וואָרט ניט אויס־גערעדט; און אויגן קוקן אים נאָך, פאָלגן נאָך זיינע טריט, פרעגן, נישטערן.

פרעגט: ווּעמען גייט ער אָן? ווער דאַרף אים? פונדעסטוועגן, אַז ער איז נ י ט אָ, לייגט זיך עפּעס אַ מין ליידיגקייט אויס, און ס'בענקט זיך נאָך אים, און מ'גאַרט אויף זיין זיין.

און דערמאָנט מען נאָר יאַהאַניצין, שווימט באַלד פאַר די אויגן אויף זיין פידעלע, לאָזט זיך הערן זיין מתיקותדיג שפּילן...

אַ ר ע ט ע נ י ש !

פאַר חברה־חדר־אינגלעך, אָבער, איז ער געוועזן אַ גאַנץ פאַרשטענדיגע זאַך, אַן אָפענער בוך; און אברעמעלע יונה דעם סופרס האָט פון דאָרט אַרויס־

געלייענט דעם סוד פון יאָהאַניצעס שוויגן, דעם באַדייט פון זיין שפּילן. און פון דאָס אַרויסגעלייענטע האָט אברעמעלע אויסגעשלייפט פּאַטשערקעס, ט׳אויס־געשנירלט מעשהלעך.

און אברעמעלע האָט דערציילט:

— און אַט דער יאָהאַניצי איז אַמאָל געווען א בן־מלך, דער זון פון אַן אַלמעכטיגן אַטאַמאַן פון שטאַרקסטן ציגיינער־שבט. און שיין איז ער געווען, און יונג, און צו זיין שפּילן איז ס׳גלייכן ניט געווען. האָט ער אַמאָל געזען די טאָכטער פון אַ גרויסן שררה און האָט געגלוסט איר שיינקייט; און זי, ווען זי האָט געהערט זיין שפּילן, האָט איר זעלע געלעכצט נאָך אים. און יעדע נאַכט פלעגט יאָהאַניצי זיך פאַרגנבענען אין דעם גאָרטן פון שררהס פּאַלאַץ, און דאָרט האָט ער געשפּילט פאַר איר אויף זיין פידעלע און האָט גערעדט אויף איר האַרצן. איז די זאַך דערגאַנגען צום שררה. האָט ער געהייסן דעם ציגיי־נער פאַנגען. האָט געפּרואווט מיט גוטן, ט׳געפּרואווט מיט בייזן; געזען אַז ס׳העלפט ניט, און אַז זיין טאָכטער גייט־איין ווי אַ ליכט — האָט ער אויף יאָהאַ־ניצן אָנגעווענדט די כוחות פון כישוף, און דורך דער שוואַרצער מאַכט אים פאַר־טריבן פון זיין טאָכטערס שוועל, געמאַכט אים נע־ונד. איז יאָהאַניצי אויף אייביג פאַרוואָגלט געוואָרן פון זיין שבט און איז פאַרגעסן געוואָרן ווי אַ טויטער פון האַרצן, און דער וועג צו זיין באַשערטער איז מיט אַ באַשוואוירענעם עיגול אַרומגערינגלט... און יעדע נאַכט, אין אַ געוויסער שעה, וויינט ער אויפן פידעלע זיין בענקשאַפט אויס, און רופט צו איר פון דער וויטער וויט; ווייל אויף די קולות פון נגינה האָבן די כוחות פון כישוף קיין שליטה ניט. און דערפאַר איז זיין שפּילן אַזוי טרויעריג...

און נאָך אַ זאַך ווייסט אברעמעלע; נאָר דאָס איז אַ סוד:

— אַז לאַנג האָט יאָהאַניצי זיך געראַנגלט און געפלייסט אָפּצוטאָן פון זיך די שוואַרצע מאַכט, אַראָפּצוואַרפן פון זיך די קייטן פון כישוף. נאָר אַז ער האָט געזען אַז ער קאָן זיי ניט בייקומען, האָט ער געשלאָסן בלאַט מיט די ניט־גוטע. און סוף־חודש, נאָך האַלבער נאַכט, ווערט מיטאַמאָל ליכטיג אין יאָהאַ־ניציס חורבה, און עס לאָזט זיך אַהין אַראָפּ לילית, ימח שמה, מיט איר גאַנצער חברותא, און זיי ברענגען־מיט דעם שררהס טאָכטער. שפּילט פאַר זיי יאָהאַ־ניצי אויף זיין פידעלע, און די ניט־גוטע פראַוון דאָרטן וואַקכאַנאַליעס ביז דער ערשטער שטערן לעשט זיך אויס...

און אביגדורקע הערט און שלינגט יעדן וואָרט. און וואָס מער ער הערט, אַלץ מער ווילט זיך אים הערן וועגן דעמדאָזיגן ציגיינער, אַלץ שאַרפער ווערט זיין בייגער, אַלץ פיינלעכער זיין באַגער.

זינט יענער נאַכט, ווען ער האָט געהערט יאָהאַניצין שפּילן אויף דער חתונה ביים זיידן אין הויף, האָט אים ווי אַ פאַרהוילענער כוח געצויגן צום דאָזיגן ציגיינער. עפּעס האָט אין אים דערדאָזיגער פידלער אויפגערודערט;

עפּעס האָט זיין שפּילן אויפגעבראָכן, עפּעס האָט זיין שפּילן אויפגעבריזט אין זיין יונגער נשמה און האָט דאָרט דער־וועקט אַ פאַרלאַנגען, האָט אויפגערייצט אַ באַגער. און עס גייט אים מער ניט אַיין דאָס לערנען אין חדר, עס באַפרידיגט אים ניט ס'שטיפן מיט די אינגלעך, און ס'שטילן אים ניט מער דעם זיידנס מעשהלעך. וואָס ער זאָל ניט זען, וואָס ער זאָל ניט הערן — זעט ער אין אַלץ יאָהאַניצין, הערט ער איבער אַלץ זיין פידעלע. אַי, זיין פידעלע! וואָס פאַר אַ כוח שטעקט אין דערדאָזיגער פידע־לע?! — עס ציט, עס מאַניעט, עס רופט...

און אין די זומערדיגע פאַרנאַכטן, בין מנחה למעריב, דערטראָגט זיך פון יענער זייט טייך דאָס שפּילן פון אַ פידל און לייגט זיך אויס ווי דער פאַרנאַכ־טיגער טוי איבער דער מיסטיש־גרויער בלויקייט פון פאַרחלומטען בין־השמשות. ס'טויכן־אויף קלאַנגען נאָך קלאַנגען — שטיל, און מילד און אַזוי קינדיש־צאַרט פאַרבענקט — שוועבן־אויף און צעוויגן זיך ווי דער הויכער גראָז אויף דער לאָנקע. ס'רייסן זיך קולות איינזאַמע — שאַרף און שניידנדיק ווי חלפים, זאַנפט און ליוטער ווי דער הימל אין פרימאָרגן — און צעפּליגלען זיך ווי יונגע ווינטן, און פלאַטערן ווי טויבן. און ס'שוועבן־אויף געזאַנגען האַר־ציגע — ווייך, און פאַרביק, און פאַרקלערט, ווי דאָס פליסן פון דעם טייך נאָך דער שקיעה. ס'ציטערן סטרונעס, בעטן זיך רחמימדיק און וויינען, פרעגן. הויך און העכער, ווייט און ווייטער טראָגט זיך דאָס געזאַנג אָן ווערטער און צעשטורעמט זיך, צעברויזט זיך, און ווערט צעבערעקלט אין אַ טרעלן ווי דער וואַסער־פאַל ביים מיל. נאָר דער נאָכוויי פון אַן איינציק סטרונע — טיף און ציטעריק ווי דער יאָמער פון אַ זקן — בלייבט נאָך הענגען אין דער לופט.

זיצן קלעזמער ביי דער גרעבליע, שוויגנדיק, פאַרגאַפט. ספירה־צייט, ניטאָ קיין שמחות — האָרכט מען, האָרכט מען. ווערט דאָס שוויגן שווער און מוטנע, זיפצט־אָפּ יעדערער ווי פאַר זיך:

— עך, וויסט אים דער טייוול! אַזאַ שפּילן!...

— כישוף ליגט אין יעדן פינגער!

— צויבער, זאָג איך אייך, אין יעדער סטרונע!...

און וויט, ווייט איבער דער לאָנקע בלאַנקען־אום צווי שאָטנס אין דער טונקל: צוויי חדר־אינגלעך, פון־שול־אַנטלאָפענע, מיט־שמות־באַשוואָרענע, גייען־נאָך פאַרחלומט די ווייטע קלאַנגען —

— ... און זיין פידעלע, אביגדורקע, איז ניט אַבי אַ פידעלע; און זיין שפּילן, זאָג איך דיר, איז ניט סתם אַ שפּילן...

נאָר וואָס הערט ער איצט אַברעמעלען? ווער פאַרנעמט אַצינד זיינע ווערטער? — ווען עס רעדט צו אים יאָהאַניצי אויף זיין פידל־שפּראַך דער שיינער; ווען עס וועבן זיך אין צויבער־שלייערס אַרום אים געזאַנגען זוניגע,

פאַרטרוימטע, און אין דעם וויינען פון די טענער הוילן זיך בשורות ליכטיגע און פריידן; ווען יעדער צאַפּל פון אַ סטרונע טראָגט זיך איבער אין זיין האַרצן, דרינגט אַריין אין דער נשמה, רייצט און רעגט, און זיין גאַנצער יונגער וועזן ווערט דורכגענומען מיט איין באַגער, פיבערט־אויף מיט איין פאַרלאַנגען:

אַ פידעלע!

אַי, ווען ער האָט נאָר אַזאַ פידעלע! ווען ער קאָן נאָר אַזוי שפּילן!...

# 13

# אין דער נעץ פון זינד

ז ומער־לעב. נאָכמיטאָג.

ס'איז הייס. אין חדר איז דושנע. פון אונטערן טיש שלאָגט אַ זויערקייט פון אָפּגעוואָרפענע שטיקלעך עסנוואַרג און אויבסן. דורכן אָפענעם פענצטער ברעכט זיך אַריין אַ פּאַסמע ליכט מיט שפּילעוודיגע שטויבעלעך. אין האַלדז איז טרוקן. ס'וואַסער אין פאַס איז וואַרעם, צוגעדומפּן. און טרוקן און צוגעדומפּן איז דער זומערדיגער חומש־לערנען: נאָכאַמאָל „און דו זאָלסט איינזאַמלען צו דיר די עלטסטע פון די שבטים״: אָבער־אַמאָל „און איך וועל אייך מאַכן ארבן אַ לאַנד וואָס רינט מיט מילך און האָניג״; און ווידער־אַמאָל „און איך וועל פאַר אייך טאָן שיקן די פויגל צרעה, וואָס פון איר שפּיי ווערט מען בלינד... און די שלאַנגען און די עקדישן...״

— באָבע־מעשות? — טוט יאַשקע אַ ברום אַרויס פון אונטער דער דאַלאָנע — האָסט עפּעס מזומן, אביגדורל?

— אַ פּיאַטאַק. וואָס'י?

— גאָרניט, גלאַט אַזוי. ס'איז דיר הייס?

— אַ שאלה אַביסל! דער ציצה־כנפות אויף מיר איז אַזש נאַס.

— טאַ וואָס־זשע שוויגסטו, קעלבל?! שאַר זיך אַרויס באַלד נאָך מיר. איכ'ל אויף דיר וואַרטן ביים פּאַרקאַן...

דרויסן גיהנומט. יאַשקע קאָן זיך אויף אים קוים דערוואַרטן.

— אַנו, ווייז נאָר אַקאָרשט צי האָסטו נאָך דעם פּיאַטאַק? —

— אָט איז עס... קום לאָמיר עפּעס קויפן.

— וואָס?

— עפּעס אויף אָפּצוקילן זיך.

— איך ווייס וואָס, אביגדורל: מאָראָזשענע! מאָראָזשענע קילט פון אינעווייניג. קום!

— טאָ וואוהין גייסטו, יאָשקע? כיליע דער צוקערניק איז דאָך גאָר אויף ד ע ר זייט שולהויף...

— זיי ניט קיין יאָלד! ווער דאַרף אים, דעם צבועק? אַ מכה אים אים די זייטן! גיט דיר אַ קילישעקל מיט וואַסערדיגע מאַראַזשענע, די גרויס ווי אַ קדחת און געמאַכט מיט סאַכאַרין, און—— און—— די ווייב זיינע האָט די פּראַנצן... קום, מיר׳ן קויפן ביים פּאַניע.

— אָבער——

— זיי ניט קיין קאַלב! — טוט אים יאָשקע אַ שלעפּ פאַרן אַרבל — פאַרן זעלבן פּיאַטאַקל גיט דיר דער פּאַניע אַ גאַנצע האַלבע טיי־גלאָז מיט אמתע מאַראַזשענע, מיט יאַגעדעס, און מיט פּאַטעקע — אַ טעם־גן־עדן! קום.

— וואו?

— ס׳אַרט דיר וואו?! מיר׳ן אים שוין געפינען...

פאַרן אַפּטייקערס גאַנעק האָבן זיי פאַצאַפּעט דעם ברייטפּלייציגן פּאַניע מיטן ווייסן פאַרטוך. ער איז אַקאַרשט אַרונטערגעקומען פון די טרעפּלעך, די הויכע קאַדקע אַרויפגעשטעלט מעשה־צילענדער אויפן קאָפּ, און האָט זיך געלאָזט גיין מיט האַרטע טריט, אויסזינגענדיג אויף זיין טיפער קעל:

— סאַכאַר־ני מאָראָ—ז!

— אַ קרענק דיר אין נאָ—ז! — קרימט אים יאָשקע נאָך און גייט אים נאָך פון דערווייטן, מיטשלעפּנדיג אביגדורקען נאָך זיך.

— מיר׳ן וואַרטן ביז ער׳ט זיך פאַרדרייען אין דער גויאישער געסל — סודעט אים יאָשקע אַריין אין אויער און לאָזט די אויג ניט אַראָפּ פון פּאַניע — קיינער וועט ניט זען...

און דער פּאַניע גייט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, מיט אַן אָנגעצויגענעם קאַרק, און קלאַפּט מיט די שווערע טשאַבאָטעס מעשה־יון. די צוויי חדר־אינגלעך גייען אים נאָך. אביגדורקע קוקט זיך יעדע ווייל אום אויף הינטער. ס׳הערצל קלאַפּט — קלאַפּט שטאַרק: ער ווייסט אַז מ׳טאָר ניט. ער וויל צוריקגיין, אַנטלויפן; נאָר עפּעס לאָזט אים ניט — ער קאָן ניט. און זיי גייען גאַס־אין, גאַס־אויס. דער פּאַניע שטעלט זיך אָפּ ביי יעדן גאַס־ווינקל, זינגט־אָפּ דעם איינציגן פּזמון וואָס ער קאָן, און וואַרט. אַמאָל קומט אימעצער און קויפט, אַמאָל ניט. אידן שאָקלען זיך אָפּ פון אים מיט פאַרטאַיעטן תרעומת:

— מיטן קאָפּ אין דר׳ערד! האָט זיך עס צעהירזשעט אַביסל! שטאָפּט־אָן אַ שטאָט מיט טרפה...

און דער טאָג שרפהט. דער ברוק סמאָליעט. די רויטע כוסטקע איבערן צעבערל מאָניעט פון דערווייטן. אין מויל איז מלאָשנע, טרוקן, און צום גיין נעמט גאָר קיין סוף ניט. זיי שלעפּן זיך אַריבער דעם הילצערנעם בריק. אָט לאָזן זיי זיך שוין אַריין אין דער חזיר־געסל.

— דו זאָג אים, יאָשקע. דו קאָנסט גויאיש...

פאַרלויפט אים יאַשקע דעם וועג און שיסט־אויס ס׳גאַנצע ביסל רוסיש זיינס:

— מאַראַזשענאַ זאַ פּיאַטאַק! [1]

— לאַנדאַ זעמליאַטשאַק [2] — רופט זיך אָפּ דער פּאַניע געלאַסן.

און ער טוט אַ שמייכל מיט זיין שמאַלציגן פּרצוף, לאָזט אַרונטער דעם צעבערל אויף דער ערד און לייגט אויס ס׳גאַנצע קרעמל — קאַלטבלוטיג, באַזאַכט. דערנאָך נעמט ער מיושבדיג אַרונטער ס׳קופּערנע דעקל פון צווישן דעם אָנגעבראָקטן אייז, שטאָפּט־אָן דעם קאַלטן פוטערדיגן מאכל אין דער די־קער גלעזל, טוט אויפשנעל אַ וויש־אויס מיטן פאַרטוך אַ גלאַנציגע ביינערנע לעפעלע, שטעקט עס אַריין אין דער איבערגעפילטער גלעזל און דערלאַנגט עס אויף דריי פינגער —

— וואָט טיעבע גאָלובטשיק [3].

— זעסט? ווי ביי אמתע פּריצים! — טוט יאַשקע אַ זאָג מיט נצחון — ניט ווי ביים קרעציגן כיליע, אַ בראַנד אים אין די בייבער!

עסן זיי זאַלבענאַנד דעם דערפרישנדיגן מאכל פון איין גלעזל — אַ לע־פעלע זיך, אַ לעפעלע יאַשקען; צוערשט — לאַנגזאַם, מיט אַ פּאַרטאַיעטן ציטער: ס׳שמעקט מיט גוי... באַלד אָבער פאַרגעסט מען וועגן דעם, מ׳ווערט פאַרטאָן אין דער אכילה. די פינגער באַוועגן זיך שנעלער, די שלונגען ווערן גרעסער. די מאַראַזשענע איז גלאַטיג־זיס, קאַלט — אַ סכנה! ס׳טוט אַ פריר אין נאָז, פאַרגייט צווישן די אויגן, גליווערט אָזש אין די שלייפן. פאַרקרימט מען זיך, פאַרכליגעט מען זיך, און מ׳כליאַבעט ווייטער, און מ׳סמאַקעוועט זיך אונטער: אַ גוטער גוי! האָט אָנגעלעגט אַ גלעזל מיט אַ ווערך, און אַזוי באַטעמט!

שטייט דער פּאַניע, די פוס אָנגעשפּאַרט אויפן ראַנד פון דער קאַדקע, דער עלנבויגן אויפן קני, קאַמט פאַנאַנדער מיט די פינגער די צעוואַקסענע רויטע באָרד און מעסט־אָפּ זיינע באַפּאותטע און באַציצה־כנפותטע טשיקאַווע קונים מיט זיינע גוטמוטיגע גריבנע אויגן.

— ניע ספּעשיס גאָלובטשיק; ספּעשיט ניעט טשעוואָ... [4] — טוט דער פּאַניע אַ זאָג און גיט היסח־הדעתדיג אַ קוק אויפן זייגער.

— אַי, ער זאָגט עפּעס, יאַשקע! — קוקט זיך אביגדורקע אום דער־שראָקן — וואָס זאָגט ער, וואָס??!

— ער הייסט עסן גיך: ער האָט קיין צייט ניט; עס ווערט שפּעט... זעסט ס׳אַר אַ זייגער ער האָט! ס׳אַר אַ קייט! אַ רייכער ערל...

1. פאַר אַ פּיאַטאַק מאַראַזשענע.
2. זייער וואויל, לאַנדסמאַנדל.
3. אַט האָסטו דיר, ליבינקער.
4. אייל זיך ניט, ליבינקער; ניטאָ זיך וואָס צו איילן...

אויסגעלעקט ס׳גלעזל ביזן לעצטן טראָפּן אויפן דנאָ, טוט מען זיך אַ וויש אָפּ די פּיסקעס און דעם נאָז, מ׳גיט אַ שטופּ אַריין ס׳ליידיג גלעזל אין דעם פּאָניעס האַמעטנער לאַפּע, און מ׳איז עוקר.

— איאַ גוטע מאַראַזשענע, האַ?

— אָבער ס׳איז טרפה...

— כניאַק איינער! און אַז ס׳איז טרפה, איז וואָס? איז עס דיר ניט אַרונטערגעגאַנגען?! נאַר איינער! די מאַראַזשענע איז געמאַכט גאָלע סליווקעס און מיט געשפּילטע אייער, און די לעפּעלע איז אויסגעשניצט פון אמתן ביין!

— אָבער——

ניין! בעסער ניט זאָגן — גאַרניט מער זאָגן! יאַשקע וועט נאָך אָפּשפּאָטן פון אים... אַט אַזאַ אינגל איז ער שוין, דער יאַשקע: טוט אָפּ כל דבר אסור, און איז נאָך בכוח דערנאָך צו לאַכן!... ניין! ניט באַדאַרפט עס טאָן. ניט באַדאַרפט זיך לאָזן אַזוי לייכט פאַרפירן. אַזאַ זאַך! — טרפה!! אַי, און ער איז נאָך דערצו פליישיג פון וואַרמעס!... ווי האָט עס אים גאָר „זיין האַרץ באַוויליגט" צו טאָן אַזאַ זאַך?! ער — אַ אינגל וואָס לערנט שוין חומש מיט רש"י — וואָס דאַרף שוין באַלד אָנהויבן גמרא! און אַלץ איבער וואָס? — איבער אַביסל מאַראַזשענע — ווייל אים, יאַשקען, האָט זיך גראָד פאַרוואָלט צו קויפן ביים פּאָניע... אַי, אַט דער יאַשקע! ער וואָלט אים איצט געקאָנט דורס זיין, דעם יאַשקען!... האַ? און אפשר איז עס גאַרניט געווען יאַשקע, וואָס האָט אים צוגערעדט דאָס צו טאָן? — אפשר איז עס גאָר געווען דער שטן, וואָס האָט זיך נאָר פאַרשטעלט פאַר יאַשקען? אפשר—— ?

— וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אַ בן־פּקועה?! קום, ס׳איז שוין שפּעט! לאָמיר לויפן, אַביגדורל; דער רבי ט׳זיך נאָך בייזערן.

לאָזט מען זיך אַוועק אין אַ ווילדן געיעג — יאַשקע פאַראויס, אַביגדורקע נאָך אים. דער אָטעם קומט הייס, קורץ. ס׳העמד ווערט דורכגעווייקט מיט שווייס. אויפן וועג קוויקט מען זיך אָפּ מיט אַ קאַלטן טרונק וואַסער פון קהלשן ברונעם און מ׳שאַרט זיך אַריין אין חדר.

ס׳איז שוין באמת שפּעט. מ׳לערנט שוין „נייע". ר׳ משה־לייב מאַכט זיך ניט־זעענדיג. ער איז פאַרטאָן מיטן פאַרטייטשן דאָס „נייע", מיט אַרומריידן דאָס, מיט זיין באַפליגלען עס מיט מוסר. אַביגדורקע זיצט אַ צעהיצטער, אַ צעפּאַרעטער, צווישן די אינגלעך. ער וויל זיך צוהערן צום רבין, אויפכאַפּן די נייע טייטשן, די „אויסריידן", פאַרנעמען דעם באַטייט פון די נייע פּסוקים; נאָר יעדער וואָרט שמייסט אים ווי מיט בייטשן, יעדער „אויסרייד" שניידט ווי מיט מעסערס זיין יונג לייב —

— „...און פון זייער פלייש זאָלט איר ניט עסן און אָן זייערע קערפּערס

זאָלט איר זיך ניט אָנרירן... — — און איר זאָלט ניט פאַראומרייניקן אייערע נפשות..״ ווייל ווען אַ מענטש רירט זיך אָן אָן אַ טמאַדיגער זאַך, ווערט נאָך זיין גוף טמא; אָבער אַז מ׳עסט, חס וחלילה, טרפה, ווערט דער נפש — די נשמה — אויך פאַראומרייניגט...

און ר׳ משה־לייב צעלאָזט זיך מיט א ניגון און מיט ברען:

— „כי נר הי נשמת אדם!״ — ווייל אַ מענטשנס נשמה איז אַ ליכטעלע, וואָס דער בורא־עולם האָט אין אים אָנגעצונדן. אַ ריינע נשמהלע איז ליכטיג; אַ זינדיגע נשמה, רחמנא לצלן, — אַן אומריינע — איז פינצטער. טוט דער מענטש אַ מצוה, ווערט דאָס פייערל אין דער ליכטעלע ליכטיגער, העלער; טוט ער אָבער, חלילה, אַן עבירה, ווערט דאָס פייערל טונקל, שוואַרץ, און דאָס ליכטעלע הויבט זיך אָן צו לעשן. און אַז די עבירהלעך קלייבן זיך אָן, איז „ונכרתה הנפש ההיא!״ — ווערט דידאָזיגע זעלע אינגאַנצן פאַרשניטן — לעשט זיך די נשמה אינגאַנצן אויס, גייט אַוועק אַ פאַרלאָרענע פון ביידע וועלטן... אַ קלייניגקייט עפּעס, טרפה?! עפּעס אַ שפּאַס צו זאָגן דער כוח־הטומאה וואָס ליגט אין דעם?!...

און אביגדורקע הערט. זיינע אויגן זיינען אַרונטערגעלאָזט אויפן חומש. ער הערט און ווייסט, אַז ער איז פאַראומרייניגט געוואָרן, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער, אַז ער האָט פאַרזינדיגט יאָרן און טעג... אַזויפיל עבירות אויף איין מאָל! אי טרפה געגעסן, וואָס איז אודאי געמאַכט געוואָרן מיט חזיר־שמאַלץ און מיט בלוטסטראָפּנדיגע אייער, אי פליישיגס מיט מילכיגס גע־מישט... און פון יעדער עבירה ווערט דאָך אין הימל געבאָרן אַ שוואַרצער מלאכל, אַ מחבל, וואָס זוכט אים צו שטרויכלען אין אַנדערע עבירות... ער איז שוין אַ פאַרפאַלענער, אַ פאַרלאָרענער פוןביידע וועלטן! ער וועט „פאַרשניטן ווערן״ — שטאַרבן אַ יונגער, אַ טמאַדיגער. און די מאַמע וועט וויינען נאָך אים, און דער טאַטע—— אַי, דער טאַטע! ער אַליין איז דאָך נאָך ניט געוואָרן בר־מצוה און זיינע עבירות זיינען נאָך אויפן טאַטן, און דער טאַטע וועט אַצינד בעביך מוזן אָפּקומען פאַר זיינע זינד. ער — דער פרומער טאַטע — וועלכער שטייט אויף אַזוי פרי צו גיין דאַוונען מיטן ערשטן מנין; וואָס זיצט און לערנט ביז שפּעט אין דער נאַכט; וואָס גייט אָפּטמאָל אַרום גאַנצענע טעג אין וואַלד אַ פאַרטריקנטער, אָן אַ לעפל געקעכץ אין מויל, ווייל ער איז מהדר אויף דער כשרות פון אַ כלי — ער וועט זיך אינדערפרי אויפוואַכן מיט אַ פאַראומרייניגטער, מיט אַ פינצטערער נשמה, און וועט אַפילו ניט וויסן פאַרוואָס! און פלוצים, ווען ער וועט זיין אין וואַלד, וועט ער דער־שלאָגן ווערן פון אַ דונער — וועט פאַרשניטן ווערן — און וועט שטאַרבן אָן תשובה, און וועט זיך קיינמאָל פון גיהנום ניט אויסלייזן... און דער רבי ר׳ משה־לייב? אָט זיצט ער דאָרטן און לערנט מיט זיי גאָטס וואָרט, „רייסט זיך די לונגען אויס״ צו מאַכן זיי פאַר שטיקלעך אידן, און ער ווייסט גאָרניט

אַז באַלד קאָן ער טאָן אַ הוסט און — אויס ר׳ משה־לייב! און אַלץ צוליב אים, צוליב זיין תּלמיד, מיט וועלכן ער גרויסט זיך אַזוי, און וועלכער האָט איבער אַ גלעזעלע מאַראַזשענע עובר געווען אויף אַלע לאוין פֿון דער תּורה; האָט פֿאַרפֿינצטערט זיין אייגענע נשמה און האָט דעם רבין אויך אַריינגעשלעפּט אין דער טומאה... און דער פֿעטער אביגדור, עליו השלום? אַי, וועט ער דאָרטן אין די הימלען מרעיש־עולם זיין! אַ קלייניגקייט?! ער האָט פֿאַר־אומריינִיגט זיין נאָמען אויף דער וועלט, האָט פֿאַרשוואַרצט זיין געדעכעניש לעולם־ועד, האָט אים איבערגעגעבן אין די הענט פֿון די מלאכי־חבלה!... ניין, ער וועט ניט שוויגן — טויטע שוויגן ניט! — און ער וועט קומען ביי דער נאַכט און וועט אים דערשטיקן, דערשטיקן... און דער זיידע וועט עס אים אייביק ניט מוחל זיין, און הדסל וועט פֿון דעם אַלץ וויסן...

אין קאָפּ זשומעט. ס׳האַרץ קלעמט. אין פֿענצטער קוקט אַריין אַ פֿאַר־בלוטסטראָפּנדיקע זון. פֿאַר־מנחהדיקע שאָטנס לייגן זיך אויס איבערן חדר. און ר׳ משה־לייב טייטשט די ווייטערדיקע פּסוקים מיט געשמאַק, מיט אַ צוזינג מיט אַן „אויסרייד".

— נו, זאָג איבער, אביגדורקע: לא תבשל — זאָלסט ניט קאָכן, גדי — אַ ציגעלע, בחלב — אין די מילך, אמו — פֿון זיין מאַמען. איז פֿאַרוואָס זאָגט עס די תּורה איבער דריי מאָל?... נו, זאָג, אביגדורקע! זאָג איבער!

ווי אַזוי זאָל ער איבערזאָגן די הייליקע ווערטער, ווען זיין נשמה איז פֿאַר־אומריינִיגט?! — ווען די ווערטער שטיקן אין האַלדז?! — ווען דער טעם פֿון דער טרפֿה ליגט נאָך אויפֿן צונג?!... און יאַשקע זיצט דאָרט אַנטקעגן אים, און קוקט אויף אים מיט זיינע גרויסע, קאַלטע אויגן, ווי אַ גזלן, ווי אַ גלית הפּלישתּי — „סט׳ניט אויסזאָגן, אביגדורל — איאַ סט׳ניט אויסזאָגן? סט׳זיך געשוואָרן..."

— וואָס קוקסטו ווי אַ האָן אין „בני־אדם"? זאָג!

— איך קאָן ניט, רבי... איך קאָן ניט... ס׳איז מיר...

— ס׳הייסט אַ אינגל קאָן ניט?! — הויבט זיך שוין דער רבי אויף פֿון זיין אָרט — ס׳הייסט אַ אינגל זאָל —

אַ, זאָל אים דער רבי שלאָגן, זאָל ער אים הרגענען: ער האָט עס פֿאַר־דינט! ער האָט אָוועקגעגעבן ביי אַ קראַנקן אידן זיין חלק־לעולם־הבא, ער האָט אומגליקלעך געמאַכט דעם טאַטן, דעם פֿעטער אביגדור, עליו־השלום — האָט אומגעבראַכט אַ וועלט!... אָבער ר׳ משה־לייב שלאָגט ניט, ר׳ משה־לייב הרגעט ניט; ר׳ משה־לייב גייט נאָר צו, באַטאַפּט אים דעם שטערן מיט זיין בייניגער, פֿלאַטשיגער האַנט —

— מ׳זעט שוין! די אויגעלעך זיינען דיר שוין אַזוי ריכטיק פֿאַרגלעזערט. זיך אודאי אָנגעגעסן מיט גרינע פּירות, דו עכברוש, הע?

— ניין, רבי; ניט געגעסן קיין גרינע פּירות...

— אוי־וואַ! ברענט ווי אַ קאַלכאויוון... נו, גיי, שלמהלע, פיר אים אַפּ אַהיים...

די קני ברעכן זיך אונטער. די הײם איז עפּעס אַזוי ווייט. קיינמאָל ניט געוואוסט אַז ס'איז אַזאַ מהלך פון חדר ביז דער הײם... ניין: אַז אַ צדיק גייט, האָט ער קפיצת־הדרך; פאַר אַ רשע אַנטלויפט דער וועג... ער איז אַ רשע, אַ זינדיגער, אַ ירבעס בן נבט. און ער האָט דאָך שטענדיג געוואָלט זיין אַ צדיק — אַ גרויסער צדיק — אַ רב מאירל; זיין ווי די, וואָס ליגן דאָ אויפן בית־עלמין. ער האָט זיך דאָך געגעבן אַ שבועה צו זיין אַזוי שטאַרק ווי זיי. און דאָ, ביים ערשטן נסיון, איז ער שוין געשטרויכלט געוואָרן! האָט ניט געקאָנט ביישטיין דעם נישטיגן נסיון פון אַ גלעזעלע טרפה מאַראַזשענע און האָט איבער דעם פאַרשפּילט ביידע וועלטן... פאַרשפּילט, פאַרלאָרן לעולם־ועד...

און אָט איז שוין, דאַכט זיך, די הײם, דער הויף; נאָר די פיס פאָלגן ניט, ווילן זיך פון דער ערד ניט אָפּרייסן. אין די אויערן רוישט... ניין! ס'איז גאָר דאָס שפּילן פון יאָהאַניציס פידעלע. דער קאַצאַפּ האָט אַרויסגעכאַפּט ס'פידעלע פון יאָהאַניציס האַנט און שפּילט אויף דעם, און שפּילט. און ס'קומט באַלד צעפליען לילית מיט אַ טשאַטע שוואַרצע מלאכימלעך, און זיי דרייען זיך אַרום אים, און טאַנצן, און באַרירן אים מיט זייערע לאַנגע, שפּיזלדיגע פינגער און לאַכן מיט יאַשקעס קול. און פון יעדן ריר זייערן גייט אים דורך אַ ציטער איבערן לייב, נעמט אים דורך אַ קעלט. און זיי וואַרגן אים און זיי שלעפּן אים מיט. און ער ווערט מיטאַמאָל באַוואַקסן מיט שוואַרצע פליגל, ווערט גרינג ווי אַ פעדער, און פליט־מיט מיט זיי, שוועבט־מיט ווייט, ווייט, הויך. און דאָס פידעלע שפּילט. און אין אים טוקט זיך, לעשט זיך די נשמה...

# 14

## אין „זײַן" זכות

ער שוויצט...
— האָט דריי מאָל גענאָסן...
— ער איז, ברוך השם, גענעזנט...
— האָט, אַ דאַנק גאָט, די אויגן געעפנט...
די באָבע, די מאַמע, דער טאַטע מיטן זיידן — אַלע שטייען זיי אַרום זיין בעט; מ'טאַפּט אים די שלייפן, די פּיאַטעס, מ'קוקט אים אין די אויגן, מ'פּילעוועט אים, מ'גייט אויף די שפּיץ־פינגער. עס שאַרן זיך אַריין מומעס, שכנות־גוטע־פריינט, אַזוי קרובים —
— אַי, געלויבט דער אויבערשטער! געלויבט דער אויבערשטער!
און מ'גלויבט ניט, און מ'לויפט־צו צום בעט, מ'כאַפּט אַ קוק, און מ'שטעלט זיך אָפּ ביי דער טיר, מ'רעדט איבער:
— אַ דאַנק טאַקי נאָר דעם וואָס לעבט אייביג.
— געלויבט און געגרויסט איז השם־יתברך — פון טויט לעבעדיג!
— און וואָס מיינט איר? טאַקי נאָר זיין זכות און דער זכות פון רב מאירלען. אַזאַ רב מאירל!
— מיט אַזאַ זכות־אבות! מיט אַזאַ צד אין הימל!
— וואָס־דען, דאָקטוירים ווייסן עפּעס?!
— כ'מיין, וואָרים ווען האָט מען ניט גערופן?
— וואו־נאָר אַ רופא, וואו אַ זנאַכער, וואו אַ דאָקטער — ווען אַ מויל האָט נאָר געקאָנט אויפברענגען!
— שוין אפילו גערופן דעם פּוילישן דאָקטער מיטן הונט... דעמדאָזיגן
— ווי הייסט ער דאָרטן?... זאָל ער נאָר זיין כפרה זיין!
— און די גוטע יאָר מיר, וואָס גדליה דער רופא ווייסט מער פאַר זיי אַלעמען! ער פאַרשטעקט זיי אַלעמען אין גאַרטל!

— ס׳רעדט זיך דאָ סיידן פון וויסן? איר זעט דאָך...

— דאָס וואָס איך זאָג! ניט מ׳ווייסט פון וואָס ס׳איז געקומען, ניט מ׳ווייסט פון וואָס ס׳איז אַוועק...

— אַ קלייניגקייט עפּעס וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן!

— איר הערט דאָך: שרעקעניש אים אָפּגעגאָסן, פּיאַווקעס געשטעלט, און שפּאַנישע פליגן.

— און קרייטעכצן געריוויכערט, און קמיעות...

— אַז אַ קינד ליגט אָפּ, ניט פאַר קיין אידן געדאַכט, איבער צוויי וואָכן אין אַ העלישן פייער...

— שייך? — געגיהנומט! איבער פערציג גראַד!

— אַ שפּאַס עפּעס? שיעור, שונאי־ישראל, ניט דערשטיקט געוואָרן...

— ווער האָט זיך עס שוין גאָר געריכט...?

— און וואָס די באָבע גיטעלע האָט ניט צעאַרבעט! וואָס זי האָט ניט צעטאָן!

— געווען אויפן אַלטן בית־חיים, אויפן נייעם גוטן־אָרט — האָט וועלטן איינגעלייגט!

— האָט אַליין געמאָסטן פעלד, געריסן קברים. איז צוגעפאַלן צו רב מאירלען, צו אים — אים צו לענגערע יאָר — און האָט גוזר געווען אויף אים בגזרת־אם אַז ער מוז!

— טאַקי נאָר אַזאַ גיטעלע קאָן עס באַווייזן.

— פון דעם זיידן איז דאָך שוין אָפּגערעדט — „קאָנסוליומס!"

— וואָס רעדט איר וואָס?! — און דעפּעשן? און אַ שטאַפעט צום רבין?

— דעם רב, רב טעוועלען אַליין, מטריח געווען...

— ס׳איז זיך סיידן צו חידושן? — געשטראָפטע נעביך...

— און דער טאַטע אַליין? אַ שענערן, דאַכט זיך, לייגט מען אין דר׳ערד אַריין.

— אַז אַ מענטש האָט די גאַנצע צייט ניט אָפּגעטראָטן פון בעט!

— ווי טאָג און ווי נאַכט, אָט אַזוי ווי איר קוקט אים אָן...

— און דער תהילים זאָגן זיינער? אַ שטיין אין דער וואַנט האָט געקאָנט גערירט ווערן!

— דער מאַמען האָט מען שוין אפילו צום בעט ניט געוואָלט מער צולאָזן. נו, קאָן מען איר ניט צולאָזן?!

— און אסתר־מלכה אַליין איז דאָך אַזוי אויך די גרויסע גברנטע. כ׳מיין...

— קוים וואָס זי האַלט זיך נעביך אויף די פיס.

— וואָס איז דער חידוש?

— וואָס רעדט איר, וואָס?! אַזאַ קינד! אַזאַ אביגדורקע!

— אַזאַ קאָפּ, קיין עין־הרע!

— און דער רבי זיינער, יעדן אינדערפרי און אינאָוונט איז ער דאָ פאַר דער טיר: „וואָס מאַכט ער? וואָס מאַכט ער?"... ער איז גאָר ס'חיות פאַר אים!

— איר שפּילט זיך מיט דעם אביגדורקען?! ס'גאַנצע שטאָט איז מיט אים אויף!

— אָבי, גאָט צו דאַנקען, ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי!

— אָבי צום גוטן.

— אָבי דער אויבערשטער האָט באַוויזן זיין חסד און ער שוויצט.

— געלויבט און געבענטשט איז טאָקי נאָר דער וואָס לעבט אייביג! ע ר, פאַרשטייט איר מיך, איז דאָך טאָקי דער אַ מ ת ע ר דאָקטער!...

— נו, גיי שוין, מאיר; גיי לייג זיך צו אַ ווילע, — שטייט דער זיידע צו צום טאַטן, — סט'אָך נאָך, שונאי־ישראל, פאַלן אין די האַלאַבלעס! זעסט'אָך, ער איז שוין, געלויבט השם־יתברך, אַ געראַטעוועטער... גיי שוין — איך הייס!

דער טאַטע שוויגט. ער האָט, דאַכט זיך, קיין כוח ניט צו ענטפערן, צו ווערן זיך. ער גייט־צו צום בעט — אַן אָפּגעבלאַסטער, אַן אויסגעמאַטערטער — דעקט אים איין, גלעט אים איבערן שטערן.

— ווי ער האָט עס מיר אָביסל איבערגעשראָקן, דער חברה־מאַן!...

די מאַמע שטייט ביי זיין זייט, קוקט אויף אים, און טרערן קייקלען זיך איר פון די אויגן:

— כ'האָב דאָס גאָרניט פאַרדינט ביי דיר, רבונו־של־עולם, אַזאַ גרויסן חסד!... אַ געפונען קינד!...

הדסל פלאָנטערט זיך אַרום דער באָבען. ס'איז זיי ביידן ניט אָפּצורייסן פון בעט.

— אַי, אביגדורקע, ביסט טאָקי געווען אויף צו נ'אמתן ניט־געזונט! כ'האָב פון דיינטוועגן אַריינגעוואָרפן אין רב מאיר בעל־הנס...

— אַלץ הייסט ניט־געזונט זיין! אַלץ הייסט אַ חולה, ניט פאַר קיין אידיש קינד געדאַכט! מ'קאָן עס דען איבערדערציילן? מ'קאָן עס דען אַרויסגעבן? אַי, זונעלע, האָסט אַ גרויסן שבח אָפּצוגעבן דעם טאַטן אין הימל!...

דער פעטער חנא איז אויך דאָ. ער דרייט זיך אום ווי אַ מחותן — פאַר־מוחט, צעטראָגן:

— ער שוויצט? — גוט! וויבאַלד נאָר ער שוויצט, איז שוין אַ גוטער סימן! איז שוין גוט! האַ, וואָס זאָגסטו, טאַטע?

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן? מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, אַ ליבהאַר־ציגן גאָט! אַי, אַ בעל־רחמים! אַי, אַ טאַטע!

— איאָ, באָבע, אביגדורקע ט'שוין מער ניט שטאַרבן?

— אַ, דו פּאַראַסקע, דו! וואָס זיינען דאָס פאַר־אַ ווערטער, וואָס?! אַוועק פון דאַנען, דו שייטשעכע! זעסט'אַך אַז דער רבונו־של־עולם האָט אים געשענקט יאַרעלעך... דער רבונו־של־עולם איז אַ גוטינקער, אביגדור־קע; דער רבונו־של־עולם איז אַ לייטזעליגער. זאָג מיר דעם אמת, זונעלע — דער באָבען מעגסטו זאָגן: האָט דיר אימעצער אפשר אַ שלעכטן קלאַפּ גע־געבן? — אַ אינגל? אַ שייגעצל אפשר?

— ניין, באָבע.

די באָבע זעצט זיך אויס אין ברייטל נעבן אים.

— אפשר, חלילה, אַ פאַל?

— איך בין ניט געפאַלן, באָבע.

— אפשר אַמאָל אין שטייערן זיך מיט חברים?

— ניין באָבע, כ'אָב זיך מיט קיינעם ניט געשטייערט, זיך מיט קיינעם ניט געשלאָגן.

— מיט קיינעם ניט?

— מיט קיינעם ניט; אויף מיינע נאמנות, באָבע!

— שווער זיך ניט, דו לאָבוס, דו! די באָבע גלויבט דיר אָן אַ שבועה, זונעלע. אַז דו זאָגסט אַז ניט, מסתמא ווייסטו.

אָבער ניט דאָס איז די באָבע אויסן. —

— אפשר אַמאָל, שטיפנדיג, אויפן אַלטן בית־עלמין, האָסטו אפשר צומאָל אַ קברל פאַרשווועכט?

— ניין, באָבע: מ'טאָר ניט...

— אודאי טאָר מען ניט. כ'ווייס, דו ביסט אַ פרומער אינגעלע; ווועסט בכיוון ניט פאַרשוועכן אַ קברל, חלילה. אָבער אפשר אַמאָל ניט־בכיוון?... דער בית־עלמין איז אַן אַלטער, מיין קינד — זייער אַן אַלטער! אַ סך מצבות זיינען שוין לאַנג איינגעזונקען. האָסטו אפשר ניט דערזען — ניט געוואוסט אַז ס'איז אַ קברל דאָרט?... שעם זיך ניט, מיין קינד, פאַר דער באָבען. איכ'ל גיין פון דיינטוועגן מחילה בעטן. מיט קברימלעך, זונעלע, דאַרף מען זיין זייער געהיט. מ'קאָן קיינמאָל ניט וויסן ווער אין אַ קברל ליגט. און אַז מ'פאַר־שוועכט, חלילה, אַ קבר'ל, טוט זיך דער מת בייזערן און——

— און ער 'עט קומען ביי דער נאַכט און 'עט דיר דערשטיקן!... — מישט זיך אַריין הדסל.

— אַ, דו קונדסטע, דו! ביסט שוין ווידער דאָ?! וואָס שרעקסטו אביגדורקען, וואָס?! אַרויס גיי!... האָב ניט קיין פחד, אביגדורקע: הדסל ט'ניט געמיינט קיין בייז; זי האָט ניט געוואָלט דיר איבערשרעקן... נו, שאַ, מיין קינד... שאַ... אַ, אָט איז שוין ר' גדליה! נאָר אַ גוטער מלאך האָט אייך געבראַכט אהער, ר' גדליה. וואָס זאָגט איר עפּעס צו אייער חולה,

קיין עין־הרע?... אַי, טאַקי נאָר „פּריער גאָט ברוך הוא, נאָכדעם ר׳ גדליה״...

גדליה דער רופא מאַכט ניט קיין לאַנגע מחזקות. ער הייסט זיך אַרויס־שטעקן דעם צונג, פּענזלט אויס מיט אַ געגנדזוענעם פּעדער אין האַלדז, אַז ס׳כאַפּט אַ חלשות, און—— פאַרטיק!

— ר׳איז אַביסל אָפּגעפּאַלן, דער פּימפּערנאָטער. יויך! — נ אָ ר י ו י ך!

ער איז אַ האַרטער איד, גדליה דער רופא. ער׳ט פּיינט זיך אַריינצולאָזן אין ווייטע חקירות און זאָגט־אָפּ זיינס מיט אַ טראָפּ.

— און וואָס האָט ער זיך נעביך אַזוי אויסגעבלאָסט, ר׳ גדליה?

— בלאָס? — באַבאָק! גיט אים ב אַ ב אָ ק!...

— ניין, באָבע! ניט קיין באַבאָק!

— ר׳ גדליה הייסט, מיין קינד.

— אָבער באַבאָק איז אַזוי ביטער, באָבע!

— דערפאַר אָבער איז עס אַ רפואה, אביגדורקע. ר׳ גדליה איז אַ רופא, ר׳ גדליה איז אַ מומחה — ר׳ גדליה ווייסט!

— אַי, מאַמע! איך וויל ניט קיין באַבאָק!

— ר׳ גדליה, מיין זון, איז גאָט ברוך־הואס אַ שליח; ער הייסט, איז פאַרפאַלן!... וועסט עס נעמען מיט אַ קוסקעלע צוקער. וואָס זאָל מען טאָן, זו־נינקע? — מ׳מוז...

— ווייסטו וואָס, אביגדורקע? — רופט זיך אָן די באָבע — פאַר יעדער גלעזל באַבאָק וואָס דו׳סט אויסטרינקען, גיב איך דיר אַ האַלבן גילדן. אַ האַלבן גילדן פאַר יעדער גלעזל! דו וועסט עס קלייבן אין אַ מטמון־בסתרל. און אַז עס וועט זיך דאָרט אָנקלייבן אַ סך געלט——

— וועסטו ווערן אַן עושר, אביגדורקע! — שפּרינגט הדסל צו צו אים און אירע אויגעלעך שיינען — אַ מיליאָנטשיק!

— שוין ווידער דאָ?! וואָס איז דאָס פאַר אַ מיידל, וואָס?! אפשר וועסטו מיר אַמאָל לאָזן אויסריידן אַ וואָרט צום קינד, שייטשיכע דו?! ווער פרעגט ביי דיר?

— כ׳על דיר מער ניט שטערן, באָבע. כ׳אָב נאָר געוואָלט זאָגן אביג־דורקען אַז ער זאָל ס׳געלט ניט צעטרענצלען...

— איך ווייס וואָס כ׳על טאָן מיטן געלט, באָבע! — פאַרגעסט אביגדורקע אויף אַמאָל גדליה דעם רופא מיט דער ביטערניש פון דעם באַבאָק און ווערט אויפגעלעבט — איך ווייס וואָס!

— אדרבא, לאָמיר הערן? — ווערט שוין דער זיידע אויך נייגעריג.

— אַז איכ׳ל אָנקלייבן אַ סך געלט, וועל איך פאַר דער קויפן אַ ש״ס גמרות.

— אַ ש״ס גמרות?! וואָס וועסטו טאָן מיט אַ ש״ס גמרות, וואָס?

— איכ׳ל עס ניט קויפן פון מיינטוועגן, זיידע.

— נאָר פאַר וועמען דען?

— איכ׳ל עס קויפן, וועל אָנשרייבן אויף יעדער גמרא זיין נאָמען, און וועל עס אַוועקשענקען אין בית־המדרש פאַר זיין נשמה וועגן...

דער באָבען שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. הדסל פאַרטראַכט זיך.ביים זיידן טוען אַ ציטער די פאות. זיין קול ווערט באַזאַכטער:

— זעסטו? דאָס רעדסטו שוין ווי אַ קלוגער אינגל — ווי גאָר אַ קלוגער אינגל! אַז מ׳גיט אַריין אַ ש״ס אין בית־המדרש און אידן לערנען אין דעם, איז די מצוה דערפון גלגליכן ווי מ׳וואָלט מקבל געווען די תורה אויפן באַרג סיני. ס׳איז אַ גרויסע מצוה! וואויל!... און דערפאַר — ווייל דו ביסט שוין יאָ אַזאַ וואויל אינגל, און האָסט אויף זיך מקבל געווען אַזאַ גרויסע מצוה — וועל איך דיר, אם ירצה השם, קויפן אַ שיינע מתנה.

— וואָס, זיידע?

— וואָס דו׳סט זיך נאָר אויסקלייבן.

— וואָס כ׳על נאָר וועלן?

— וואָס דו׳סט נאָר אַליין וועלן.

— זאָג אים אַז ער זאָל דאָס דיר צוזאָגן, אביגדורקע — רוימט אים הדסל איין אין אויער.

— און דו׳סט קיין חרטה ניט האָבן, זיידע?

— ניין. איך בין דיר דאָ, פאַר עדות, מבטיח בהן־שלי. קלייב זיך אויס אַ זאַך — וואָס דו ווילסט אַליין — און אם ירצה השם, ווי נאָר דו גייסט אַראָפּ פון בעט, וועל איך עס דיר, בלי נדר, באַזאָרגן. וואָס אָן ערך וואָלסטו געוואָלט?

קלערט אביגדורקע און קלערט. ער ווייסט אפילו יאָ וואָס ער וואָלט געוואָלט, נאָר ער האָט עס מורא צו אַרויסריידן.

— נו, לאָמיר הערן?

אביגדורקע דערוואָגט זיך:

— קויף מיר—— קויף מיר—— אַ—— פידעלע, זיידע!

— אַ פידעלע גאָר?!

— יאָ, זיידע: אַ פידעלע — אָן א מ ת ע פידעלע.

— וואָס איז דיר עפּעס מיטאַמאָל איינגעפאַלן אַ פידעלע? וואָס וועסטו טאָן מיט אַ פידעלע, וואָס? וועסט ווערן אַ קלעזמער?

— ניין זיידע, ניט קיין קלעזמער.

— נאָר וואָס?

— איך וויל זיין ווי ער, עליו השלום, זיידע. איך וויל קאָנען שפּילן ווי ער. ער האָט געקאָנט שפּילן אויפן פידל, זיידע...

ביים זיידן פאַרציִען זיך די ברעמען —

— אָ, אַזוי — ? אויב אַזוי, איז שוין עפּעס אַנדערש. אויב אַזוי ווערסטו שוין, אם ירצה השם, האָבן אַ פּידעלע — אַן אמתע פּידעלע... ער... נו, דו ווער נאָר אָקאָרשט געזונט, מיין קינד; ס'וועט שוין זיין אַ פּידעלע...

די באָבע ווישט זיך די אויגן. ס'איז ניט צו וויסן צי ווײנט זי, צי פרייט זי זיך...

— און דערפאַר וועט ער זיין אַ גוטער בעטער פאַר דיר, פאַר הדסלען, פאַר איך ביידינקען. און אויף דיין בר־מצוה, אם ירצה השם, פאַר איך מיר אַליין קיין ווילנע און האַנדל־איין פון דיינטוועגן אַ דרשה־געשאַנק — גאָר אַזוינס! אַ ש"ס מיט רעגאַלענע בלעטער און אין לעדער געבונדן...

— ביסט אַ גוטע, באָבע... וויין ניט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס איז דאָס עפּעס פאַר א קצבס אַ אינגל וואָס פרעגט זיך נאָך אויף דיר, האַ, תכשיט?! — פאַרגעסט גאָר דער פעטער חנא אַז ס'איז דאָ אַ חולה אין שטוב, און פאַלט אַריין אין צימער מיט אַ געפילדער — וואָס האָסטו צו טאָן מיט קצבישע אינגלעך, האַ?!

— איז צוואָוואָס אָבער ס'שרייען? צוואָוואָס דאָס יאַכמערן אַזוי? — שטעלט אים דער טאַטע אָפּ — מ'קאָן, דאַכט זיך, ס'אייגענע פרעגן בניחותא... אַז אימעצער פרעגט זיך נאָך, מן הסתם איז ער אים נוגע.

— אָבער אַ קצבס אַ אינגל! ווייסט וואָס דו רעדסט?! וואָס הייסט לאָזן אַ קינד אויף הפקר?! האָבן צו טאָן מיט קצבים — נאָך דאָס פעלט אונדז אין דער משפחה!

— און אַז אַ קצב, איז וואָס? איז ער שוין, חלילה, קיין איד ניט?... ווער איז ער, אביגדורקע?

— אַ חבר מיינער, טאַטע. יאַשקע. ער גייט מיט מיר אין איין חדר.

— הערסטו שוין, חנא? ער לערנט מיט אים צוזאַמען ביי ר' משה־לייבן. היינט, אַז עס שטייט־אָן דעם רבונו־של־עולם אַז אַ קצבס אַ אינגל זאָל לערנען זיין הייליגע תורה, מעג ער עס מיר אָנשטיין אַז ער זאָל זיין מיין קינדס חבר...

— מאיר, דו ביסט חסר־דעה! דו צעלאָזט ס'קינד! ער וועט אונדז נאָך אָלעמען, חלילה, ס'פּנים פאַרשוואַרצן מיט אָט דער הדרכה וואָס דו גיסט אים... חברן זיך מיט קצבים גאָר!... און דער אַנדערער מיט אים ווער איז? — אודאי אַ בעל־העגלהס אַ אינגל, וואָס?

— ס'איז מסתמא אברעמעלע דעם סופרס. מיר זיינען חברים, פעטער.

— וואָס אַשטייגער איז די נפקא־מינה ווער ער איז? אַ אידיש קינד איז ער? אין חדר גייט ער? און אידן זיינען אידן ביי גאָט!... דו בעסער קום אַרויס מיט מיר, חנא... קומט אַריין, קינדער; קומט אַריין! געקומען

מבקר־חולה זיין אַ חבר — זייער שיין! קומט אַריין. שעמט זיך ניט...

אַנקוקנדיג די צוויי, וואָלט ווער געמיינט אַז זיי קאָנען צווישן זיך קיין צוויי ניט ציילן. סטאַטיקעס! אי יאָשקע, אי אברעמעלע. אברעמעלע האָט צוערשט באַקומען ס'לשון:

— דער רבי ר' משה־לייב האָט אונדז געהייסן דיר צו זאָגן, אַז דער אויבערשטער זאָל צושיקן אַ רפואה שלמה.

— אמן! ביסט געווען אַ חולה־מסוכן, אביגדורל. מ'עט שוין געמיינט אַז דו'סט מוזן דערשטיקט ווערן.

— מיר האָבן געזאָגט תהילים פון דיינטוועגן.

— יאָ, איך מיט אַברעמעלען.

— אַלע טאָג געזאָגט אַ יום תהילים און דריי מאָל דעם נאָמען.

— און מיר'ן ביידע געפאַסט פאַר דיר אַ מאָנטיג מיט אַ דאָנערשטיג ביז נאָך האַלבן טאָג.

— דעם אַנבייסן האָבן מיר אָפּגעגעבן זאָוועלע דעם יתום.

— און איך האָב זיך א נדר געטאָן ניט צו פאַרזוכן קיין מאַראָזשענע דעם גאַנצן זומער... דו'סט ניט אויסגעזאָגט, אביגדורל? — אַיאָ סט'ניט אויסגעזאָגט?

— אודאי ט'ער ניט אויסגעזאָגט. אביגדורקע איז ניט קיין מסור. איך האָב געמעגט וויסן: איך בין אַ חבר. איך האָב געזאָגט יאָשקען וואָס צו טאָן.

— און דריי מאָל אַ טאָג האָבן מיר געזאָגט פאַר דיר דעם „יהי רצון" אין שמונה־עשרה.

— איך האָב געוואוסט אַז דו'סט געזונט ווערן, אביגדורקע...

און אביגדורקע ווייסט, אַז ס'זיינען געווען יאָשקעס מיט אברעמעלעס תפילות וואָס זיינען צוערשט אָנגענומען געוואָרן. ער האָט שוין לאַנג יאָשקען אַלץ מוחל געווען. און ער וואָלט איצט געוואָלט זייביידן צודריקן צו זיך — שטאַרק צודריקן. מיט הדסלען איז עס אַזוי גרינג. אָבער זיי — זיי זיינען אינגלעך — חדר־אינגלעך: זיי וועלן אים האַלטן פאַר אַ „יוסטע". און עס גלוסט זיך אים כאָטש אָנצוזאָגן זיי עפּעס גוטס, פריידיגס; זיך פרייען מיט זיי צוזאַמען —

— קינדער, איר ווייסט וואָס? איך האָב אַ מטמון־בסתרל. די באָבע גיט מיר אַ גילדן — ניין, אַ האַלבן גילדן — פאַר יעדער גלעזל באַבאָק וואָס איך טרינק אויס. ס'איז ביטער — ביטער ווי סם! נאָר פאַרן געלט וואָס איכ'ל אָנקלייבן, וועל איך קויפן אַ ש"ס גמרות און עס אָפּגעבן אין בית־המדרש. ס'איז די גרעסטע מצוה! אַלע עבירות ווערן דורכדעם פאַרגעבן.

— פון וואָנען ווייסטו דאָס?

— דער רב איז דאָ געווען, האָט ער דאָס מיר אַליין געזאָגט. מיר'ן זיך אַלע דריי טיילן מיט דער מצוה.

— דו מיינסט עס אויף צו ג'אמתן?
— וואָס?
— אַז דו'סט מיר געבן אַ גלייכן חלק אין דער מצוה פון ש"ס —
— אויף מיינע נאמנות! אַ חלק מיר, אַ חלק דיר, און אַ חלק אברעמעלען. יאַשקע טוט אַ הויב־אויף אַ פּאַלע:
— זיי מקבל־קנין, אביגדורל... אברעמעלע, האָק איבער מיט אַ ציצה... אַט אַזוי טוט מיר טאַקי הנאה וואָס דו ביסט געזונט געוואָרן...
— און איר ווייסט וואָס נאָך, קינדער? צו מיין בר־מצוה וועט מיר די באָבע קויפן אַ ש"ס מיט רעגאַלענע בלעטער, און דער זיידע וועט נאָך אפשר די וואָך קויפן מיר אַ פידעלע — אַ ן א מ ת ע פידעלע! איר הערט, קינדער?
— אַ ן א מ ת ע פ י ד ע ל ע! אוי, אברעמעלע — אַ פ י ד ע ל ע!

*

ניין. די באָבע האָט צו זיין בר־מצוה ניט דערלעבט. ס'איז ניט באַשערט געווען איר דער נחת פון קויפן אים אַ ש"ס מיט רעגאַלענע בלעטער. נאָר דאָס פידעלע האָט אים דער זיידע נאָך באַצייטנס געקויפט.

# 15

## צער־יסענע סטר־ונעס

קינדער־יאָרן פרומע. פאַרנומענע טעג פון אַ אידיש חדר־אינגל. לאַנגע שעהן ביי ר׳ משה־לייבן, מנחה ומעריב מיטן זיידן אין בית־המדרש, אַזויפיל לוסטיגע שטיפערייען אין די זומערדיגע פאַרנאַכטן, און אין דערהיים אויפן וואַנט הענגט אַ פידעלע.

אַי, דאָס פידעלע! ס׳איז אַ יצר־הרע ניט קיין פידעלע! עפּעס אַ כישוף שטעקט אין דעם דערדאָזיגער כלי! עס רופט, עס מאַניעט. דאַכט זיך, וואָס? אַ כלי ווי אַלע אַנדערע כלים — אַ טויטער חפץ; נאָר אַז דו נעמסט אַריין אין האַנט, טוסט עס אַ פאַרלייג אונטער דער מאָרדע און אַ פיר דורך מיטן סמיט־שעק איבער די סטרונעס — און אַזאַ ליבע וואַרעמקייט נעמט דיר דורך און צוגייט איבער אַלע גלידער. און ס׳ווערט עפּעס אַזוי שפּילעוודיג, אַזוי גרינג, כאָטש נעם און הויב זיך אויף און פליגט זיך אַוועק, ווי די האַרציגע קולות וואָס טראָגן זיך פון דער פידעלע אַרויס.

און קומען פלעגט זישע פידעלע — אַמאָל פרייטיג, אַמאָל אינמיטן דער וואָך — און פלעגט איינשפּילן מיט אים אויף אויסנווייניג.

ער האָט פיינט געהאַט נאָטן, דער זישע; האָט פיינט געהאַט צו שפּילן „פון סידור״.

— צעקייסט,[1] געגאַרניק דו? אַז מ׳ריפּעט[2] פון סידור,[3] מוז מען ציילן ספירה[4]; מוז מען שפּילן ווי דאָרטן איז אָנגעפּינטלט[5]. דאָס איז אַן עסק פאַר אַ באַראַבאַן[6]! אַ פידעלע איז עפּעס אַנדערש: אַ פידעלע איז אַן איידעלע

1. פאַרשטייסט.
2. מ׳שפּילט.
3. נאָטן.
4. האַלטן טאַקט.
5. אָנגעשריבן.
6. אַ פּויק.

כלי. וואָרים איידער גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן לשון, האָט מען גערעדט אויפן פידעלע. אַזאַ כלי איז עס! און אַן אמתער מנגן מוז קאָנען שפּילן פון זיך.[1] און אַז מ׳שפּילט פון זיך דאַרף מען האַלטן די קוקערס[2] צוגעמאַכט כדי מ׳זאָל זיך קאָנען אַריינטאָן, פאַרמוחן אין דער נגינה — טאָ ווי־אַזוי קאָן מען בשעת־מעשה אַריינקוקן אין דעם פליגן־כתב, האַ?... אַן אמתער מנגן דאַרף נאָר כאַפּן דעם שניט פון אַ זאַך — דאָס פינטעלע! — און ס׳איבעריגע מוז קומען פון דאַנען־אַן — פון די מחשבות, פון פּופּיק[3] אַרויס, צעקייסט? זכרון דאַרף מען האָבן, אַן אויער, ניט אַ צעבער[4] פול מיט נאָטן! און אַז מ׳שפּילט פון זיך — צעקייסט? — קאָן מען זיך פאַרגיין, מ׳קאָן זיך צע־טרעלן ווען עס בעט זיך, אַריינקנייטשן; מ׳קאָן איבערחזרן, באַפליטערן עס נאָכן אייגענעם גוסט, אַריינגיסן אין דעם אַביסיטשקע פּאַטעקע, מתיקות — פון דאַנען־אָ — פון די געדערים אַרויס. און זאָלן חברה אונטערהאַלטן; זאָלן ז י י זיך ברעכן די פּאַטיליצעס! אַניט איז אין דר׳ערד מיט די ביינער!... אָט נעם דעם יאָהאַניצין, למשל: אַ סך שפּילט ער דיר פון סידור? אַ סך קוקט ער דיר אַריין אין די פינטעלעך? און ער איז אַ מנגן, דער ממזר! אַזאַ יאָר אויף אונדזביידן! און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל ער שפּילט פון דער מחשבה, פון אינעווייניג — פון זיך — אָט וואָס! דער עיקר איז דער פון זיך!...

איז שוין ביי אַביגדורקען רעכט געוואָרן: וויבאַלד נאָר יאָהאַניצי שפּילט אויך פון זיך, איז דאָס מסתמא דער ריכטיגער דרך. און ער האָט נאָכגעשפּילט זישען, האָט זיך „אַריינגעטאָן״ און האָט אויפגעכאַפּט דעם „המבדיל״, דעם „ויתן לך״ און זישעס אייגענעם „הללויה״.

— האָסט אַן אויער, דו גענאַרניק, און גאָר בישקשהדיגע שפּרינגערס[5]. סט׳נאָך זיין אַ מנגן. נאָר קיין טראָמבעניק[6] זאָלסטו מיר ניט אויסוואַקסן, דו הערסט?!

און דער מיטשפּילן מיט זישען איז געווען אַזוי מחיהדיג, און דער איבער־שפּילן אַזוי גוט, און הדסלס קולכל איז אַזוי זיס, אַזוי באַטעמט, און ס׳גלוסט זיך אַזוי מיטצוזינגען מיט איר אויפן פידל!...

נאָר זינט די באָבע איז געשטאָרבן, האָט זישע מער דעם נאָז אין הויף ניט אַריינגעשטעקט. אַן אומעט האָט זיך אויסגעלייגט איבערן גאַנצן הויף. אין יעדער הויז אַן אבל; מ׳טאָר ניט שפּילן. הענגט ס׳פידעלע אַ פּאַר־

1. פון געהער.
2. אויגן.
3. פון האַרצן.
4. אַ קאָפּ.
5. פינגער.
6. קלעזמער.

יתומטע אויף דער וואַנט. שטיל געוואָרן זייַנען אירע קלאַנגען, שטום געוואָרן אירע סטרונעס. און אויפן האַרצן איז אַזוי פול, אַזוי טרויעריק אויף דער נשמה. כאַפּט זיך אַמאָל אביגדורקע צו באַהאַלטענערהייד וואו דאָס פידעלע הענגט, גלעט אירע פּוסטע זייטעלעך, איר אויסגעטאָקט העלדזל, טוט כלומרשט אומגערן אַ צי פאַר די אָנגעצויגענע סטרונעס און ווערט אַנשוויגן, וויינענדיק, ווי זיי...

און דאָ האָבן זיך נאָך אָנגערוקט די ניין טעג. גרויע טעג אינמיטן העלן זומער. דער רבי האָט אָנגעזאָגט ניט צו שטיפן, האָט פאַרווערט צו לאַכן. ער האָט געהייסן מיטברענגען די גמרא „גיטין“. די גדולה פון טראָגן מיט זיך די גרויסע גמרא, פון באַווייזן זיך אויפן שולהויף מיטן שווערן ספר אונטערן אָרעם, איז פאַרשטערט געוואָרן ווי־נאָר מ׳האָט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון חדר און דערזען דעם רבינס פּנים. ער איז געווען פאַרדאגהט, ר׳ משה־לייב; ט׳אומגעשפּרייזט אַ צעפלאָכטענער, אַ פאַראומערטער. אַ נאָווינע טאָקי פאַר ר׳ משה־לייבן צו זיין פאַרדאגהט! אַ נייעס פאַר אים צו זיין צעטראָגן! נאָר דאָס איז געווען אַן אַנדער מין פאַרדאגהט זיין, אַן אַנדער מין צעטראָגנקייט: דער צער פון אַ גאַנצער אומה, דער עלנט פון אַ גאַנץ פאָלק, האָט אַראָפּגעווייַנט פון זיין פּנים. די גאַנצע חשכות פון חורבן, דער גאַנצער עול פון גלות איז געלעגן אין זייַנע אויגן. און דאָס לערנען? — ניט אַזוי לערנט מען גמרא! ניט אַזוי האָט ער, אביגדורקע, זיך פאָרגעשטעלט דעם הייַנטיקן לערנען, ווען ער האָט געבראַכט צו טראָגן די שווערע גמרא. ניט אַזוי לערנט דער זיידע, ניט אַזוי לערנט דער טאַטע, ניט אַזוי איז אפילו ר׳ משה־לייבס חומש־לערנען. ניט קיין ניגון, ניט קיין שאָקלען זיך, ניט קיין האַמפּערן זיך ווי אין שול ביים בלאַט. אומעטיק — גוואַלדיק אומעטיק! גאָרניט צו דערקאָנען ר׳ משה־לייבס חדר! דער רבי זיצט אויבנאָן ביים טיש, אַן אייַגעבויגענער, אַ פאַרלאָרענער — אַ שאָטן פון דעם שטענדיקן ר׳ משה־לייבן — קוקט ערגיץ גאָט ווייסט וואו, און פאַרטייטשט די טשיקאַווע שורות פון „אמר רבי יוחנן“ אָן אַן „אויסרייד“, אָן אַן איבערזאָגן, אָן ר׳ משה־לייבס באַפּליטערונג. צוואָס? — טרויעריק גענוג ווי ס׳איז... זיצט מען אַרום טיש און מ׳פלייסט זיך צו „האַלטן אָרט“ און מ׳האָרכט, מ׳האָרכט:

— איבער קמצאן און בר־קמצאן איז חרוב געוואָרן ירושלים... איבער אַ האָן מיט אַ הון איז חרוב געוואָרן טור־מלכה... איבער אַן אַקס פון אַ וואָגן איז חרוב געוואָרן די שטאָט ביתר...

קליינינקע געשעענישן, טשיקאַווע עקשנותלעך, וועלכע האָבן אָנגעמאַכט אַזאַ תל, אַזאַ חורבן! האָבן איבערגעלאָזט אַזויפיל הרוגים! אין טאָל האָט נבוזראדן אויסגעהרגעט צוויי־הונדערט־און־עלף מאָל צען־טויזנט; אין ירושלים אַליין האָט ער אויסגעקוילעט פיר־און־צוואַנציק מאָל צען־טויזנט“... און איין מעשה איז טרויעריקער פון דער אַנדערער; אייַנע מוראדיקער פון דער אַנ־

דערעָר. און שוועֶר לייגט זיך אויס אַ וואָלקן איבער חדר, און דרויסן איז ליבער זומער, און דער דרויסן איז מיטאַמאָל אַזוי פרעמד. און דעם רבינס קול ווערט וואָס אַ ווײַלע געבראָכענער, ציטערדיקער:

— און ס׳איז געווען אַ מעשה מיט פיר־הונדערט זין און פיר־הונדערט טעכטער, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן און זיינען געפירט געוואָרן איבערן ים, און אַז——

און די ווערטער צעברעקלען זיך. דער רבי בלייבט שטיל. אַ טרער קייקלט זיך אַראָפּ פון ר׳ משה־לייבס פּנים און פאַלט אויף זיין באָרד, אויף דער גמרא. אַי, דער רבי וויינט! דער רבי וויינט... וויינט ער טאָקי אויף די פיר־הונדערט זין און פיר־הונדערט טעכטער, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אין ים אַריין? אויף דער אומגליקלעכער מאַמען, וועלכע האָט איבערגעשטייגט אברהם אבינון און האָט מקריב געווען אירע זיבן קינדער? אָדער האָט עס אים דערמאָנט אָן זיין אייגענעם חורבן: אָן זיין בת־יחידה, וועלכע איז נעביך פאַרשוואומען פון אים איבער ווייטע ימים?... און דער רבי שנייצט זיך כלומרשט דעם נאָז אין דער גרויסער פאַטשיילקע אַריין און הויבט ניט אויף די אויגן פון דער גמרא. און אויפן רבין קוקנדיג פאַר־לויפן די אויגן: שוועֶר צו זען דעם רבין וויינען... און ס׳ווערט אַזוי ענג אין האַלדז, עס קלעמט, קלעמט ביים האַרצן, עס וויינט אין זיך די נשמה... אַי, ווען מ׳לאָזט אים נאָר איצט צו צו דער פידעלע! ווען מ׳לאָזט אים זיך אַביסל אויפקניפּן! ער קאָן ניט מער גיסן אין זיך אַזויפיל אומעט! קאָן ניט איינזאַפּן אין זיך מער טרויעריגקייט... זאָל נאָר דער רבי פאַנאַנדערלאָזן דעם חדר, וועט ער שוין געפינען אַ וועג ווי צו דערקלייבן זיך צו דער פי־דעלע! ער מוז!... ער מוז!...

קומענדיג אַהיים, פאַרשטעקט ער ס׳פידעלע אונטער דער פאָלע, נעמט־מיט הדסלען און לאָזט זיך מיט איר צו דער גרויסער סטאַינע.

— זאָג קיינעם ניט אויס, הדסל. שטילינקערהייד, וועט אונדז קיינער ניט הערן... זינג „על נהרות בבל״, הדסל, און איכ׳ל מיטשפּילן אויפן פידל. זינג...

אין דער סטאַינע איז טונקל. דער טויער איז הפּנים פאַרריגלט. קיינער זעט זיי זיי ניט, קיינער הערט זיי ניט. אַלץ וואָס ער זעט איז דער אָפּבלאַס פון הדסלס פּנימל דאָרט אין ווינקל, הערט נאָר איר סאַמעט־ווייכן קולכל, דעם פאַרבענקטן נאָכשפּיל פון זיין פידעלע. און די פינגער צעשפּילן זיך פון זיך אַליין איבער די סטרונעס, און ציטערן־אויס אַזוינע צעצויגענע, רחמימדיגע קולות, ווי דאָס געוויין פון רבי ישמעאל בן אלישעס זון און טאָכטער, ווען זיי זיינען געזעסן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן אַ גאַנצע נאַכט און געוויינט, ביז די נשמה איז זיי ביידן אויסגעגאַנגען... און הדסל זינגט אַזוי האַרציג, און ס׳פידעלע פאַרגייט זיך, און די אויגן מאַכן זיך צו. און ס׳איז אַזוי גוט,

אַזוי ווייך אויפן האַרצן; אַזוי צענומען, וואָרעם אין יעדן אבר — אַזוי כלות־הנפשדיק־וואָרעם... נאָר— אָ! ווער לאָזט עס אים ניט שפּילן?! ווער ראַנגלט זיך עס מיט אים אין דער פינצטער?! ווער רייסט עס ביי אים ס'פידעלע פון האַנט?! —

— אָ, דו שניעק איינער! אין דעם אבל־יאָר נאָך דער באָבען, עליה השלום?! ערב־תשעה־באב! אויף דעם האָסטו דאָס געדאַרפט אַ פידעלע, אויף דעם?!...

דער זיידע!...

און ס'פידעלע איז שוין ביים זיידן אין האַנט... ער הויבט עס אויף הויך אין דער לופטן און — טראַך־טידעראַך! — ס'פידעלע צעשיט זיך אונטער זיינע הענט, צעפּאַלט אויף דער ערד מיט אַ יציאת־נשמהדיקן קלאַנג פון אַ געפּלאַצטער סטרונע...

צעבראָכן ס'פידעלע!...

אין זיידנס האַנט שטעקט נאָך דאָס אָפּגעבראָכן העלדזל מיט די אַרונטער־געהאַנגענע, צעפּאַטלטע סטרונעס. אויף דער ערד וואַלגערן זיך אום די צע־שמעטערטע שערבעלעך פון זיין פידעלע. און ער שטייט אַ צעשראָקענער, אַ געפּלעפטער: עס קאָן ניט זיין! עס קאָן ניט זיין!! זיין פידעלע! — זיין ליבע, אַזוי שווער־דערוואָרבענע פידעלע!... זיין פידעלע איז צעבראָכן... פאַרוואָס?! פאַרוואָס?! און— ווער?... עס קאָן ניט זיין!!...

אָבער ס'פידעלע איז צעבראָכן, ס'פידעלע איז פאַרלאָרן. און ער שטייט און שוויגט און קאָן אפילו ניט וויינען...

*

און אין די קומענדיקע יאָרן, ווען ער פלעגט הערן אַ פידל שפּילן, פלעגט פאַר אים אויפגיין דער לעצטער יציאת־נשמה־קלאַנג פון זיין צעבראָכן פידעלע, פלעגט ער אויפסניי איבערלעבן דעם ווייטאָג פון זיין פאַרוואונדעטער קינדערשער נשמה — דעם חורבן פון זיין פידל־וועלט.

# 16

## „נײַע פֿויגל – נײַע לידער"

פעג האָבן זיך אויסגעבליט אין וואָכן, אויסגעזוונט אין חדשים, זיך צעוואָקסן אין יאָרן. גוטע, פרייע יאָרן פון אַ חומש־אינגל ביי ר׳ משה־לייבן האָבן זיך אויסגעצייטיגט אין שווער־באַלאָדענע, טרוקענע זמנים פון אַ גמרא־תלמיד אונטער ר׳ יאָשע־בער חריפס השגחה.

יאָשקע איז אַוועק אין די יאָטקעס, אברעמעלע האָט זיך פאַרדונגען צום קריצער, און ער, אביגדורקע, איז געזעסן צווישן אַנדערע חברים, אַ סך עלטער פון אים, און האָט זיך געקנייטשט איבער שווערע סוגיות. יענע ליכטיגע, אויסגעחלומטע ארץ־ישראל פון חומש און פון סוואַרבע איז דאָ מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ משונהדיג לאַנד, טרוקן ווי ר׳ יאָשע־בער אַליין. אַנשטאָט די געצעלטן און די וויין־קעלטערס פון די בני־ישראל האָט מען דאָרט אַנגעבויט אַזוינע האַמעטנע בנינים, וואָס איינעמס הויף שפּאַרט־אָן איבערן צווייטנס דאַך, מיט מבוא־מפולשס, מיט משונהדיגע עירובין. פון די פרומע טשערעדעס, וואָס יעקב אבינו, און משה רבינו און דוד המלך האָבן אַזוי געפּילעוועט, האָבן זיך אויסגעבראָדיעט אַזוינע ווילדע אָקסן, וועלכע האַלטן נאָר אין איין שטויסן איינע די אַנדערע און האָבן אפילו די העזה צו שטויסן מענטשן — איין מאָל און נאָך אַ מאָל — ביז בית־דין פאַררופט זיי צו אַ דין־תורה... די עלבערט־בוימער, וועלכע האָבן געטראָגן בכורים, האָבן זיך צעוואָקסן אין בוימער־„גזלנים", בלוט־זויגערס, וועלכע זשליאָקען אויס ס׳לעצטע ביסל חיות פון אַ פרעמדן אידנס מעזשע. די פרוכט־פעלדער פון כרמל און פון שרון, וועלכע זיינען געוועזן באַוואָקסן און באַשיינט מיט שיר־השירימדיגע ליליען און רויזן, זיינען איצט פאַרזעצט מיט חרדל, וועלכער איז אַזוי האַרב און ביטער, אַז עס פאַריאָגט די טויבן, הרגעט אַוועק די בינען. די שולמיתן און די רותן זיינען מיטאַמאָל אויס פויגל־מילך! אויס האָניג!... די שולמיתן און די רותן זיינען מיטאַמאָל אַזוי אַלט געוואָרן, און האָבן זיך אויסגעקנייטשט אין אלמנות, גרושות, עגונות און יבמות. און די אידן דאָרטן? — יענע אידן פון חומש און פון סוואַרבע,

װעלכע האָבן געװאױנט אַזױ שײן, בשלום, „יעדער אונטער זײן װײנשטאָק און
יעדער אונטער זײן פײגנבױם״; יענע פּאַסטוכער פון „שופטים״ און די
גבורים פון דוד המלכס צײטן, װאָס טאָמער איז זײ עפּעס ניט פאַרשטענדיק
געװען, האָבן זײ זיך אָנגעפרעגט גלײך בײ גאָט — די אידן זײנען מיטאַמאָל
געװאָרן אַזױ פאַרמוחט, צעחקרנט, װי דער פעטער חנא; אידן מיט אַן איפכא־
מסתברא, מיט אױבערשפּיצלעך, װי דער רבי ר׳ יאָשע־בער; װעלכע האָבן
גענומען די פּסוקים פון „משפטים״ — פסוקים װעלכע ר׳ משה־לײב האָט
אײנגעטײטשט אַזױ גלאַט, אַזױ פּשוט, און אַלץ איז, דאַכט זיך, געװען אַזױ
פאַרשטענדיק, אַזױ קלאָר — האָבן זײ עס גענומען און איבערגעטײטשט, צע־
דרײט און צעקאַליעטשעט, און האַלטן מיט דעם אין אײן אומשמײען פון
נהרדעי קײן פּומבדיתא, פון אײן ישיבה צו דער אַנדערער, ביז מ׳טרײבט זײ
אַרױס, און זײ זעצן זיך אַװעק איבערצולערנען די גאַנצע זאַך אױפסנײ אין
בית־המדרש אױפן הױף... װאו מ׳גײט זיך נאָר אַ דרײ, איז ראובן, מיט
שמעונען, מיט לױין. נײן, ס׳איז ניט מער דער ראובן, װעלכער האָט געבראַכט
דער מאַמען זײנער פרישינקע בלימעלעך פון פעלד; ס׳איז ניט יענער שמעון,
ניט דערזעלבער לױ, װעלכע האָבן זיך אַרײנגעלאָזט אין אַ געפעכט מיט אַ
גאַנצער שטאָט גױים צוליב זײער שװעסטער דינה. נישט צו דערקאָגען זײ
גאָר! לײבלעכע ברידער, דאַכט זיך; און װי זײ זײנען נאָר אױפגעװאָקסן
און דער טאַטע זײערער איז אָפּגעשטאָרבן, קאָנען זײ שױן צװישן זיך
ניט הױזן; קאָנען זיך ניט צוטײלן מיט דער שטיקל ירושה, מיט ס׳ביסל
אָרימקײט. האַלטן זײ זיך תמיד אין אײן האַמפּערן, אין אײן לאָדן זיך, אין
אײן אומלױפן צו בית־דין; דולן־אָן דעם תנא־קמא אַ קאָפּ, לאָזן אים ניט
לערנען — שיקט ער זײ אַװעק צו אַלדי גוטע יאָר: גײט, ברענגט עדות, זוכט־
אױף סימנים, רופט צונױף אַ מנין אידן װעלן מיר אײך געבן אַ שבועה, אַ
„מי שפרע״לע — אַבי פּטור צו װערן פון זײ! יאָגט מען זיך אַװעק, מ׳פליט,
מ׳האַװעט, און אין אײלעניש לאָזט מען ליגן אַ לײמענעם קרוג אין רשות־
הרבים; מ׳שטעלט אַװעק אַ פאַס פּסחדיגן װײן אין מיטן מאַרק, אױף גאָטס
באַראָט. קומט צוגײן אַ טרעגער מיט אַ שװערער בעלקע אױף די פּלײצעס
און מישט־אױס דעם װײן מיטן האָניג — אָנגעמאַכט אַ היזק! װאו איז דער
בעל־הבית? װאו איז דער איד פון דער פאַס װײן — כ׳מײן, פון דעם קרוג
— נײן, טאַקי פון דער פאַס װאָס איז אַמאָל אַ קרוג? װער בעל־הבית?!
װאָס בעל־הבית?! יענער איז גאָר אַװעקגעלאָפן אַרײנכאַפּן אַ בריתאלע,
הערן אַ שטיקל תורה אין דער ישיבה; איז אַװעקגעפלױגן אָנצוקוקן אױף
בײזװאונדער װי בית־שמאי מיט בית־הלל רײסן זיך פאַר די בערד איבער
אַ יום־טובדיגער אײ... אידן צעטראָגענע, צעפלאָכטענע, װעלכע האָבן אפילו
קײן צײט ניט צו טאַנצן אױף זײער אײגענער חתונה, און גיבן אַ שליח אַ
שוה־פּרוטה אַז ער זאָל גײן און אײנקױפן פאַרן בעל־הבית אַ װײב. געפעלט

מסתמא אימעצן ניט די יפה־פיה וואָס זיין משרת האָט פאַר אים איינגעהאַנדלט: זי האָט אים צוגעברענט דעם וואָרמעס! פאַרט ער אַוועק קיין מדינת־הים כדי צו שיקן איר פון דאָרט אַ גט דורך אַן אַנדער שליח... היינט דרייען זיך דאָרט אום אַזויפיל אידן־בטלנים, אַזוינע לאַ־יוצלחניקעס, וועלכע האָבן ניט וואָס צו טאָן, און נעמען זיך אונטער צו ניאַנטשען יענעמס אָקס אָן אַ גראָשן שכירות. ווערט אַזאַ איד מסתמא אַנשלאָפן אינמיטן דער זאַבאָטע און דער אָקס ווערט נעלם. הויבט זיך דאַמאָלט אָן אַן עסק מיט דין־תורות, שבועות, און לאָזט זיך אויס מיט אַ „תיקו!". ווערט דער בעל־דבר פון דעם אָקס אַן אויפּ־געדעגטער, אַן אויפגעפּרעגלטער, אַ מין פּעטער חנא, און לאָזט אויס זיין ביטער הארץ צום גויאישקן פּאַראָבאָק — צום דוואָרניק — צום עבד־כנעני — פאַרפאַרט אין פּרצוף און זעצט אים אויס אַ פאַר ציינער, פאַרשטעכט אים אַן אויג. הייסט בית־דין אַז ער זאָל אים תיכף־ומיד אַוועקשיקן צוריק אין דאָרף אַריין — באַפרייען! מוז שוין יענער איד אַרויסגיין אַליין פאַר־ריכטן דעם ברוק אין גאַס. שטעלט ער זיך גראָבן און דערמאָנט זיך אינ־מיטן־דערינען אַז ס'איז שוין שפּעט צו מנחה, און לויפט אַוועק. שיקט דער שוואַרציאַר אַן עפּעס אַ בלינדן איזל, און ספּאָטיקעט זיך איבערן צעשעדיקטן ברוק און ברעכט זיך אויס אַ פוס. ווערט אַ טומל, אַ האַמפּערניש, מ'פּסקנט־צו אַז ער זאָל באַצאָלן. אַי, וואָס — ניטאָ קיין געלט? — נו, איז אויף דעם דאָ אַ לווה — אַ מלוה — אַ שטר — אַ מגיע־צעטעלע — פּראָצענט — מחלוקתן... מאָדנע אידן! — עקשנים!...

פּרעמד — אויסטערליש פּרעמד! — און... טרוקן.

גוט איז נאָר ווען מ'דערלעבט זיך אַרויסצוכאַפּן פון די איינגעקוואַרטע, קליינינקע עמודימלעך אין דער ברייטער וועלט אַריין — אין די רחבותדיגע, בייכיגע עמודים פון דער אגדתא. ס'דערפרישט, ס'דערקוויקט — אַ מחיה! קומט אָבער צו אַ שטיקל אגדתא, הויבט ר' יאָשע־בער אָן צו היפּן, צו פליען, ווי צען רוחות וואָלטן אים נאָכגעיאָגט! ער האָט פיינט אגדתא! אגדתא, זאָגט ער, איז פאַר עם־הארצים, פאַר בעל־מלאכות. אים גיב נאָר אַ האַרבן „אמר עולא", אַ פייערדיגע שטיקל גמרא, אַ שכלדיגן תוספות, אַ שאַרפן פּשטל אין מהרש"א — דאָרטן ווערט ער גאָר אַן אויפגעלעבטער — אַ פיש אין וואַסער! דער שטערן ווערט ביי אים גרויס, אויסגעאָדערט; די פאות צעצאַפּלען זיך ביי אים; ער גראָבט מיט די הענט אין דער לופטן, שטוכעט מיט די עלנבויגנס, מיט אַלע רמ"ח אברים; שלעפּט צונויף, פלעכט צוזאַמען פּסוקים, משנהס, גמראס. ער ברענט! ער פלאַקערט! ער פרעגט־אָפּ און פאַרענטפערט; בויט־אויף בנינים און צעוואַרפט זיי, מאַכט פון זיי אַ תל־עולם; און, דאַכט זיך, פון גאָרניט — אויף אַ קוצו של יוד — הויבט ער אָן פון דיזעלביגע צעמאַלענע פּסוקים, פון די אָפּגעפרעגטע גמראס, אויפסניי אויפצושטעלן אַ נייעם בנין. אַ קנייטש דאָ, אַ קוועטש דאָרט, און דער בנין

איז פאַרטיג! גרויס, ריזיג, אַ טורעם וואָס שפּאַרט אַזש אונטער דעם הימל. און מיט איין מאַך מיטן גראָבן פינגער, און — אויס! — אָפּגעפּרעגט! ניטאָ, האַ? איז אַ שלעפּ־אַרויס די פּושקע טאַבעק, אַ שנייץ־אויס דעם נאָז, און ווי פון אונטער דער רויטער פאַטשיילקע אַרויס שיינט ווידער אויף דער בנין — גאַנץ! — זאָל עס פעלן אַ תג! הויך — מוראדיג הויך — און לויטער...

אַ גוואַלדיגער חריף, אָט דער ר׳ יאָשע־בער. קליין, דאַכט זיך, אויסגע־דאַרט, מער באָרד ווי איד, אַ פליג קאָן אים, כ׳לעבן, פאַרטראָגן; כאַפּט ער זיך אָבער אַריין אין זיינע דלד־אמות — דערטאַפּט ער נאָר דעם אמתן פלפול — און ער ווערט מיטאַמאָל גאָר אַן אַנדער מענטש: אַ ריז! אַ לויתן! אָט טוט ער פון זיך אַ וואָרף אַראָפּ די טשערטאָוועקאָזשנע קאַפּאָטע און טוט זיך אַ לאָז אַוועק מיט זיין גאַנצער גבורה איבערן ים־התלמוד. ער שווימט, ער טראָגט זיך, ער אַקערט וואַסער. אָט לאָזט ער זיך אַרונטער צו די אָפּגרונטן, אָט שווימט ער ווידער אויף אויפן פלאַך... האַ? אייגענעצט די באָרד? — ס׳איז גאָרניט! — ס׳איז זאַלץ־וואַסער — ס׳איז געזונט... זיי, די קליינע פישעלעך, זיינען זיך מתקנא אויף אים און שווימען אים נאָך, מיען זיך מיט אַלע כוחות אים נאָכצוהאַלטן. או־האַ, ווי ברייט דער ים איז! ווי טיף! ווי ברויזנדיג די אינדן זיינע זיינען! און דער ברעג? מ׳זעט שוין גאָר קיין ברעג ניט הינטער זיך! הפּנים, ווייט פאַרשוואומען. נאָר — שאַ! וואָס איז דאָס? שוין אַזוי גיך דערשפּאַנט צום אַנדערן ברעג?! ניין: ס׳איז אַן אינזל. ר׳ יאָשע־בער נעמט פאַנאַנדער זיינע מאַכטיגע אָרעמס, קלעטערט איבער פעלזן, טראָגט זיך איבער בערג — אַ תחום־שבת אַ טראָט. ער זוכט, ער נישטערט. האַ, וואָס? ניטאָ קיין תירוץ? — נו, מסתמא ניט דער ריכטיגער אינזל; ניט אָנגעטראָפן אויפן ריכטיגן אָרט... לאָזט זיך ר׳ יאָשע־בער לאַנג ניט בלאָנדזשען: אָפּגערוט זיך אַביסל, און ווייטער געשפּאַנט, ווייטער געפלאַ־טערט. ר׳ יאָשע־בער טוט אַ שפּרייט־אויס אַ פּאָר גרויסע פליגל און טוט זיך אַ הויב־אויף אין דער לופטן — איבער טיפענישן, איבער הויכן. האָ־האָ! ר׳ יאָשע־בער איז געוואָרן אַן אָדלער! ער שוועבט, ער ציט. זיי, די יונגע אָדלערלעך, פליען אים נאָך. זיי הויבן זיך מיט אים הויך, ווייט — זייער ווייט אין דער הויך. מ׳זעט שוין אַזש ניט די עירובין, די פייערן אויף די בערג... די זון איז אַזוי נאָנט, סמאַליעט־אונטער אויפן נאַקן, גלייך אויפן פלייצע — הייס! און— או——ו! — ווי בלוי דער הימל איז! ווי טיף! ווי דורכזיכטיג! און ווי ווייס, ווי לויטער די וואָלקענדלעך אונטער זיי זיי־נען!... ניין, דאָס זיינען ניט קיין וואָלקנדלעך: דאָס זיינען גאָר ליכטיגע יריעהלעך, ווייס־געכאָליעטע גמרא־בלעטער, אויסגעשטריקטע תוספותן, אויס־געהאַפּטע מהרש״אס. אָ, ווי שנעל זיי טראָגן זיך פאַרביי! שווינדלען אַזוי מיט זייער לויטערקייט פאַר די אויגן, ס׳איז אַזש ניט צו זען ר׳ יאָשע־בערן מער... און די וואָלקנדלעך ציען זיך, שוועבן...

— אַי, גוט, אַביגדורקע! אַי, גוט!...

האַ? וואָס איז דאָס?... ער פליט אַליין?!... העט, דער יונגער אָד־לער האָט זיך אויסגעלערנט פליען און טראָגט זיך שוין אַליין — אָן ר' יאָשע־בערן!...

— אַי, וואויל! אַי, גוט, אַביגדורקע! זאָג טאַקי איבער דעמדאָזיגן פּשטל פאַרן טאַטן, פאַרן זיידן ר' שלום־יעקב: ס'עט זיי הנאה טאָן!... אַי, אַ פּשטל! אַי, אַ קאָפּ!...

נאָך איין פלאַטער מיט די פליגל, נאָך איין צי, און ער איז שוין ווידער אויף דער ערד, ביי ר' יאָשע־בערן אין חדר אויפן באַנק. צעשוואומען זיינען די הימלען, צעגאַנגען די וואָלקנדלעך. מ'גייט שוין אַהיים. אָפּגעהאַרעוועט פון אינדערפרי־אָן; אָנגעשריען זיך, אָנגעיאָגט זיך, און וואָס? — געמאַכט אַ אידן אָן אַרימאַן צו באַצאָלן ארבעה־וחמישה; פסול געמאַכט דער עירוב, און אַ אידענע וועט ניט טאָרן אַהיים טראָגן דעם טשאָלנט פון בעקער — פאַר־שטערט אַ שבת; פאַרמשפּט אַ נאַרישן אָקס — אַ שטומע חיה — צו סקילה; געמאַכט אַ אידישער טאָכטער פאַר אַן איביגער עגונה; טריף געמאַכט די איי, ווייל די הון האָט ניט געוואוסט ווען דער ערשטער טאָג יום־טוב פאַלט־אויס... אַלץ אַזוי פרעמד, אַזוי ווייט, אַזוי טרוקן. ר' יאָשע־בערס ניגון איז אַזוי שריי־ענדיג, אַזוי זעגנדיג. און ס'האַרץ לעכצט נאָך עפּעס זאַפטיגס, דערפרישנדיגס, לעבעדיגס... און ס'בענקט זיך אַזוי נאָך יענע אידן וואָס ער האָט איבער־געלאָזט אויפן שוועל פון ר' משה־לייבס חדר, נאָך יענעם ניגון, נאָך יענע זינגענדיגע שעהן...

*

הדסל האָט זיך געלערנט רוסיש און חשבון ביים קאַזיאָנעם ראַבינערס זון, און תנ"ך און לשון־קודש — ביי ישראל מאַלקינען. זיי פלעגן קומען צום זיידן אין הויז, איינער — אַרום וואָרמעס־צייט, דער צווייטער — אין אָוונט.

אַ פאַרשמאַכטער, אַן אָנגעטומלטער פון אַ גאַנצן אינדערפרי, פון אַ שווערן נאָכמיטאָג, פלעגט ער, אַביגדורקע, אין יענע שעהן, זיך אַריינכאַפּן צום זיידן און זיך צוהערן ווי הדסל לערנט זיך; פלעגט אויפכאַפּן, פאַרנעמען. „וואָס'י, ער'ט לאָזן אַ מיידל זאָל אים איבערשטייגן אין קענטעניש?!" דערנאָך פלעגט ער העלפן הדסלען מאַכן די יראָקן,[1] „אַ גרויסע תורה! ס'אַ דאגה, ט'אים דער לערער ניט פאַרהערן! אַבי ער קאָן"...

איבערהויפּט האָט אים געצויגן צו מאַלקינען.

פון דעם ערשטן טאָג־אָן וואָס ער האָט דערזען זיין אידעלך, פאַרטראַכטן פּנים, זיין אַרומגעשוירן בלאָנד בערדל; פון דער ערשטער מינוט וואָס ער האָט דערפילט אויף זיך מאַלקינס בלויע, גוטע אויגן, האָט דערהערט זיין

---

1. אוראָקן — לעקציעס.

ווייכע, פאַרחלומטע שטים — האָט ער זיך ווי צוגעבונדן צו דעמדאָזיגן מענטשן, און זיין תנ״ך לערנען!... אמת, ביי ר׳ משה־לייב האָט מען אויך געלערנט תנ״ך, און ר׳ משה־לייב האָט עס דוקא געלערנט שיין, מיט געשמאַק, מיט אַ צוזינג, מיט אַן אָפּזעץ; אָבער די ווערטער אַליין זיינען ביי ר׳ משה־לייב אויסגעקומען עפּעס דייטשמעריש, צעפּלאַטשן. ביי אים, אָבער — ביי מאַלקינען — האָבן דידאָזיגע ווערטער אויפגעלעבט, אויפגעלויכטן. ער האָט — על־פּי דקדוק, אפילו — צעגלידערט, אויסגעטייטשט, באַפליגלט יעדער וואָרט, און די ווערטער האָבן באַקומען זייער פולע זוניגקייט, זייער גאַנצע לויטערע קוואַליגקייט. ס׳איז געווען אַ דערפרישונג נאָך די מוטנע שעהן ביי ר׳ יאָשע־בערן, אַ דערקוויקונג פאַר זיין יונג, פאַרשמאַכט האַרץ.

ער האָט געהערט פון זיידן אַז „דער מאַלקין איז אַ מושלם! און אַ בעל־דקדוק — גאָר־גאָר! טאַקי אַביסעטשקע פאַרכאַפּט אויף צוניטשטערייי,[1] אָבער אַ זיידענער יונגערמאַן, אַ בר־אורין!״ ער האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז מאַלקין פאַרמאָגט אַן אַלקערל פול מיט לשון־קודשדיגע ביכלעך; אַז ער שרייבט מליצה, „מאַכט״ אַליין שירים. זיין נייגעריגקייט וועגן דעם אידן איז געוואַקסן צוזאַמען מיט זיין צוגעבונדקייט צו אים: וואָס זיינען דאָס פאַר־אַ ביכלעך? וואָס זאָגט ער דאָרט אין זיינע לשון־קודשדיגע שירים? וואָס אַזוינס שרייבט ער אין די מליצות?...

— קום אַמאָל אַריבער צו מיר אַהיים, וועסטו אַריינקוקן, וועסט זען... אויף דעם האָט ער געוואָרט!

און פאַר אביגדורקען האָט זיך געעפנט אַ נייע וועלט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַן אַלקערל פול מיט לשון־קודשדיגע ספרים; נישט קיין דרוש־ספרים, ניט קיין פּוסקים מיט רש״י־כתב, נאָר טאַקי לשון־קודשדיגע ביכלעך, וואָס דערציילן עפּעס מיט אַזאַ קלאָרער שפּראַך, אַזאַ פאַרשטענדיגע, ווי פון סוואַרבע אַרויסגענומען. קיינמאָל ניט געוואוסט אַז אויף דעם לשון קאָן מען דערציילן אַזוינע מעשות! און עס לייענט זיך אַזוי לייכט, אַזוי בוימלדיג. די אגדות פון גמרא און פון מדרש ווערן דאָ איבערדערציילט אין אַזאַ גלאַטן לשון, אין אַזאַ פאַרברייכער שפּראַך.

און אביגדורקע איז צוגעפּאַלן צו דעמדאָזיגן ניי־געפונענעם אוצר מיטן גאַנצן דורשט פון זיין יונגער נשמה. מאַלקין האָט מיט צופרידנהייט איינגע־וויליגט אויסצובאָרגן אים ביכער צו לעזן. האָט אביגדורקע באַהאַל־טענערהייד, צוזאַמען מיט הדסלען, געשלונגען איין ביכל נאָכן אַנדערן. ער האָט זיך געקוויקט מיט מאַפּון, מיט ביאַליקס שירים, מיט מענדעלעס שאַרפ־זיניגקייט און האָט פאַרגאָסן טרערן אויפן „עמק הארזים״. ער האָט אויס־געחזרט שטיקער פון רבי יהודה הלוי אויף אויסנווייניג, האָט זיך געשפּיגלט אין זייער שיינקייט, און האָט אָפט גערעדט צו הדסלען אין דער שפּראַך פון

1. ציוניזם.

משורר. מיט דער צייט, האָט ער זיך באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון נאָכן תנ"ך. די צעשוואומענע, האַלב־פאַרנעפּלטע באַגריפן, וואָס ער האָט אויפגע־כאַפּט ביי ר' יאָשע־בערן, האָבן דורכדעם אָנגעהויבן צו באַקומען אַ זין, אַ האַפּטיגקייט. ער האָט געגרן געוואַרט אויף פרייטיג נאָכמיטאָג, ווען ער פלעגט מיט הדסלען גיין צו מאַלקינען אומבייטן די אָפּגעלייענטע ביכלעך. מאַלקין פלעגט מיט אים פאַרברענגען ווי מיט אַ דערוואַקסענעם; פלעגט אים אַ סך זאַכן פאַרענטפערן, דערקלערן, דערציילן. און אביגדורקע האָט אים אויסגעהערט, האָט פאַרנומען. זיין ליבשאַפט צו די ביכלעך, צו די מענטשן וועלכע האָבן זיי געשריבן, איז געשטיגן מיט יעדן מאָל וואָס ער האָט באַזוכט מאַלקינען, און נאָך מער — זיין ליבשאַפט צו מאַלקינען אַליין. די דאָזיגע ביכלעך, מאַלקין, האָבן אַצינד פאַרנומען דעם אָרט פון זיין פאַרלאָ־רענער פידעלע.

וואָס ער האָט געלערנט ביי ר' יאָשע־בערן האָט ער געוואוסט, האָט זיך געפּלייסט צו קאָנען. „דער זיידע הייסט, דער טאַטע הייסט — מסתמא דאַרף עס אַ איד וויסן." ער האָט געשטייגט אין לערנען. דער זיידע מיטן טאַטן האָבן פון אים אָנגעקוואָלן; רב טעוועלע האָט פון זיין לערנען געהאַלטן אַן עולם־ומלואו; און ער אַליין, מיט זיין התמדה צום לערנען, און מיט זיין הייסער ליבשאַפט צו די ביכלעך, האָט זיך געמיט צו מאַכן שלום צווישן ביידע וועלטן...

ס'איז אָנגעשוואומען דער בר־מצוה־יאָר. אויס אינגל! — אַ בחורל, אַ איד מיט אידן גלייך. ער האָט איצט געלערנט אין בית־המדרש: אינדערפרי — מיט רב טעוועלען, ס'איבעריגע — „פאַר זיך". דער זיידע האָט זיך גע־ישובט מיטן טאַטן, מיט רב טעוועלען „סלאָבאָדקע... דעמיר... טעלז..." ס'איז געבליבן: ט ע ל ז. ר' טעוועלע איז באַשטאַנען אויף טעלז. און באַלד נאָך יום־טוב איז ער געוועזן מיטן זיידן אויפן וועג צו רב אָשרלס ישיבה.

מיטן פרימאָרגן האָט זיך די פור אַריינגעשלעפּט פון דער סטאַנציע אין שטעטל אַריין. אַ ברונעם האָט פאַרשלאָפן אונטערגעקרעכצט. אַ באַרוויסע מויד מיט אַ קאַראָמיסל וואַסער אויף די אַקסלען איז זיי די ערשטע אַנטקעגנ־געקומען. דער זיידע האָט אים צוגעדריקט צו זיך:

— ס'איז אַ סימן־ברכה, מיין קינד: פולע עמערלעך וואַסער... זע, מיין קינד, פלייס זיך. רב אָשרל איז אַן אדם גדול; פאַרשעם אונדז ניט, חלילה, פאַר אים... פ ו ל ע ע מ ע ר ל ע ך ו ו אַ ס ע ר — אַ גוטער סימן, אם ירצה השם...

# 17

## ביי די קוואַלן פון דער תורה

שווער געווען צו געזעגענען זיך מיט מאַלקינען, מיט זיין ביכער־אַלקערל. שווער געווען איבערצולאָזן הדסלען.

אָ, די הדסל! זי האָט אים אַרויסבאַגלייט צו דער פור, האָט געקוקט אויף אים מיט אירע פאַרטראַכטע אויגן, אירע דינע ליפּעלעך האָבן זיך געבראָכן. ער האָט געוואוסט: זי האָט געוואַרט אַז ער זאָל איר אַ קוש טאָן, ווי ער האָט געקושט דער מאַמען... אודאי האָט זיך אים געגלוסט — שטאַרק געגלוסט — דאָס צו טאָן. נאָר ווי האָט ער, אַ בר־מצוה־בחורל, וואָס פאָרט צו רב אַשרלען אין דער ישיבה, דאָ, בפני כל עם ועדה — ווי האָט ער זיך געקאָנט קושן מיט אַ מיידל?... אמת טאַקי, ס'איז הדסל; אָבער פאָרט אַ מיידל! נאָכן דין, שוין אַ גדולה; און ער האָט דאָך גענומען אויף זיך צו זיין פרום...

— זיי געזונט, הדסל...

— פאָר געזונט, אביגדור. זאָלסט מצליח זיין אין דער תורה...

— זאָג אַ דאַנק, מיין זון; — הדסל ווינשט דיר גוטס...

„זאָג", אַז עס זאָגט זיך ניט; — אַז די טרערן שטיקן אין האַלדז; — אַז — אַצינד זיינען דידאָזיגע טרערן געפאַלן זינגענדיג אויף דער גמרא.

ער האָט געלערנט מיט חשק, מיט התמדה; האָט זיך געפלייסט אין צוגרייטן דעם „לייענען", דעם נייעם שיעור. מיט דער צייט האָט ער דערוואָרבן זיין אייגענעם גמרא־ניגון — אַ פאַרבענקטער, אַ דבקותדיג־וואַרעמער — כמעט ווי דעם טאַטנס. און מיט דעמדאָזיגן ניגון רופט זיין האַרץ צו איר פון דער וויט, זינגט ער אויס זיין ליבשאַפט צו איר, זיין בענקען. און ער ווייסט, אַז ס'איז אַ מעשה־שטן, אַ זינדיגע מחשבה — מ'טאָר ניט! אָבער מיט הדסלען פאַרן דמיון ווערט די סוגיא אַזוי פאַרשטענדיג, דער ענין — אַזוי קלאָר, דער ניגון — אַזוי האַרציג, און ס'בענקען——?

ער פֿאַרשעמט זיך פֿאַר זיך אַליין, טוט אַ פּיר דורך די האַנט איבערן שטערן און פֿאַרטוט זיך אין לערנען. ער פֿאַרטיפֿט זיך, צעוואַרימט זיך. דער שטענדער אונטער אים צעוויגט זיך. אין דעם אַרומיקן געשאַל, אין דעם געפּלעכט פֿון קולות, וועבט זיך איין זיין צאַרטער ניגון, שלענגלט זיך דורך ווי אַ רויט פֿלעמעלע אין דעם אש־תּמיד:

— אַי, אמר רבי שמואל בר נחמני אמר רב יונתן: מאי דכתיב לבבתני אחותי כלה — אַי־אַי!...

שיטה נאָך שיטה, דף נאָך דף — ער זעט איר, ער הערט איר אין יעדער שורה פֿון ספֿר, אין יעדן אָטעם פֿון זיין מויל: „כ׳האָב אַזוי האָלט צו הערן ווי דו לערנסט מיט די גרויסע! כ׳האָב אַזוי ליב צו גלעטן דיינע פּאַהלעך!...״ און טרעלנדיגער, בענקענדיגער גייט־אויף זיין ניגון. ער מאַכט זיינע אויגן צו, בלעטערט־דורך אין דער מחשבה דעם אָפּגעלערנטן שיעור. דאָס פֿעלד איז צעאַקערט, די קערנער פֿאַרזייט. ער וואַרט נאָר אויף רעגן, אויפֿן פֿרימאָרגנ־דיקן טוי. זיך באַדעקן וועט זיין פֿעלד מיט גילדענע זאַנגען, מיט ליליען פֿון שרון, מיט רויזן פֿון טאָל. יום־טובדיגע טעג ביים זיידן אין הויז, ביים טאַטנס טיש... האַ?... ווער רייסט עס איבער זיין געזאַנג? ווער וועקט אים פֿון זיין חלום?...

— פֿילענאָווער, דער ראש־הישיבה!... ער גייט שוין זאָגן...

ס׳איז זיין שכן, דער קאַידאַנאָווער — דער יונגער עילוי מיט די צעטראָ־גענע הענט און אויגן. די שטענדערס שטייען שוין אויסגעשטעלט אין אַן עיגול אַרום דער בימה. דער ראש־הישיבה הויבט שוין באַלד אָן דעם שיעור. מ׳וואַרט אויף זיין וואָרט מיט פֿאַרטיפֿטן שווייגן. אין דער שטילקייט פֿון היכל צעוויגט זיך רב אָשרס אַטלעס־ווייכער קול, גייט־אויף ווי אַ ווייראַך, פֿאַלט ווי פֿרישער טוי, צעשפּילט זיך ווי אַ יונגער פֿעלד־ווינט איבער די בוי־מער־קרוינען פֿון וואַלד. זיינע לאַנגע פֿינגער שיפּן זיך דורך איבער די אַלטע ספֿרים, שעפּן אַרויס פֿון זייערע טיפֿענישן פֿאַרהוילענע אוצרות — אַזוינע ליכטיגע און קלאָרע; זיי פֿלאַטערן־אום ווי טויבן אין דעם שווייגנדיגן הלל, צעטרייבן די נעפּלען, דעקן־אויף הימלען טיפֿע, לויטערע... ניין! ס׳איז ניט ר׳ יאָשע־בערס איבערגעשפּיצטע חריפֿות, דער קאַפּריזנער צוזאַמענ־פּלעכט פֿון זיינע קונציגע בנינים, די גבורה פֿון זיין צעהיצטן מוח. ס׳איז דער אויסגוס פֿון אַ לעבעדיגן קוואַל, דער אויפֿשלאָג פֿון אַ מעין־המתגבר, וואָס האָט זיין אורשפּרונג אין די טיפֿענישן פֿון דער מחשבה; ס׳איז דער אויפֿ־שטראַל פֿון אַ ווייטן בליק, וועלכער זעט קלאָר פֿאַר זיך זיין ציל און טראָגט זיך צו אים אויף די פֿליגל פֿון זיין ליכטיגער הסברה. מיט דעם שוואונג פֿון אַ משורר, מיט דער קאַלטער אויסגערעכנטקייט פֿון אַ בעל־חשבון, לייגט ער אויס שטיין נאָך שטיין, פֿונדעווועט־איין פֿעסטע יסודות, שטעלט־אויף זיילן, נעמט אַרום ווענט — גאַנצע וועלטן! מיט איינגעבאָרענעם כּוח און שכלדיגן

פאַרנעם שמידט ער אויס אונטערן האַמער פון זיין פליסיגער שפּראַך רינג נאָך רינג, קייט נאָך קייט — ש״ס און פּוסקים, ראשונים און אחרונים, מהר״ם־שיף און בית־יוסף. ער רייסט־אויס בערג, גלייכט־אויס טאָלן, פּלאַסטערט־אויס אַ ווייסן וועג, געשנורט און געמאָסטן, וואָס פירט פון סיני קיין בבל, פון יבנה קיין קאָרדאָווא, קיין וואָרמס, און קיין מאַינץ, דורך דעמיר, און דורך וואָלאָזשין און דורך טעלז, ביז צום זיידנס הויז, ביז נאָך משיחס צייטן. ס׳איז דער וועג פון טאַטן, פון זיידן, פון רב מאירל׳ען — אַ ליכטיגער, אַ פאַרשטענדיגער וועג. און אויף דעם וועג גייט ער נאָך דעם ראש־הישיבה, זאַמלט־אויף די אוצרות, וואָס רב אשרל צעשיט מיט פולער האַנט אויף יעדן טראָט; ער קלייבט צונויף די פּערל, שנורט זיי אויף אויף אַ תכלת־פאָדים, פלעכט־אויס אַן עטרה פאַר דער תורה. דער ציל ווערט נאָנט, דער חלום ווערט מקוים: ער קומט אַ זינגענדיגער אויפן אויסגעראָטענעם וועג מיט אָרעמס פולע, באַלאָדן מיט אַ ליכטיגע מתנות, און אַ שנירעלע פאַרבענקטע פּערל פאַר איר — פאַר הדסלען...
ווידער זי!

אַ, די קונדסטע! זיך פאַרטראַכט פון איר און ניט דערהערט דעם סוף פון שיעור; ניט דערצויגן מיט דער מחנה צום געגאַרטן נצחון... דער טאָג לעשט זיך אויס. ס׳איז שוין נאָך מנחה. שטיל געוואָרן איז דער רעש אָרום, דער נאָכאַנאַנדיגער טומל. שטענדערס שטייען עלנט, גמרות ליגן בלינד, צוגעמאַכט. עס רופט דער פאַרנאַכטיגער דרויסן. גרינע לאַנקעס... דער שליאַך אונטערן שטעטל... אַ פאַרסודעטער הימל אין שקיעה־שיין... ניין, ער גייט ניט מיט! ער בלייבט אין בית־המדרש. ער מוז דעריאָגן דעם בלאַט. צופיל דורכן טאָג געבטלט אין מחשבותן —

— אי —! תנו רבנן... רבי עקיבא אומר...

די לעצטע שקיעה־שטראַלן זיפּן זיך דורך דורכן פענצטער, פאַלן באלכסון אויפן שטענדער, צעשפּילן זיך אויף דער גמרא. די שורות פאַרנעפּלען זיך, די אותיות צעשווימען, טראָגן זיך אַוועק מיט די פינקלענדיגע שטויבעלעך אין דעם משופּעדיגן זייל ליכט דורכן פענצטער, פליען אַוועק אין דרויסן. און די אויגן יאָגן זיי נאָך, ווילן זיי דערכאַפּן, און פאַלן־צו מידע צום בלויען זוים פון וועלדל, בלייבן הענגען אויפן רויטן האָריזאָנט פון דער שקיעה, אויפן שטילן ברעג פון טייך... אַ טאָג פאַרגאַנגען, אַ טאָג פאַרשוואומען, און מיטן פאַרנאַכט קומט דער אומרו, קוועלט־אָן די בענקשאַפט. אין דער ביך־השמשותדיגער גרויקייט טויכן־אויף פאַר אים די ליכטיגע שורהלעך פון די שירים, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט ביי מאַלקינען, די האַרציגע מעשהלעך, און ער פאַרטראָגט זיך בלינדערהייד אין די וועלטן פון די געלייענטע ביכלעך — פון „מסתרי פּאַריז״, פון „עמק הארזים״, פון „אהבת ציון״... אמנון און תמר — ער און הדסל...

— די גמרא, פילענאָוועד... פילענאָוועד, די גמרא!...

אימעצער באַרירט ווייך זיין אַקסל. ער טוט זיך אַ צאַפּל.

וואו איז די גמרא?!... אָי, די גמרא ליגט אויף דער ערד!... זי האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון שטענדער בשעת ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די פּוסטע מחשבות... ווידער געבטלט אין הרהורים; ווידער פאַרשעמט די גמרא; ווידער ניט דערלערנט...

אַ פאַרזינדיגטער הויבט ער אויף דעם אַרונטערגעפאַלענעם ספר, טוט עס לײדנשאַפטלעך אַ קוש און לייגט עס צוריק אַרויף אויפן שטענדער.

איבערן היכל איז טונקל. דער נר־תמיד וואַרפט אַ טריבע ליכט אויף די גרויע ווענט. שאָטנס וויגן זיך אום, שאָטנס גאָפן. ווי פון באַהאַלטענע ווינק־לען אַרויס שווימען־אויף קולות, צעטראָגן זיך און פאַרגייען אין אַ ברוסטיגן שלוכצן, אין אַ פאַרכלינעטן שווייגן. ס׳איז די שעה פון „מוסר״, די שעה פון הרהור־תשובה.

אביגדור צעשאָקלט זיך, טראַכט זיך אַריין אין די אויסגעזונגענע, אומ־שוועבנדיגע שטיקער פון די מוסר־ספרים, און פאַרגייט אין דעם וויינענדיגן „אָי־אָי־אָי״־נאָכבאַגלייט.

נעבן אים צעוויינט זיך דער קאַידאַנאָווער מתמיד אויף זיין הייזעריג־לײדיגן קול:

— אָי——!... עס מוז קלאָר זיין און עס מוז פאַרשטענדיג זיין פאַר יעדן מענטשן וואָס זיין חוב, וואָס זיין עובדא, אויף דער וועלט איז, אָי——!...

„אָי, זיין חוב... זיין עובדא... זיין שליחות!... און איך? איך האָב ניט דערפילט מיין חוב! איך האָב געפעלשט אין דער שליחות, וואָס איז מיר אָנגעטרויט געוואָרן! איך האָב זיך אויסגעטאָן פון לערנען, האָב פאַרשוועכט די תורה־הקדושה: האָב נאָכגעלאָזט די גמרא, געלאָזט איר ליגן אַ פאַרשעמטע אויף דער ערד, און האָב זיך איבערגעגעבן מיט דער מחשבה צו זינדיגע הרהורים! האָב אינגאַנצן פאַרגעסן — אָי, דעם מענטשנס חוב אויף דער וועלט!... אָי, דער חטא פון ביטול־תורה! — אַ מכשול פון שטן — אַ נצחון פאַרן ס״מ...״

— אָי—! אָי־אָי—! אָי—אָי—! — צעציקלט זיך פון ארון־קודש־ווינקל דעם ראש הישיבהס שטים — אָי, ווי אַ בלינדער וואָס גייט אום ביים ברעג פון טייך... אָי ביים ברעג פון טייך!...

„ביים ברעג פון טייך... ביים ברעג פון טייך — אָי, ביים ברעג פון טייך... ס׳איז געמיינט מיר — מיר! אַ מענטש האָט בלינדערהייד זיך געלאָזט פאַרפירן ביז צום ברעג פון טייך! אַ נשמה האָט אומגעבלאָנדזשעט ביים זוים פון טיפן אָפּגרונט — האָט זיך געשפיגלט אין זינדיגע מחשבותן, אין בלינדער בענקעניש — אָי, ביים ברעג פון טייך! — אַ בלינדער ביים ברעג פון טייך...״

— ווייל ס׳איז דאָ אַן אויג וואָס זעט, און אַן אויער וואָס הערט, און——

„און ס'האַרץ?... אַי, דאָס האַרץ — דאָס ווידערשפּעניג האַרץ! דאָס האַרץ וואָס האָט פּורץ־גדר געווען — וואָס איז אַריבער אירע ברעגן — וואָס האָט פאַרגעסן איר הייליגע שליחות — און האָט זיך אַזוי גרינג געלאָזט פאַנגען אין אַ בלינדער נעץ בײַם ברעג פון טײַך... אַי, רבונו־של־עולם! דו זעסט דאָך, דו פאַרשטייסט דאָך מײַן האַרץ! — כ'האָב ניט געמיינט... כ'האָב ניט געקאָנט... כ'בין מיד געווען, בלינד געווען... אַי, בלינדער־הייד!... כ'וועל דערפאַר קיין שלאָף צו מײַנע אויגן ניט געבן. דורך די נעכט וועל איך וואַכן איבער דײַן הייליגער תורה. משמר נאָך משמר וועל איך זיצן מיט דײַן אויסדערוויילטן, דעם קאָידאַנאָווער. נאָר שטאַרק מיר, אַ גאָט און רייניג מײַן האַרץ, לײַטער מײַנע מחשבות, און טו אָפּ דעם שטן פון פאַר מיר, אַז איך זאָל ניט געשטרויכלט ווערן אויפן וועג צו דײַן ליכט!... איך בין שוואַך, אַ גאָט, און זינדיג, און דײַנע נסיונות זײַנען אַזוי שווער, און דער שטן לויערט אויף יעדן טראָט...״

ער פאַלט־צו צו דער גמרא און וויינט.

... און ס'האָבן זיך געמישט בלעטער, און ס'האָבן זיך געבלעטערט טעג. ס'האָבן זיך אויסגעצווייגט פּרקים. מסכתא נאָך מסכתא האָבן זיך איינ־געוואָרצלט, זיך צעוואָקסן אין סדרים. און—— דער שטן איז געקומען.

ער איז דערשינען אין דער געשטאַלט פון יונגן דאָקטער פון שטעטל.

דער קאָידאַנאָווער איז קראַנק געוואָרן. דער דאָקטער פלעגט קומען צו אים יעדן טאָג. אביגדור האָט פאַרבראַכט אַ סך צייט בײַ זײַן חברס בעט. און ס'איז געווען דאָ, וואָס ער האָט זיך צוערשט באַקאַנט מיטן דאָקטער.

— איר זייט אַ קרוב זײַנער?

— ניין: אַ חבר. מיר לערנען צוזאַמען.

— פון איין שטאָט?

— דוקא ניט. דאָ זיך באַפריינדט — אין דער ישיבה... ער איז הפּנים אַ חולה.

— מ'קאָן זאָגן, שטאַרק קראַנק.

— ניט, חלילה, מסוכן?

דער דאָקטער האָט זיך אַ קווינקל געטאָן:

— מ'קאָן קיינמאָל ניט וויסן. בײַ אַזעלכן ווי ער איז אַלץ אַ געפאַר...

דאָס לעצטע וואָרט האָט אויף אביגדורן אָנגעיאָגט אַ מורא:

— אויב ס'איז אַ פראַגע פון הוצאות — פון פלעגע — הער דאָקטאָר, וועל איך שרייבן אַהיים, דעם זיידן; מ'עט עס שוין באַזאָרגן. ער אַליין, ווי איר ווייסט, איז אַ יתום, אַן עלנטער.

— ס'איז זייער איידל פון אײַער זייט צו אַרויסווײַזן אַזאַ איבערגעבנקייט צו אַן עלנטן חבר. דאָ אָבער איז ניט קיין פראַגע פון הוצאות, פון לוקסוסן. דער מענטש איז אָפּגעשוואַכט, שרעקלעך פאַרמאַרעט; האָט ניט אין זיך קיין

טראָפן ווידערשטאַנד־קראַפט, אויב איר באַגרייפט וואָס איך מיין...
און איר, יונגערמאַן — האָט דער דאָקטער געטייטלט אויף אים מיט אַ וואָרנ־דיגן פינגער — איר ליבערשט גיט אַכטונג אויף זיך. זאָל דאָס אייך דינען אַלס אַ ביישפּיל. לאָזט זיך ניט אַזוי אָפּ, ווי דער חבר אייערער. איר זעט דעם רעזולטאַט דערפון.

— פאַרוואָס עפּעס אָפּלאָזן זיך? אדרבה, ס'פעלט מיר, אַ דאַנק גאָט, גאָרניט. מ'שיקט מיר צו פון דערהיים די־והותר.

— ס'איז אָבער דער גאַנצער אָרט לעבן אייערער דאָ: ניט גענוג פרישע לופט; פאַרשפאַרט אַ גאַנצן טאָג אין דער ישיבה. איר לערנט צופיל, צו־שווער!

— שייך, צופיל? איך בין געקומען אַהער לערנען, לערן איך. אויף וויפל דער אויבערשטער שענקט מיר כוחות, טו איך עס בהתמדה. וואָלט איך געלערנט זייטיגע זאַכן, להבדיל, וואָלט איך עס אפשר אויך געטאָן מיט דעמ־זעלביגן חשק. צום לערנען, ווייסט איר, איז קיין גרונט, קיין שיעור ניטאָ.

— וואָס, צום ביישפּיל, מיינט איר מיט זייטיגע זאַכן?

— אָט, לאָמיר אַשטייגער זאָגן, רוסיש, חשבונען, היסטאָריע — מאַלע וואָס?! ס'זיינען דאָ גענוג זייטיגע זאַכן.

— אַזוי... — האָט דער דאָקטער דורכגענומען אַביגדורן מיט אַ באַזאַכטן בליק — און ביז איצט, הייסט עס, האָט איר זיך מיט די „זייטיגע" זאַכן גאָר ניט פאַרנומען?

— אַביסל; נאָר כלאחר־יד. — האָט אביגדור געענטפערט מיט אַ שעמעוודיגן שמייכל — כ'האָב אין דערהיים געלייענט אַביסל — ס'רוב, לשון־קודשדיגע ביכלעך.

— און דאָ לערנט איר נאָר תלמוד? ס'באַפרידיגט אייך, פאַרשטייט זיך, צו פאַרנעמען זיך נאָר מיט תלמוד די גאַנצע צייט, ווי?

אביגדור איז געוואָרן מער צוגעלאָזן.

— דעם אמת געזאָגט, ווילט זיך נאָך אפילו היינט אויך אַמאָל נעמען אַ ביכל אין האַנט אַריין. ס'איז אָבער ניטאָ וועַן, ניטאָ וואו. ס'איז דאָ אַ איסור אין דער ישיבה אויף אַזוינע זאַכן. נאָר שפּעטער — אפשר אַז כ'על קומען אַהיים...

— איר ווילט, הייסט עס, נאָר איר האָט ניט וואָס, אמת?

— שייך, כ'האָב ניט? כ'האָב גראָד יאָ. אָט האָב איך, למשל, אַ גאַנג תנ"כן מיט זיך. כ'האָב שטאַרק ליב סוואָרבע!... נאָר אַמאָל — איר ווייסט — ווילט זיך, אַזויצוזאָגן, אַריינקוקן אין אַ לשון־קודשדיגן ביכל, אין אַ וועלטלעכן ספר. ס'פעלט אויס!...

— אָ, דאָס קאָן באַזאָרגט ווערן... — האָט דער דאָקטער זייער לאַנג־זאַם געלאָזט פאַלן זיין באַמערקונג און האָט בשעת־מעשה בעאָבאַכטעט

אביגדורן — ווי איך זע, זייט איר —— ווי, אייגענטלעך, הייסט איר? איך רייד צו אייך די גאַנצע צייט און ווייס אפילו אייער נאָמען ניט...

— דער פאַמיליע־נאָמען איז דייכעס. אביגדור דייכעס. דאָ רופט מען מיר דער פּילענאַווער. איך קום פון פּילענאַווע.

— איר פאַרשטייט, פּילענאַווער? ווי איך זע, זייט איר ניט קיין פּטרן... איך מיין צו זאָגן, איך אַליין האָב דעם גרעסטן אפשיי פאַר מענטשן וואָס לערנען — זאָל עס זיין רעליגיעזע זאַכן, תלמוד, אָדער עפּעס אַנדערש. ס׳זיינען דאָ אַ סך גוטע קעפּ צווישן די ישיבה־בחורים, אָבער אויך אַ סך בטלנים. צו מיר קומען אָפּט אַריין עטלעכע פון אייערע ישיבה־בחורים — פיינע יונגעלייט... קומט אַמאָל אַריבער צו מיר — אַט, אין אַ שבת, לאָמיר זאָגן, אָדער ווען איר האָט אַמאָל צייט אין אָוונט. איך האָב דאָרט ביי מיר אייניגע ביכער, וועלכע וועלן אייך אפשר פאַראינטערעסירן. איר קאָנט זיי האָבן צום לעזן, אויב איר ווילט. קומט אַריבער, לאָמיר זאָגן, מאָרגן אָוונט — גוט?

אביגדור האָט אָן אויסערלעכן ווידערשטאַנד איינגעוויליגט. ער האָט געוואוסט אַז ער דאַרף עס ניט טאָן. ער האָט געפילט בחוש אַז ער לאָזט זיך אויף אַ גליטשיגן וועג; אַז ס׳שטעקט אין דעם אַ מעשה־שטן; עס האָט אים אָבער געצויגן. ער האָט זיך אויסגעמאָלט, אַז דער דאָקטער האָט אָן אַלקערל מיט ביכלעך ווי מאַלקינס, און אפשר נאָך אַ גרעסערן. ניין, ער וועט זיי ניט לייענען! — ס׳איז דאָ אַ איסור. ער האָט אָבער ניט געקאָנט באַשטיין דעם נסיון פון אָנקוקן זיי, פון דורכבלעטערן זיי, פון דערפילן זייער וואַרעמקייט אין זיינע הענט, און דערנאָך וועט ער צוריקגיין צו דער גמרא.

עס האָט אים געצויגן, און ער האָט זיך אונטערגעגעבן.

אין שטעטל האָט מען שטאַרק געהאַלטן פון דעם יונגן דאָקטער:

— אַ וואוילער מענטשל אַזאַ, און אַזאַ צוגעלאָזענער!

— און אַ מומחה!

— ביי אָרימע נעמט ער קיין געלט ניט. ער לייגט נאָך אַמאָל אונטער דעם חולה אונטערן קישן אַ מזומן קערבל פאַר רעצעפּטן.

— אַז מ׳רופט אים צו אַ חולה, לויפט ער — פליט! לייגט אַוועק ס׳לעבן פאַר אַ קראַנקן.

— אַ זייד! אַ מלאך!

— ווי טאָג און ווי נאַכט זיצט ער איבער דאָקטאָרסקע ביכער.

— ווען ער איז ניט קיין איד, אָט דער דאָקטער שטיינמאַן — ווען ניט דער נאָמען — וואָלט ער אודאי אַנגעשפּאַרט — העט־העט — וואו!

מ׳האָט אים פאַרגעטערט. נאָר עפּעס האָט מען גערעדט, עפּעס האָט מען זיך געשושקעט: „ער... ברכקע דעם רבס... אַנגעשמעקט זיך אַביסל אין דער גרויסער שטאָט... ביכלעך...״ וואָס ער? וואָס ברעכקע דעם רבס? מיט וואָס אַזוינס האָט ער זיך אָנגעשמעקט אין דער גרויסער שטאָט? וואָס

זיינען דאָס פאַר אַ ביכלעך? — דאָס איז פאַר אַלעמען געווען אַ סוד. נאָר גערעדט האָט מען. און ס'איז געווען אָט דער „וואוילער מענטשל אַזאַ״, דער „צוגעלאָזענער״ און די ביכלעך, וואָס האָבן אביגדורן אַזוי געצויגן. ס'האַרץ האָט אים פאָראויסגעזאָגט אַז ער וועט געשטרויכלט ווערן, און——

ווען ער האָט אָנגעקלונגען ביים דאָקטער, איז ברכקע אַרויסגעקומען עפענען פאַר אים די טיר. זי האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. פון אינע־וועניג האָט דער דאָקטער אַרויסגערופן:

— לאָזט אים אַריין, זייט אַזוי גוט. איך האָב אים פאַרבעטן.

אינעווייניג האָט ער געטראָפן אַ קליינע גרופּע ישיבה־בחורים, צווישן זיי — דער מאָהליווער „פאַצעט״, דער ביאַלאַסטאָקער, וועלכער „שניידט זיך אויף אַ מגיד״, און דער מינסקער, „דער לייב״, פון וועלכן דער ראש־הישיבה האַלט אַ וועלט. זיי זיינען אַלע געזעסן אַרום דאָקטער, ווער מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווער מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן, ווער גלאַט פאַרמוחט, און האָבן זיך צוגעהערט צום דאָקטערס פאַרלייענען פון אַ ביכל. דער מינסקער איז דאָ און דאָרט אַרויסגעפאָרן מיט אַ קשיה, מיט אַ סתירה, וואָס ער האָט געפונען און דאָס געלייענטע. ער האָט פאַרפלאָנטערט אַ ויכוח, אַ האַמפּערניש מיט די אַנדערע; האָט געבראַכט ראיות, אָפּפרעגונגען. דער דאָקטער האָט זיי געלאָזט זיך אויסטענהן; האָט זיי אויסגעהערט; און אַז זיי זיינען פאַרטיג געוואָרן צווישן זיך, האָט ער מיט דורכגעטראַכטער געלאַסנקייט פאַרנאַנדערגעקליבן דעם ענין, האָט דערקלערט, פאַרענטפערט — אָן פּלפּול, אָן אַ גמרא־ניגון — און האָט געלייענט ווייטער. און דאָס געלייענטע, דאָס אַרומגערעדטע, איז פאַר אביגדורן געווען אַזוי פאַרשטענדיג, אַזוי אַנדערש, אַזוי ניי... און אפשר גאָרניט אַזוי אַנדערש; אפשר גאָרניט אַזוי ניי. דאַכט זיך, אַז דער עצם־רעיון איז גאָר ניט פרעמד. ער האָט עס, דאַכט זיך, געהערט פון זיידן, פון סלאָנימער מגיד; האָט עס געטראָפן אין ישעיה, אין עמוס, אין דער אגדתא, אין די מוסר־ספרים; האָט זיך ענליכעס אָנגעהערט, אין די חדר־יאָרן, אויפן אַלטן בית־עלמין; האָט עס אויפגעכאַפּט אין אַ רמז דאָ און דאָרט אין מאַל־קינס מליצה־ביכלעך. נאָר דאָ האָבן דידאָזיגע רעיונות באַקומען עפּעס אַ ממשותדיגקייט, אַ לעבעדיגן זין, אַ סדר. יעדער זאַך האָט דאָ איר נאָמען, איר באַשטימטן פּלאַץ. דער סדר־העולם ווערט דאָ איינגעטיילט אין חברות, אין באַזונדערע מחנות: גערעכטע און פינצטערע, מאַכטיגע און אונטערדריקטע, איבערזאַטיגע און פאַרהונגערטע, גייציגע און באַרויבטע, פייניגער און מאַרטי־רער — קדושים... פון גלויבן און פון וויסן, פון נאָכפאָלגן און פון זוכן...

און דער דאָקטער דערציילט פון מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט אין דעם אָקאָרשט־פאַרגאַנגענעם נעכטן, און וועלכע זיינען געגאַנגען זינגענדיגע צו זייער טויט פאַר דער גערעכטיגקייט, פאַר אָט דעם אמת, וואָס האַלט אין אויפגיין מיטן מאָרגן. און אביגדור הערט: די שפּראַך איז אפשר אַן אַנדערע, די צע־

גלידערונג — אַ גרונטיגערע, די פּאַנאַנדערטיילונג — אַ בולטערע; אָבער דער תוך — דער תמצית — פון דעם אַלעם, איז אים, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט פרעמד געווען... און עפּעס גייט־אויף אין אים; עפּעס ווערט באַלויכטן. און ער קאָן ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס ער האָט עס ביז איצט ניט איינגעזען? פאַרוואָס ער האָט זיך צו דעם אַליין ניט דערטראַכט? פאַרוואָס די ביכלעך און די קונטרסים, פון וועלכע דער דאָקטער לייענט אַרויס, זיינען טריף? און פאַרוואָס מוז מען גאָר וועגן אַזוינע זאַכן ריידן באַהאַלטענערהייד, בסוד?...

נאָכדעם ווי די איבעריגע זיינען זיך צעגאַנגען, איז אביגדור נאָך פאַרבליבן אַ לענגערע ווייַלע מיט דעם דאָקטער שטיינמאַן. ער האָט זיך פון אים דערוואוסט, אַז די בחורים פלעגן זיך דאָרט רעגלמעסיג צוזאַמענקומען, און אַז אַחוץ דעם לעזן, פלעגט דער דאָקטער, צוזאַמען מיט ברכקען, אָנפירן סיסטעמאַטישע אונטערריכטן אין וועלטלעכע למודים. ער האָט עס געטאָן פרייוויליג, אויס ליבשאַפט צו די אָרימע בחורים, וועלכע האָבן געדורשט נאָך וויסן. דער מענטש האָט אביגדורן באַגייסטערט. און ווען ער איז שפּעט אין דער נאַכט אַוועק פון דאָקטערס הויז, איז אים פאַרענטפערט געוואָרן פאַרוואָס דער מאָהליוּוער בלייבט שטענדיג נאָך הבדלה ביים רב אין הויז; פאַרוואָס דער רב איז אין כעס אויף דער טאָכטער; פאַרוואָס דער ביאַלאָסטאָקער מיטן מינסקער זיינען זיך מתוכח אַזוי היציג־פאַרבאָרגן, ווען זיי לאָזן זיך אַרויס אונטערן שטעטל; און ווי־אַזוי דער קאָוועלער קאָן זיך איינהאַלטן אַ גאַנצן שבת און ניט רויכערן...

פון דאַמאָלסט־אָן פלעגט ער אָפּט אַריינקומען צום דאָקטער. מיט דעם זעלבן חשק, וואָס ער האָט בייטאָג געלערנט דעם שיעור ביים טאַטן, האָט ער אין די אָוונטן פאַרנומען דער טאָכטערס למודים. מיט דערזעלבער התמדה, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרטיפט אין די מוסר־ספרים און אין דער אגדתא, האָט ער בגנבה געשלונגען די חקירה־ספרים און די „זשאַרגאָנישע" ביכלעך. דער קאָידאַנאָווער איז געשטאָרבן, און די משמר־נעכט האָט אביגדור אַצינד פאַרבראַכט ביי זיך אויף דער סטאַנציע אין לייענען די „טריפה קונטרסים", וועלכע דער דאָקטער האָט אים געגעבן.

און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער אויפגעוואַכט אַ באַלאָדענער מיט ספקות און אָפּפרעגונגען. די וועלט, אין וועלכער ער האָט ביז אַצינד געלעבט, האָט זיך דורך די שלאָפלאָזע נעכט אויסגעבלאָסט, און איז איצט געלעגן פאַר אים אַן אויסגעזויגענע, אַ צערודערטע. און זיין האַרץ האָט געלעכצט נאָך זוניגקייט, נאָכן נייעם אמת; און——

# 18

## מיטן מאַרגנשטערן

ווען ער איז דאָסמאָל אַהיים געקומען אויף יום־טוב, איז ער געווען פול מיט תורה ווי אַ מילגרוים. דער זיידע האָט זיך מיט אים געגרויסט, דער טאַטע האָט געשעפּט נחת פון זיצן און לערנען מיט אים בחברותא, און הדסל——

זי איז דורך דער צייט אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַ גרויסע. זי האָט דורכגעמאַכט דעם עקזאַמען פאַר זעקס קלאַסן. זי האָט זיך דערוואָרבן חברים, חברטעס; איז געווען אויפגעטראָגן מיט מאַלקינס טאָכטער, „די בראַנד". איר קערפּער האָט זיך אויסגעפורעמט, שלאַנק געוואָרן; איר ברוסט — פול, צייטיג, איר טראָט — רייצנדיג, לייכט, און אירע אויגן — הדסלס אויגן זיינען געוואָרן קוואַליגער, פאַרחלומטער. הדסל — אַ גרויסע!... און ער, אביגדור, האָט פאַר איר געטראָגן אַ סוד — אַ גרויסן סוד. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט עס פאַר איר מוזן אַנטפּלעקן. פון הדסלען קאָן ער גאָרניט באַהאַלטן. נאָר ווי־אַזוי וועט ער פאַר איר דעם סוד אַנטפּלעקן? זי, „די עקשנטע", וועט אודאי נעמען פרעגן: פאַרוואָס? — ווי אַזוי? — פון וואַנען ווייסטו? ווי־אַזוי וועט ער עס פאַר איר דערקלערן, ווען ער אַליין איז נאָך פאַרטרונקען אין ספקות? ווי וועט זי אויפנעמען זיין מתנה?...

יום־טוב נאָכמיטאָג.

דער טאַטע מיטן זיידן זייבען אַוועק צום רב מכוח אַ קהלשן ענין, און ער מיט הדסלען זיינען אַרויס שפּאַצירן אונטערן שטאָט, צום קאַזיאָנעם וואַלד. דער דרויסן איז אַזוי שיין, פרילינגדיג, די לופט — אַזוי פריש. גוט אַזוי צו גיין נעבן הדסלען, פילן אויף זיך איר מיידלשן אָטעם, דעם ריח פון אירע טויאיגע האָר, זיך שפּיגלען אין אירע אויגן. עס גלוסט זיך צו הערן איר וואַרעם, פאַרטראַכט קול. נאָר הדסל שווייגט אויך. אפשר האַלט זי אויך אַ סוד?...

— געדענקסט, הדסל, ווען מיר זיינען נאָך ביידע קינדער געווען?

— און פלעגן זיך צוזאַמען פאַרקלייבן אין אַ פּאַס...

— און איך האָב געוואָלט זיין אַ צדיק — אַ גרויסער צדיק... געדענקסט ?

— וועסטו נאָך אפשר זיין. דער זיידע האָלט אַ וועלט פון דיין לומדות.

— ניין, קיינמאָל מער, הדסל. איך פאָר נישט צוריק אין דער ישיבה...

— פאַרוואָס עפּעס, אביגדור ?

— ווייל מיין האַרץ איז ניט מער גאַנץ מיט מיין גאָט... איך בין אַנדערש, הדסל... איך האָב געבענקט. אין דעם לערנען האָב איך געוואָלט מיין בענקשאַפט דערטרינקען, האָב געזוכט אַ טרייסטונג אין די ביכלעך, און — האָב זיך אָנגעטראָפן אויף אַ נייעם אמת... ס׳האָט זיך מיר געבענקט נאָך דיר, הדסל...

און ער האָט זיך ווי געשראָקן זיינע אויגן אויפצוהויבן. און ווען ער האָט זיך דערוואגט אַרויפצוקוקן צו איר, האָט איר מיידלש פנים געלויכטן און אירע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן — פריידיקע טרערן, פינקלענדיקע —

— דו אויך, אביגדור ? !

— און דו, הדסל ?

— האָסט עס סיידן ניט אַרויסגעזען, נאַרעלע ?

— אַי, הדסל — געבענשטע !...

— אביגדורקע — ברודערל מיינער געפונענער !...

הדסלס בליענדיקע ליפּן האָבן בעטנדיק אַ ציטער געטאָן. אביגדור האָט איר אַרומגענומען, און מיטן גאַנצן פייער פון אַ דערוואַקסענעם האָט ער איר געקושט אויף די ליפּן...

ער איז שוין צוריק אין דער ישיבה ניט געפאָרן. דער טאַטע מיטן זיידן האָבן מסכים געווען אַז ער זאָל זיך צוגרייטן צום עקסטערנעם עקזאַמען אין וואַרשע, אָבער בתנאי, אַז ער זאָל אָנהאַלטן דעם גמרא־לערנען ווי פריער: אַ בלאַט אַ טאָג. זיינע טעג זיינען געווען פאַרנומענע, פולע, וואַקסנדיקע. די נייע למודים זיינען אים אָנגעקומען פאַרהעלטעניסמעסיק גרינג. ער האָט זיי אויפגעכאַפּט שפּילעוודיג, מיט זיין איינגעבאַרענער התמדה. ער האָט סיסטעמאַטיש געלעזן — אַ סך געלעזן. זיין ליבשאַפט צום געשריבענעם לעבעדיגן וואָרט האָט אים געבראַכט נעענטער צו מאַלקינען. זיי פלעגן זיך צוזאַמען גריבלען אין די אוצרות פון דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור, האָבן אויפגענומען מיט טיפן אינטערעס די יונגע דיכטונג. אביגדור האָט געאַכפּערט יעדן וואָרט אין וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די נשמה פון פאַלקסשאַפונג — זאָל עס זיין אגדתא, רבנישע כתבים, די יונגע אידישע ליטעראַטור. מאַלקינען איז שטאַרק געפעלן געווען אביגדורס צוגאַנג, זיין קלאָרע אָפּשאַצונג פון גייסטיגע ווערטן. ער האָט איינציגע מאָל, אין פאַרלויף פון זייערע געשפּרעכן, געפּרואווט איבערצייגן אביגדורן, אַז ער וואָלט באַדאַרפט ווידמען

דינע כוחות דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, ווערן טעטיק אין דער ציוניס־טישער באַוועגונג. אביגדורן האָט אָבער געצויגן צו „ברייטערע האָריזאָנטן: צו די מאַסן, צו די אָרימע און געדריקטע — צו דער דערלייזונג פון גאָר דער מענטשהייט — צו דער באַפרייאונג פון מענטשלעכן גייסט".

— ציוניזם, נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, איז ענג, בעל־הבתיש; זי נעמט אַריין נאָר אַ באַגרעניצטע מאַסע. אונדזער ציל מוז זיין אַ ווייטערער, אונדזער פּאַרנעם — אַ גרעסערער: פרייהייט און ליכט פאַר אַלעמען!

— דו מאַכסט אַ טעות, אביגדור. עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ גלות־פּסי־כאָלאָגיע. מיר קאָנען זיך צו אַנדערע ניט גלייכן. מ'לאָזט אונדז ניט! מיט דעם צייכן פון דערנידערונג אויפן שטערן, מיט געבונדענע הענט, קאָן מען דער וועלט קיין דערלייזונג ניט ברענגען! דיין וואָרט — דאָס וואָרט פון אַ היימלאָזן, פון אַן איינגעבעטענעם — וועט פאַלן טויב אויף די אויערן פון אַ פרעמדער וועלט.

— איך גלויב ניט אין דעם! נאָר די וועלכע פילן אַליין די גאַנצע שאַרפ־קייט פון פּיין, די גאַנצע תוכחה פון אומרעכט — נאָר די זיינען מסוגל אָפּצו־שאַצן דעם פולן ווערט פון פרייהייט און זיך אָפּפערן פאַר דעם. נביאים, מאַרטירער, זיינען אויפגעקומען ניט פון וואוילטאָג, נאָר פון ווייטאָג! מיר זיינען גלייכע שותפים, בלוט־ברידער, אין דעם גרויסן וועלט־שמערץ, און מיר מוזן איינשפּאַנען אונדזערע כוחות צו צערייסן די קייטן פון טיראַניזם, אונ־טערדריקונג און פאַרשקלאַפונג, וועלכע זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויף גאָר דער מענטשהייט! אונדזערע נביאים האָבן אָנגעוויזן דעם ליכטיקן וועג ניט נאָר פאַר אונדז, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט. אויף דעם וועג מוזן מיר גיין!...

און מיטן גאַנצן ענטוזיאַזם פון זיין גלויביקער נשמה האָט ער זיך איבער־געגעבן דער פאַרווירקלעכונג פון גרויסן חלום, פון זיין ניי־געפונענעם אמת. צוזאַמען מיט הדסלען האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ראַדיקאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אונטער פאַרשידענע אויסריידן אויסגעווירקט ביים טאַטן צו פאָרן קיין וואַרשע, און פלעגט פון דאָרט אַריבערברענגען „פאַרבאָטענע ליטעראַטור" פאַר די חברים. צוזאַמען מיט הדסלען האָט ער אָנגעפירט אָוונט־קורסן פאַר די אַרבעטער, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאָלקס־ביבלי־אָטעק און מיט אַרבעטער לייען־קרייזן. אינאיינעם מיט הדסלען האָט ער שטודירט מאַרקסן, ענגלסן, לאַסאַלן, און אַנדערע דענקער אויפן זעלבן געביט. זיי פלעגן צוזאַמען גיין אויף געהיימע סכאָדקעס, מאַסאָווקעס, און פלעגן צוריק־קומען אין הויף שפּעט אין דער נאַכט. אין דער משפחה האָט מען אויף זיי געקוקט קרום, מ'האָט גערעדט. דער זיידע האָט עפּעס יאָ פאַרשטאַנען, נאָר האָט זיי תמיד דן געווען לכף־זכות:

— יונגע קינדער — צוזאַמען זיך אויפגעהאָדעוועט — ריידן זיי, זיינען זיי זיך מתוכח. מן הסתם האָבן זיי פון וואָס צו ריידן. קיין דברי־תורה מיט אַ מיידל, פאַרשטייט זיך, רעדט ער ניט; שמועסן זיי אודאי פון וועלטיגע זאַכן. אלא־וואָס, די ביכלעך? ס'איז ניט, חלילה, אַזוי מסוכן! נישט אביגדורקען און נישט הדסלען וועלן זיי, חס־ושלום, אַראָפּפירן פון דרך־הישר...

און אביגדור האָט אומגעפלאָטערט, אומגעשוועבט אין דעם זוניגן חלום. און דאָרט וואו מעשים זיינען געווען אוממעגלעך, האָט ער געפונען אויסדריק אין שטימונגספולע לידער — די ערשטע שפּראָצן פון זיין דיכטעריש געמיט — פון וועלכע נאָר ער, הדסל און מאַלקין האָבן געוואוסט.

ביז——

# 19

## דער זיידע בײַם עמוד

אין שטאָט האָט זיך געטומלט, אין שטאָט האָט מען גערעדט, איבערן שטאָט האָט זיך אויסגעלייגט אַ מרה־שחורה. איבער די גאַסען האָבן זיך באַוויזן פרעמדע, אָפּגעפּאָרענע פּאַרשוינען: פּאָניעס פון טיף־ראָסיי, אָפּגעריסענע קאַלמיקן, פּליטניקעס מיט רויטע גאַרטלען און משונה־דיגע קאַפּעליושן. זיי פּלעגן אומבלאָנקען — טשאַטעסוויז, איינציגוויז — איבערן מאַרק, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די קראָמען, געווען פול אומעטום, און געקוקט אויף אַלץ מיט קאַלטע לײדיגע אויגן און— געשוויגן. אַ מאָדנער שווייגן! ארומגעדרייט זיך גאַנצע טעג שלינג־און־שלאַנג, די הענט אין די פּאַזוכעס, געזוכט, געשנישטערט, און דערנאָך זיך צונויפגעקומען אַרום דער כאַרטשעווניע, ביים מאַנאָפּאָל, גערעדט אָפּגעריסענע דבורים, פאַרשטעלט... אידן האָבן זיי אָנגעקוקט מיט פאַרריסענע שטערנס, מיט פאַרטאַיעטער מורא אין די אויגן:

— מאָדנע אורחים! שוין געזען קאַצאַפּעס אין מיין לעבן; אַזוינע——?

— אַזוי פרי צום יאַריד?

— וואָס יאַריד?! דאָס זיינען יאַרידניקעס ביי אייך?! וואו איז טראָיצע און וואו זיינען זיי?!

— האַ?... ראַבאָטשע מסתמא!

— וואָס פאַר אַ ראַבאָטשע?!

— כ׳וויס, אפשר ביים קרעפּאָסט? — ביי דער באַן? קאַזניאַ, זאָגט מען, האָט זיי אַראָפּגעבראַכט, מן הסתם האָט זי בדעה צו סטראָיען.

— וואָס סטראָיען? ווען סטראָיען? איר זעט ניט? — פּליטניקעס! לאָבעדראַנצעס!...

— רב איד, רעדט זיך ניט אין קיין פייגעלעך אין בוזעם! הלואי זאָל איך ליגן זאָגן — „כלי־קודש”...

— האַ?!... איר מיינט, חלילה——

מ׳רעדט און מ׳דערערעדט ניט. ס׳ווילט זיך ניט גלויבן, און ס׳האַרץ שרעקט. מ׳וואַגט עס ניט פֿאַר די ליפּן אַרויפצובריענגען. אַ סקרוך גייט דורך איבערן לייב! שטייט מען אין בית־המדרש אַביסל לענגער: עפּעס ריידן אידן, עפּעס דערציילט מען — הערט מען זיך צו. רחמנא יצילנו! אַזוינע מוראדיקע השערות! אַזוינע מחשבותן! נאָר אידן פילן, אידן ווייסן... ס׳טראָגט זיך דורך אַ וואָרט, פינצטער ווי די אימה אַליין; מ׳טוט אַ פּינטל מיט אַן אויג, מ׳מאַכט זיך האַרץ, און מ׳האָרכט, מ׳האָרכט. און מ׳פאַרקוקט זיך אויף דער הויכער סטעליע, אויפן דיל, ביז די בליקן בלייבן הענגען אויפן ארון־קודש, פאַרגייען הינטערן פּרוכת.

— ביין, ניט קיין יאַרידניקעס...

— ניט קיין ראַבאָטשע, זאָג איך אייך!

— אַי, דידאַזיגע אורחים געפעלן מיר אָסור...

— געזען אויגעלעך? — חלפים!

— עשוס רציחה ברענט אין זיי!...

— און כלומרשט די טשינאָווניקלעך וואָס מ׳האָט אַהער אַראָפּגעשיקט?

— אַזעלכע שניעקעס־סטודענטלעך אין אַ קאָמיסיע...

— וואָס פאַר אַ קאָמיסיע?! וואָס דולט איר אַ ספּאָדעק?! פאָניע האָט שוין טאָקי ניט וועמען צו שיקן אין אַ קאָמיסיע, נאָר אָט אַ־דאָס־אַ, האַ?!

— וואָס דען?

— וואָס פרעגט איר, וואָס? איר פאַרשטייט ניט? — מ׳האָט זיי געשיקט!

— אַלץ הייסט געשיקט! אַלץ אַ שיקעניש אויף זייערע קעפּ!...

— אָבער דאָך?

— רבנות דאָ אָנצונעמען — אודאי ניט; שחיטה — אפשר...

— טשאַרנאָסאָטניקעס, הפּנים —

— עלילת־דמניקעס! העצע־טרייבער!

— אַי, די אמתע כוליגאַנעס, זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין!

— און די גלחים וואָס האָבן זיך אַביסל אַהער אַראָפּגעלאָזט?

— פון גאַנצן געגנט!

— קומען אַזש פון מרחקים, פון אַלדי שוואַרציאָר...

— אויף דער פּראָצעסיע... איר הערט דאָך: עפּעס גאָר אַ גרויסער גלח — טאָקי גאָר־גאָר! — מיט אַ גאַנצע סוויטע קומען אַהער אויף דעם.

— אויף וואָס „אויף דעם"?

— ט׳ניט געהערט?! — באַנייען ס׳נייע קלויסטערל דאָרט ביים מאָנאַסטיר! געפונען דאָרט עפּעס „אַ הייליג קבר"... זיך דערמאָנט!...

— די אמתע מעשה!

— די אַלטע חד־גדיא!

— ס׳וועט שוין זיין דער ריכטיגער יאַריד...
— אַזאַ גדולה אויף ניקאָלאַיס קאָפּ!...
— און גוּיים — פון גאַר דער וועלט! גיבן ניט אַ גראַשן פּדיון.
— קומען אין שטאָט אַריין מיט ליידיגן, שטעלן זיך אָפּ אויפן מאַרק און — גאַרניט!
— און די היגע גוּיים אפילו?
— גענומען ריידן מיט אַזאַ עזות, מיט אַזאַ קאַלטער רציחה — אַ גרויל!
— אַי, איר מעגט עס זאָגן נאָכאַמאָל!
— ניין, ניט די זעלביגע גוּיים גאָר...
— אַ חידוש?! אַז יענע האַלטן זיי אין איין אָנהעצן, אין איין בונטעווען.
— טאַקי אין די קלויסטער גופא!
— און ווער מיינט איר איז שולדיג אין דעם גאַנצן אומגליק מיטן קרעטשמער, וואָס מ׳האָט אַהער געבראַכט פון דאָרף? — דער כומר! האָט געדרשנט פאַר זיי, האָט איבערגעקייט דעם אַלטן פזמון, די אַלטע כאַנדעראַניע: אידן — פּאַסכע — בלוט... — גוּיים — צוגעטרונקען איז מען — מער דאַרפן זיי ניט! נו, האָט מען טאַקי באַלד נאָך דעם געפונען דעם קרעטשמער, מיט דער גאַנצער הויזגעזינט נעביך, אויסגעשאָכטענע ווי די שאָף...
— אַי־אַי־אַי — שומו שמים!
— אַזעלכע זאַכן גאָר!...
— דערלעבט שיינע צייטן — כמעלניצקי!
— הלואי זאָל עס כאַטש דאָ אָפּגיין גלאַט.
— הלואי זאָל מען נאָר אָפּקומען מיט שרעק.
— דער מאַנאַפּאַל זאָל כאָטש יענעם טאָג זיין פאַרמאַכט...
— יאָ מאַנאַפּאַל, ניט מאַנאַפּאַל — אַז יענע זיינען להרוג ולהשמיד! מ׳עט זיי אָראָפּגעבראַכט!...
— מעג מען זיך טאַקי ריכטן...
— אַ שאלה צי מ׳מעג!...

ריכט זיך טאַקי — מיט אַ פינצטערער אימה אין די אויגן, מיט אַ ווייטאָג אויף דער נשמה, און מ׳שווייגט, מ׳צעגייט זיך ווי פאַרמשפטע.

צום זיידן איז גאָר אומגעריכט געקומען צו גאַסט דער אַרכירייִ פון מאָנאַסטיר. ער האָט געטרונקען פּייסאַכאָווקע, האָט פאַרזוכט פון מעד, האָט אים פאַרטרויט בסוד:

— ... אַ סך סאַיוזניקעס צווישן די אָנגעפּאַרענע גלחים און די פּאַלאָמניקעס... דער מעטראָפּאָליט אַליין... די גאַנצע מעשה מיטן קדושל... יעדער דאַרף שיקט זיינע הייליגקייטן, פאָנען — מ׳הייסט פון אויבן!... די פּויערים זיינען אויפגעטראָגן. איך דאַרף דיר ניט זאָגן... מ׳קאָן אַלץ

רערוואַרטן... איך בין דיר אַ גוטער־פריינט — אַן אַלטער גוטער פריינט. באַלג מיר, שאַליעם כאַניטש: פאַר־אַפּ פון דאַנען אויף אַ פאָר טעג! זאָל עס הייסן אַז דו ביסט געפאָרן מיט דייניגע צו גאַסט אין אַן אַנדער שטאָט. אַניט, איז כאַטש דאָ אויסבאַהאַלטן זיך... מ׳קאָן געפינען אַ זיכערן אָרט צווישן גוטע קריסטן... קאָנסט מיטנעמען דיין אייגענעם עסן — כשר... נאָר ביז דער המון וועט זיך איינשטילן... ס׳שמעקט דאָ מיט סכנות...

דער זיידע האָט אים אָנגעקוקט האַרט, פאַרביסן:

— וואָס?! אויסבאַהאַלטן זיך?! אַנטרונען ווערן?!? — איבערלאָזן אַ שטאָט מיט אידן אויף הפקר און אַנטלויפן?! ניין! שאַליעם כאַניטש באַהאַלט זיך ניט! שלום כאַניטש אַנטלויפט ניט! שלום־יעקב דייכעס איז אַ איד ווי אַלע אידן! וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל!... ס׳איז נאָך דאָ פּראַוויטעלסטוואָ, ס׳איז דאָ נאַטשאַלסטוואָ, ס׳איז נאָך פאַראַן יושר. איך וועל גיין צום איספּראַווניק, וועל אָנשלאָגן מיט אַ דעפּוטאַציע צום גובערנאַטאָר אַליין. אַ וועלט איז ניט הפקר! איך וועל ניט דערלאָזן!... מיר האָבן אַ גרויסן גאָט, וואַשע בלאַגאָסוויאַשטשענסטוואָ — אַ שטאַרקן גאָט! ער וועט העלפן!...

צווישן די אַרבעטער־געזעלן, צווישן די יונגוואַרג פון „בונד" איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטיגע, פאַרהוילענע טעטיקייט. מ׳איז אומגעלאָפן מיט געהיטע טריט, מ׳האָט זיך אומגעקוקט מיט וואַכזאַמע בליקן, מ׳האָט אָפּגעהאַלטן געהיימע פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען: עקספּראָפּריאַציע!... סאַמאָאָבאָראָנע!...

הדסל מיט אביגדורן האָבן זיך בסוד איבערגעצײַלט:

— אין מיטן דער נאַכט האָבן זיך עטלעכע חברים אַראָפּגעלאָזט צו ליאָטע קאָפּעליאָוויטשן פון הורטאָוון אייזן־סקלאַד, האָבן אַרויסגענומען די שפּייערס[1] און געהייסן זיך געבן די שליסלען פון שפּייכלער. האָבן פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט וואָס־נאָר מ׳קאָן נוצן — אַ פרענט, אַ לאָם, אַ שאַרפע שטיק אייזן: מתרה געווען אים: פּתח שין — שאַ! אַניט איז אַ קויל אין האַרצן!...

— פסח דעם מאַשיניסט האָבן די יונגען אָפּגעהאַלטן אַ טאָג מיט אַ נאַכט פאַרשפּאַרט אויפן בוידעם פון דער קאַלטער שול. ער האָט צופאַריכט ס׳ביסל געווער, די וואַרפערס[2]. דעם שמידס זין האָבן אים אַרויסגעהאָלפן מיטן איבערשלייפן. ער האָט געשוואָרן ביי ווייב־און־קינד אַז ער וועט האַלטן ס׳מויל...

— צו מוליע „חזיר" פון קאַנטאָר איז מען אַריין פאַרשלייערט[3], ניט געמאַכט מיט אים קיין לאַנגע מחזקות: אַ קינזשאַל צום האַרצן — „זשיד,

1. רעוואָלווערן.
2. באָמבעס.
3. פאַרשטעלט, פאַרמאַסקירט.

דאַוואַי האַשי!״[1] און אַרויסגעשלעפּט ביי אים אַ קאַטערינקע[2]. ווער? וואָס?
— האָט נאָכדעם דערציילט אַז אַ פּאָר פון די יונגע קאַצאַפּעס, פון די אַנגע־פּאָרענע, זיינען אים באַפאַלן אין דערהיים...

מ׳איז געקומען צום זיידן.

זאַלבעדריט זיינען זיי אַריין: גרישע דער סטודענט, ניסל דעם זייגער־מאַכערס, און מאָטל דער שערער האָט זיך געשטעלט ביי דער טיר. גרישע איז געווען צעטראָגן, ניסל איז געווען בלאַס. דער זיידע איז זיי אַנטקעגנגע־קומען:

— אַ גוט ב׳אָוונט, אַ גוט יאָר! וואָס ט׳איר זאָגן גוטס?

— מיר זיינען געקומען נאָך געלט, פּאַני דייכעס.

— אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? מסתמא אַ געגויטיגע נדבה.

— ניט קיין נדבה. מיר זיינען געקומען פאַר דער סאַמאָבאָראָנע.

— אַזוי... פאַר דער סאַמאָבאָראָנע... נו, און צוואָס אָבער אָט דער כלי־זין?

גרישע האָט דערזען דעם רעוואָלווער אין מאָטלס האַנט. ער האָט נער־ווען אַ בורטשע געטאָן צו אים:

— נעם עס אַוועק! ניט דאָ...

מאָטל האָט שעמעוודיג פאַרשטעקט דעם געווער אונטערן פּאַזוכע.

דער זיידע האָט זיי מיושבדיג אָנגעקוקט.

— איז וואָס שטייט איר ביי דער טיר? אדרבה, זעצט אייך צו, וועלן מיר זיך דורכריידן... סאַמאָבאָראָנע, זאָגט איר? — טאַקי זייער געהויבן, זייער פיין. אידישע יונגעלייט לאָזן זיך גיין אויף מסירת־נפש — אודאי אַ גרויסע זאַך! און וואָס אַשטייגער האָט איר בדעה צו טאָן מיט אָט דער סאַמאָבאָראָנע אייערער?

— מיר מוזן זיין צוגעגרייט אויף יעדן פאַל. אַז „זיי״ וועלן זען אַז מ׳שטעלט זיך זיי אַנטקעגן, וועלן זיי פאַרלירן דעם מוט, די העזה. מ׳קאָן דאָך ניט לאָזן אַ שטאָט מיט לעבנס אויף הפקר!

— שייך?! אודאי קאָן מען ניט! — מ׳טאָר ניט! נו, און נאָטשאַלסטוואָ, פאַרשטייט זיך, ווייסט אודאי ניט דערפון, וואָס?... האָט ניט קיין מורא: כ׳וועל אייך ניט אַרויסגעבן. איר קאָנט מיר, דאַכט זיך, און איך קאָן יעדן איינעם פון אייך נאָך אַלס קינדער, חדר־אינגלעך. כ׳קאָן די טאַטעס אייערע. נו, מסתמא פאַרשטייט איר אַז איר דאַרפט עס טאָן... און פון מיר, הייסט עס, ווילט איר—— ?

— שטיצע... געלט... מיר מוזן האָבן מיטלען, פּאַני דייכעס! צו

---

1. איד, גיב געלט!
2. הונדערט רובל.

איך קאָנען מיר דאָך ריידן ווי צו אַן אייגענעם: מיר מוזן די חברה באַוואָר־פענען! מיר האָבן עס געפּרוּווט באַזאָרגן דורך עקספּראָפּריאַציע — דורך נויטן די רייכע — ווייסט איר דאָך... און די צייט איז קורץ... זאָגט אונדז ניט אָפּ, פּאַני דייכעס!

— חלילה! ס'איז אַ צדקה ווי אַלע צדקות. ס'הייסט?! — איר דאַרפט גאָר נויטן אַ אידן צו טאָן אַ מצוה?!... אַ קימאַ־לן?

— וויפל איר קאָנט. זאָל זיין אַ—— אַ פּופציגער...

— נו, כ'וועל זיך מיט אייך אודאי ניט דינגען — בפרט נאָך אַז אַט דעם בחורל, זאָל געזונט זיין, האָט מיט זיך אַ כלי־זין... ניט באַדאַרפט אַריינקומען אַזוי אין אַ אידיש הויז, יונגערמאַן!... מילא. עס איז אייך אפשר ניט צו פאַרדענקען: איר זייט מסתמא איבערגעשראָקן. אַזאַ שליחות!... איז אַזוי: אויב איר מוזט האָבן די פּאָר קאַרבן אויף דער מינוט, האָב איך אין שטוב אַביסל צדקה־געלט — וויפל ס'איז דאַ. אַניט — אויב מיין וואָרט איז ביי אייך אַן ערבות — טאָ זייט זיך מטריח און קומט אַריין מאָרגן, אם ירצה השם, גאַנץ פרי, ווען ר' שעיה, דער נאמן מיינער, וועט זיין צוריק פון דאַוונען. כ'וועל אייך, חלילה, ניט קריוודען. איך בין אייך מבטיח בהן שלי... ציילט איבער, זייט אַזוי גוט. ס'איז צדקה־געלט — ניט מיינע — וועל איך וויסן וויפל צוריק אַריינצולייגן... נאָר דערווייל לאָזט מיר אייך באַרואיגן, מיינע ליבע יונגעלייט: ס'וועט, אם ירצה השם, אין שטאָט קיין בייז ניט געשען.

— פּאַני דייכעס, איר זייט אַ קלוגער איד, נאָר דאַסמאָל, האָב איך מורא, האָט איר ניט געטראָפן. „זיי" גרייטן זיך!... מיר קאָנען זיך אויף קיין נסים ניט פאַרלאָזן!

— ווער סיידן זאָגט עס נסים?! כ'פאַרשטיי: גויים — אַ המון — בלבולים... מאַלט אייך, כ'האָב אַליין אויך אין דעם ניט געשוויגן: אַט בין איך היינט געווען מיטן רב, זאָל געזונט זיין, ביים איספּראַווניק; האָב זיך מיט אים דורכגערעדט וועגן גאַנצן ענין, געגעבן אים צו פאַרשטיין; האָט ער מיר געגעבן זיין וואָרט, אַז ער נעמט די גאַנצע זאַך אויף זיך. „איבער מיין טויטן קערפּער — האָט ער געזאָגט — וועט מען צוערשט מוזן אַריבערטרעטן, איידער מ'עט דאָ זאַטשעפּן אַ אידן!" — אַט מיט די ווערטער! ער האָט נאָר געבעטן, אַז אידן זאָלן זיך יענעם טאָג ניט וואַרפן אין די אויגן, ניט ווייזן זיך אויף דער גאַס. האָט דער רב געלאָזט אויסרופן אין די שולן (איר ווייסט אודאי וועגן דעם) אַז דעם שבת זאָלן אידן זיצן אין דערהיים, ניט גיין אפילו אין שול אַריין אויב ס'איז וויטלעך... נאַטשאַלסטוואָ האַלט אַן אויג. און והא ראיה: אַט האָט מען שוין באַצייטנס אַראָפּגעשיקט פון דער גובערניע נ אָ ך זשאַנדאַרמע.

— דאָס איז שוין אַן אַלטער שפּיצל זייערער! האָבן אַראָפּגעשיקט ז י י ע ר ע

מענטשן צו האַלטן אָרדנונג... צוגעזאָגט! דאָס זעלביקע האָבן זיי „צוגעזאָגט״ אין אָדעס, דאָס אייגענע האָבן זיי געטאָן אין ביאַלאָסטאָק, און דער פּאָגראָם איז פונדעסטוועגן אָנגעגאַנגען אומגעשטערט — מיטן גאַנצן ברען. מיר גלויבן ניט אין וואָס נאַטשאַלסטווא „זאָגט־צו״! מיר קאָנען זיך, אין אַזאַ צייט, ניט שפּילן מיט מענטשלעכע לעבנס!...

— כ׳מייך אייך, חלילה, ניט אָפּצורייצן. איר ווייסט דאָך: „כבדהו וחשדהו״... אדרבה, איך וויל אַליין אויך האָבן אַ חלק אין דער מצוה. אַ קלייניקייט, פּקוח־נפש! אידן וועלן וויסן אַז אַזוינע יונגעלייט ווי איר זיינען גרייט זיך אָנצונעמען פאַר זיי, וועלן זיי האָבן אַ פרייליכערן שבת. איר זייט אודאי מקיים אַ גרויסע מצוה! נאָר דער אויבערשטער וועט, אם ירצה השם, העלפן און ס׳עט ניט קומען צו קיין בייז. אַלץ וועט, מיט גאָטס הילף, דורכ־גיין בשלום. נאַטשאַלסטווא האָט צוגעזאָגט, האָט אָנגענומען מיטלען; און דער רבונו־של־עולם וועט דאָך אודאי ניט שטיין פון דערוויטן... איך האָב בטחון. אַי, בטחון, מיינע יונגעלייט, איז אַ גרויסע זאַך! נאָר בטחון!

*

יענעם שבת אינדערפרי האָט מען קיין אידן אויף דער גאַס ניט אָנגע־זען. מ׳איז געזעסן הינטער טיר און טויער — די לאָדנס צוגעמאַכט, אויף דער נשמה פינצטער. ביי ר׳ שלום־יעקבן אין דער סאַליע האָט מען געדאַווענט אין מנין. אחוץ דער אייגענער משפחה, האָבן אַרומיקע שכנים זיך איינגע־שטעלט און אַריבערגעכאַפּט דורך היגטער־וועגן, פּלויטן.

— שלעפּן זיך באַליאַסטרעסוויז צו דער באַן־סטאַנציע...

— פון דאָרט וועט זיך די פּראָצעסיע לאָזן צופוס ביזן מאָנאַסטיר...

— אַי, ווי דערלעבט מען זיי שוין זען אויף יענער זייט שטאָט, טאַטע־פּאָטער!

ביים עמוד האָט געדאַווענט ר׳ שלום־יעקב אַליין. אַ שבתדיקער דאַווענען פון אַ גאַנץ יאָר. נאָר פון אָנהויב מוסף, ווען פון דערווייט האָבן זיך די קלויסטער־גלאָקן צעקלונגען, איז ר׳ שלום־יעקב מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ יום־כפורדיקער שטימונג. ער האָט זיך דערזען דעם שליח־ציבור, דעם מליץ־יושר פאַר אַן עדה אידן, אין דעם טאָג פון דין. די קלויסטער־גלאָקן שילטן־אויס אַ בייזן קטרוג. ס׳איז די שעה פון גזר. און הינטער אים שטייט אַ גאַנצע עדה אידן — אַ צעשראָקענע עדה — און וואַרט אַז ער זאָל אויף זיי מלמד־זכות זיין... זיין קול ווערט וואָרעם, צענומען; יעדער וואָרט — אַ שטיק האַרץ, אַ שטיק וויטאָג —

— קהלות הקדש...

אידן קוקן זיך פאַרחידושט איבער: וואָס? אָנגעהויבן דעם „אב הרחמים״

פון אַנהויב־אָן?! אויפן ימים־נוראימדיגן שטייגער גאָר?! ער זאָגט, דאַכט זיך, נוסח; נאָר ס'איז מער ווי נוסח, מער ווי אַ זאָגן...

— אַ—י, ק ה ל ו ת ה ק ד ש!...

אַ גאַנצע עדה אידן שטייט אין סכנה! מאַמעס מיט קינדער ליגן אויף די בוידעמער פאַרשטעקט, פאַרבאַהאַלטן אין די קעלערס! אויף יענער זייט טייך, ביי די מילן, האָבן זיך אידישע יונגעלייט געלאָזט אויף מסירת־נפש, זיינען אַוועק אויף קידוש־השם! —

— אַי, טאַטעניו, ש מ ס ר ו נ פ ש ם ע ל ק ד ו ש ת ה ש ם! ה נ א ה ב י ם ו ה נ ע י מ י ם...

און ער בעט רחמים פאַר זיי, לאָזט פאַלן זיין תפילה. די הענט צענומען, די אויגן פאַרריסן צום הימל, דער קול פאַרגייט אין אַ ברוסטיגן שלוכצן:

— י ז כ ר ם א ל ה י נ ו ל ט ו ב ה!...

נאָר ס'איז ניט קיין קול, ס'איז ניט קיין תפילה. ס'איז דער געשאַל פון אַ שופר, וואָס שטורעמט די הימלען, וואָס פאַרשטרייט דעם שטן, וואָס פאַרשטויבט דעם קטרוג! ס'איז דאָס געבעט פון אַ פאַרוואָגלטער אומה פאַר איר באַשעפער; דאָס געוויין פון אַ פאַרשטויסן קינד פאַר זיין טאַטן אין הימל! ס'איז דער ווייגעשריי פון אַ צעבלוטיגט האַרץ, וואָס פאָדערט דין, וואָס מאָנט משפט, וואָס וועקט זכות־אָבות, וואָס רופט־אַרויס קדושים פון זייערע קברים צו שטעלן זיך פאַרן כסא־הכבוד! —

— אַי, גאָטעניו־פאָטער! ד ם ע ב ד י ך... ד ם ע ב ד י ך ה ש פ ו ך!...

אַי, אַזויפיל אידיש פאַרגאָסן בלוט! אַזויפיל בלוטיגע טרערן! אַזאַ לאַנגע קייט פון קדושים! — עשרה הרוגי־מלכות — גזרת ת״ח — קעשינעוו — אָדעס — ביאַלאָסטאָק —

און ר' שלום־יעקב בעט, ר' שלום־יעקב מאָנט, ר' שלום־יעקב שטעלט זיך איין פאַר זיינע אידן. ער האָט בטחון, ער האָט אמונה, ער האָט אַ גרויסן זכות־אבות. און זיין שטים ווערט שאַלנדיגער, טרעלנדיגער. און דער עולם שטייט און פאַרשטייט... אַנגסט אין יעדן האַרצן, שרעק אין יעדן אבר, און פון דערוויט ווערט דער גלאָקן־קלאַנג שאַלקהאַפטיגער, מוראדיגער.

און מיטאַמאָל טוט זיך אַ פראַל־אויף די טיר. בלייכע פנימער — צעשטורעמטע אויגן — העשענדיגע אָטעמס — אַ שוואַרצע בשורה:

— ס'האָט זיך אָנגעהויבן!

— מ'ראַבעוועט! מ'קוילעט אידן!

— דעם זייגערמאַכערס בחור דערהרגעט!

— האָבן אונטערגעצונדן די שול ביי די מילן!...

ר' שלום־יעקב בלייבט שטיין אַ געפּלעפטער, אַ דערשטוינטער. זיינע אויגן ווערן גרויס, ס'פנים אַנגעצונדן:

— וואָס—ס?! עס קאָן ניט זיין! ע ס ק אָ ן נ י ט ז י י ן! מ'האָט מיר צוגעזאָגט! מ'האָט מיר פאַרזיכערט!... איך וועל ניט דערלאָזן! איך וועל ניט שווייגן! כ'לויף שוין צום איספּראַווניק — כ'וועל קלאַפּן קיין פּעטערבאַרג — וועל אויפשטורעמען אַ וועלט! מ' ה אָ ט מ י ר צ ו ג ע ז אָ ג ט! מ'עט מיר ניט אָפּנאַרן! א י ד י ש ב ל ו ט!!...

— טאַטע, וואוהין?!

— גאָט איז מיט אייך, ר' שלום-יעקב!...

אָבער נאָך איידער מ'האָט זיך אומגעקוקט, האָט שוין ר' שלום-יעקב געהאַט אַרויפגעכאַפּט דעם אויבערראָק איבערן טלית —

— האָט ניט קיין מורא, אידן! אידן——!

און האָט זיך אַרויסגעיאָגט אין גאַס.

— — — און צוריקגעבראַכט האָט אים יאַנעק דעם דוואָרניקס אַ צעהרגעטן, אַ צעבלוטיגטן — קוים די נשמה. די ליפּן בלוי, ס'פּנים טויט, נאָר די אויגן — ר' שלום-יעקבס אָדלער-אויגן — האָבן נאָך געברענט, די אויגן האָבן נאָך געשטורעמט.

ער האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— הדסל וואו איז?... און אביגדורקע?...

זיי האָבן זיך דערוואוסט, זיי זיינען געקומען.

ס'איז שוין געווען שפּעט. דער טאָג האָט שוין געהאַלטן אין פאַרגיין. אַרום דעם זיידנס בעט איז געווען די גאַנצע משפּחה — געטראָפן, אָבער באַהערשט: שבת!... דאָ און דאָרט האָבן זיי דערפילט אויף זיך שפּיזיגע בליקן:

— וואָס, אַ סך געראַטעוועט?...

— אויפגעטאָן, האַ?...

דער זיידע איז געלעגן באַוועגלאָז. דער אָפּשיין פון דער שקיעה איז געפאַלן אויף זיין פּנים און האָט אים באַגאָסן מיט אַ בלאַס-רויטלעכער רואיגקייט. ווי דערשוואומען פון אַ וויטן חלום, האָט ער זיינע אויגן אויפגעמאַכט, האָט דערזען די אַרומיגע, האָט זיי שטיל צוגערופן:

— די פיס ווערן מיר קאַלט, קינדער... כ'וויל אייך בענטשן פאַרן אַוועקגיין... חנא...

איינציגווייז האָט מען זיך דערנענטערט, צוגעבויגן צום בעט. ער האָט יעדן איינעם דערקאָנט, אָנגערופן יעדן ביים נאָמען. זיין קול איז געוואָרן וואָס אַ ווײַלע שוואַכער, בלייכער, די הענט — שווערער.

אביגדור האָט זיך געהאַלטן נעבן הדסלען. דער זיידע האָט זיי צוגערופן מיט אַ גוססן שמייכל אויף די ליפּן.

דעם זיידנס האַנט אויף זיין קאָפּ, אויף הדסלס. קוים וואָס מ׳הערט שוין זיינע ווערטער. נאָר זיין אָטעם פּליגלט נאָך אַזוי וואַרעם:

— ... האָסט אָבער אַ כשר האַרץ, אביגדורקע — דער אויבערשטער זאָל דיר שטאַרקן... פאַרמאָגסט אַ ליכטיגע נשמהלע, הדסל־טאָכטערקע — אַ גוטער מלאך זאָל דיר באַשיצן... וויינט ניט, קינדער... זאָגט... אדוני רועי לא אחסר... אדוני אלהים א מ ת ותורתו א מ ת...

אַ פאַרגליווערטע שטילקייט.

און מיטן לעצטן שטראַל פון דער שבת־שקיעה איז ער אויסגעגאַנגען.

# 20

## און װען זײַנען זיך צעגאַנגען

געשטאָרבן דער זיידע.

אַ מענטש האָט אָפּגעלעבט אַ פולן לעבן, אַ גאַנצן, און איז געשטאָרבן לעבנדיג, טועניק. און מיט אים איז אָפּגעשטאָרבן אַ פעסטער בטחון אין גאָט, אַ טיפע ליבשאַפט צום לעבן, אַ הייסע פריינדשאַפט צו מענטשן.

געשטאָרבן דער זיידע.

און געקומען איז דער סלאָנימער מגיד מיט אַן אָפּפרעג אויפן „שלוחי מצוה אינן ניזקין״; האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט באַפּליטערט דעם „אם עולה קרבנו תמים יהיה״, און אַ שטאָט האָט זיך באַוואָשט מיט טרערן. ס׳האָט געגאָסן אַ שלאַקס־רעגן — „מלאכים וויינען...״ דער ז י י ד ע — אַ ק ד ו ש... אין אַ פאַרבלוטיגטן טלית איינגעוויקלט, צוזאַמען מיט די יריעות פון די פאַרברענטע ספרי־תורות, האָט קינד־און־קייט אים באַגלייט צום בית־עולם, זיך געקלאַמערט אַרום דער מטה. ביים אָפּענעם קבר האָט רב טעוועלע גע־ריסן קריעה, ט׳אָנגעהויבן מיט „אחים בהספידא״ און איז פאַרגאַנגען אויפן „וכל העם יבכו את השרפה״: „ס׳איז אַ פּאַזשאַר, אידן! אַן אָרון־קודש מיט די ספרי־תורות זיינען פאַרברענט געוואָרן!...״ און אַרויף, צווישן די ווערבע־בוימער, זיינען געשטאַנען יונגוואַרג און האָבן זיך צוגעהערט צו גרישעס רעדע. און ווען איבערן קבר האָט מען געזאָגט דעם ערשטן קדיש־יתום, איז פון צווישן די ווערבע־בוימער אויפגעגאַנגען דער געמאָסטענער געזאַנג פון טרויער־טענער:

אַ קרבן געפאַלן ביסטו אין הייליגן קאַמף —
אַ קרבן פון ליבע און טרייהייט;
דו האָסט פאַרן פאָלק אַלץ אין אָפּפער געבראַכט
— — — — — — — — — — — — —

*

געשטאָרבן דער זיידע.

און אין דעם גאַנצן טומל וואָס האָט נאָכגעפאָלגט האָט אביגדור איינגעזען נאָר איין זאַך: אַז דעם זיידנס טויט איז אַ דירעקטע פאַרלייקענונג פון זיין — אביגדורס — אידעאַל; אַז די ערד, וועלכע האָט זיך אָנגעטרונקען מיט דאָס בלוט פון זייערע קרבנות, האָט זיי אַליין אויסגעשפּיגן, איז פאַר זיי פרעמד געוואָרן, פאַרשאָלטן; אַז צווישן אים און דעם גרויסן חלום פון ברודערשאַפט און פרייהייט הענגט איצט אַ פאַרבלוטיגטער טלית, שטייט אַ וואַנט פון צערי־סענע יריעות...

מיט שניידנדיגער קלאָרקייט האָט ער איצט דערפילט, אַז דער וועג צו דער געשטרעבטער דערלייזונג מוז זיך אָנהויבן פון זיך — פון אייגענעם קוואַל. ניין, מאַלקין איז ניט אינגאַנצן אומגערעכט געווען! דאָ ווערן כוחות — די בעסטע כוחות פון פאָלק — פאַרשווענט אין פאַרטיידיגונג, אין אָפּשלאָגן אַ פינצטערע מאַכט — ווען יעדער טראָפּן שוויס, יעדער וואָרעמער אָטעם וואָלט געדאַרפט אויסגענוצט ווערן פאַר איבערשאַפונג און אויפבוי... אָנהויבן פון זיך! בויען! — דאָס איז וואָס דער זיידע האָט געטאָן, דאָס איז דער וועג צו וועלכן דער מאָרגן רופט! בויען אויף אַ באָדן, וועלכער גאַרט נאָך דערלייזונג, וועלכער דורשט נאָכן שוויס פון בויער — אויף אַ פאַרבענקטער ערד, וועלכע גאַרט אויף אירע פאַרשוויגענע געזאַנגען. בויען דאָרט וואו די הימלען זיינען בלוי, וואו די זון האַלט אין אויפגיין...

און פאַרגעסענער באַגער, אַ פאַרוויגטע בענקשאַפט, האָט זיך אין אים דער־וואַכט און האָט זיך צעוואַקסן אין אַן אומרו.

ער האָט אַ סך פאַרבראַכט מיט הדסלען, האָט מיט איר גערעדט וועגן דעם:

—... און מיר, אַלס אַ גאַנץ פאָלק, וועלן ברענגען דער בעפרייטער וועלט אונדזער מתנה, אונדזערע אוצרות. מיר וועלן פאַרוואַנדלען אַ פאָלק פון מלמדים, פון סוחרים און מעקלער אין אַ פאָלק פון בויער, אין אַן אַרבעטס־פאָלק. מיר מוזן אָנהויבן מיט אונדזער געשיכטע — פון דעם באָדן וואו אונד־זערע קרבנות זיינען פאַרהייליגט געוואָרן, וואו דאָס ניי לעבן וועט אויפגע־שטעלט ווערן אויף די יסודות פון אונדזער געוויסן, פון אונדזער איינאַרטיגן חלום — דער חלום פון אונדזערע נביאים!...

און הדסל האָט אים פאַרשטאַנען, און הדסל האָט מיט אים מיטגעפילט, און הדסל האָט זיך געהאַלטן ביי אירס:

— קרבנות, אביגדור, וועלן שטענדיג פאַלן, אַזוי לאַנג ווי דער קאַמף וועט אָנהאַלטן. די מתנה, וועלכע געפינט זיך צייטווייליג אין דער ריכטונג פון שוואַס קוילן, די ליידט אַממערסטן. דער קאַמף איז אַן אַל־מענטש־לעכער! מיר טאָרן זיך ניט אויסשיילן, אָפּטיילן אין באַזונדערע קליילעך. מיר זיינען, פריער ווי אַלץ, מענטשן...

און זיי פלעגן זיך צעהאַמפּערן, פֿאַרגיין אין היציגע דעבאַטן, אָבער — ס'איז פֿאַרט הדסל! — די פֿאַרעקשנטע, ליכטיגע הדסל.

דער טאַטע האָט וועגן זיין פֿאָרן קיין ארץ־ישראל גאַרניט געוואָלט הערן. אַביגדור האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, ביז ער האָט זיך אַנטשלאָסן צו ריידן וועגן דעם מיטן טאַטן. דער טאַטע האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: איינ־מאָל — ניין! ער איז ניט מסכים. און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שטילער קאַמף צווישן דעם טאַטן און אים — אַ פֿאַרביסענער שוויגן. דער טאַטע האָט אים מיט גאָרניט געשטערט, האָט אים געלאָזט אָנגיין מיט זיין צוגרייטונג, מיט זיינע פּלענער. און אָט דער ניט שטערן האָט נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט דעם ווייטאָג פֿון דער שטומער צעריסנקייט.

די משפּחה איז געווען דורכאויס דאַגעגן.

ער האָט זיך דערפֿילט פֿרעמד, ענג, פֿאַרלאָרן.

מאַלקין איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט אים דערמוטיגט.

און ער האָט זיך געשטאַרקט, און אָן זיין טאַטנס ברכה האָט ער פֿאַרלאָזט די היים.



# צווייטער טייל:

## זוניגע וועגן

# 21

## אינמיטן ים — אַ שיף

וי שאָף צעשפּרייט, די קליינע כוואַליעס
שטיל וויגן זיך אין לייכטן דרימל.
סע ציטערן אין ים די שטערן —
ווער איז דאָ ים און ווער איז הימל?

(ביאַליק — נאָך ר׳ יהודה הלוי)



ינמיטן דער נאַכט — אַ ים; אינמיטן ים — אַ שיף; אַרום — כוואַליעס, כוואַליעס. כוואַליעס אָן אַ פונוואַנען, כוואַליעס אָן אַ וואוהין טראָגן די שיף אויף אַ בלינדן וועג צו אַ ווייטן ברעג. בלוי און דורכזיכטיק איז די נאַכט, טיף און שווייגנדיק — דער הימל, און אויפן האָריזאָנט פון באַשטערנטן וואַסער־מדבר שטייט דער שר־של־ים פאַרהוילן און צעשיט מיט פולער האַנט זיינע פינקלענדיגע אוצרות איבערן סודותדיג־שפּילעוודיגן אויבערפלאַך... אויפן אויבערדעק פון שיף, אין פאַרגליווערטן לבנה־שייך, ליגן, זיצן פּאַסאַזשירן יונג און אַלט, אין פּאָרלעך און אין גרופּן. ס׳ווילט זיך ריידן, און מ׳רעדט ניט; מ׳קוקט אַריין אין דער אַרומיגער בלאַסקייט, און די אויג קאָן זיך ניט זאַטיגן; מ׳טוליעט זיך, און ס׳גלוסט זיך אַלץ נענטער זיין. מענטשן, וועלכע זיינען ערשט נעכטן איינער דעם אַנדערן פרעמד געווען, האָבן דאָ — אין שויס פון ים — זיך אָפּגעזוכט ווי נאָענטע, זיך צוגעטוליעט ווי אַ האַרץ־באַגערטע. נאַכט און מענטש, הימל און ים, שיף און כוואַליעס האָבן געשלאָסן ברודערשאַפט, האָבן זיך פאַרוויגט

אונטער איין געזאַנג, האָבן זיך פאַרקניפּט אין איין לעכצונג: אַ ברעג!... אַ זוניק ברעג!...

פון ערגעץ־וואו גייט אויף אַ פאַרבענקט געזאַנג:

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן:
טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס!

און דו, מערב־ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער־פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

אַרויף, האַרט ביי דער פאַרענטשע, שטייט דער אַלטיטשקער רב מיט נאָך אַ אידן און איז מחדש די לבנה:

— שתתחדש עטרת תפארת לעמוסי בטן שהם עתידים להתחדש כמותה...

— ווי ער האָט זיך עס אַביסל צוהתלהבעט, דער אַלטיטשקער אונזערער!

— האָט ליפשיץ אַ זאָג געטאָן צו אביגדורן נאָך אַ לענגערן איבעררייס אין זייער שמועס — וואָס איינער זוכט, דאָס געפינט ער: יונגוואַרג האָבן זיך גע־פונען זייערס, דער רב האָט זיך אָפּגעזוכט זיין לבנה...

אביגדור האָט צושטימיק אַ שמייכל געטאָן.

פון דער ערשטער מינוט־אָן וואָס מ׳האָט גענומען אַרויפגיין אויף דער שיף, איז דערדאָזיגער זשוואַווער איד געווען פול אומעטום: האָט אַרויסגעהאָלפן דעם, יענעם; האָט צוגעלייגט אַ האַנט, אַן אַקסל, וואו ס׳האָט זיך געבעטן; האָט געפונען אַן אָרט פאַר אַ פאַרשפּעטיגטן פּאַסאַזשיר; האָט געזען צו מאַכן די אינגערע חברה באַקוועם אין די קאַיוטעס; דאָ און דאָרט האָט ער „פאַר־גלעט" אַ סכסוכל צווישן אַ פּאַסאַזשיר און אַ פּאַרט־באַאַמטן, אַ זשאַנדאַרם. ער האָט באַרואיגט, אויפגעמונטערט; האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי אַלעמען. פאַרן רב מיט די עלטערע אידן אויפן שיף איז ער געווען „דער גבאי", פאַר די יונגוואַרג — „דער פעטער ליפשיץ". דער אַלטיטשקער מאַמען זיינער, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך, האָט ער ממש פאַרגעטערט, האָט זיך מיט איר גע־ניאַנטשעט ווי מיט אַן עופעלע. ער איז געווען פון יענעם מין אידן, וואָס קאָן ניט איינרוען, וואָס מוז טאָן, וואָס האָט הנאה פון העלפן, פון דערהויבן די שטי־מונג אַרום זיך.

אַז מ׳האָט זיך דערוואוסט אַז דער איד איז אַ קאָלאָניסט אין ארץ־ישראל, זיינען אים חברה באַפאַלן מיט פראַגן וועגן לאַנד, וועגן דער אַרבעט, די לעבנס־באַדינגונגען. ער האָט אויף זיין גוטמוטיגן שטייגער געענטפערט אויף די גע־שטעלטע פראַגן, האָט דערקלערט, געעצהט; האָט אַרויסגעוויזן אַ לעבעדיגן אינטערעס אין יעדן איינעם באַזונדער. ער האָט דערמוטיגט, ט׳באַגייסטערט

מיט זיין איינגעבאָרענער התלהבות, מיט זיין שפּרודלדיגן חיבת־הארץ. זיין ברייטהאַרציגקייט, זיין אָפּענער באַנעם, האָט צוערשט, ביי אייניגע, אַרויסגע־רופן אַ שטיקל חשד וועגן זיין אויפריכטיגקייט. מ׳האָט אָבער באַלד איינגעזען אַז ער איז אַ מענטש אַן אָפענער, בנאטור אַן איבערגעגעבענער, און מ׳איז גע־וואָרן צו אים צוגעבונדן.

ווי־נאָר די שיף איז אַריינגעשוואומען אין די טערקישע וואַסערן, האָט ליפּ־שיץ באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אייראָפּעאישע הוט און האָט אָנגעטאָן אַ רויטע פעזקע — מעשה פּאַטריאָט. אין אָדעס האָט ער זיך באַצייטנס באַזאָרגט מיט אַ היבשע צאָל פּרייז־קוראַנט־ביכלעך מיטן רוסישן אָדלער אויפן טאָוול, און האָט עס אין דער שטיל פאַרטיילט צווישן די חברה:

— ס׳איז אפילו ניט קיין גוואַלדיגער יחוס צו זיין פאַניעס אַן אונטערטאַן, נאָר זיינעם אַ פּאַספּאָרט איז פונדעסטוועגן גוט צו האָבן ביי זיך... ביים אַרונטערגיין פון שיף, אַז מ׳וועט ביי אייך פאָדערן אַ פּאַספּאָרט, מאַכט זיך געפּגרט און שטעקט זיי אַריין אָט די קונטרסימלעך אין יד אַריין. דער פעטער ישמעאל אונדזערער, זאָל אים צו קיין גנאי ניט זיין, ווייסט פון זיין חיות ניט צו זאָגן: וויבאַלד נאָר עס האָט פאַניעס צוויי־קעפּיגן אָדלער, איז שוין געוווג — איז כשר!... אַן אויסלענדישער פּאַספּאָרט איז דאָרט אַ סגולה בדוקה פאַר אַ סך זאַכן. לאָזט איר עס איבער ביי די טערקן אויף איין רגע, וועט איר עס שוין ניט אָנקוקן לעולם־ועד...

מיט אביגדורן איז ער געוואָרן שטאַרק באַפריינדעט כמעט פון ערשטן טאָג־אָן. ער האָט אים באַלד געקרוינט מיטן נאָמען „תנ״כניק“:

— אַן איידעלער בחורל, שיינט צו זיין אַ בעל־תנ״ך — אַ פאַרחלומטער תנ״כניק. תנ״ך און ארץ־ישראל — אַ געהויבענע קאָמבינאַציע!...

אַצינד איז ער געזעסן מיט אביגדורן אויף אַ שטריק־בויגל און האָט גע־פּלאָכטן אַ שמועס. ווי אין אַזאַ אָוונט, איז זייער שמועס צוגעגאַנגען שווער, צעצויגן, האָט געטראָגן אויף זיך די שפּורן פון דער אַרומיגער פאַרחלומטקייט. אביגדור האָט זיך פון אים דערוואוסט, אַז ער שטאַמט פון דער ליטע; איז שוין איבער צוואַנציג יאָר אַ קאָלאָניסט אין ארץ־ישראל; האָט זיין אייגנס אַ שיינע נחלה אין איינער פון די עלטסטע אידישע קאָלאָניעס; האָט דורך דער צייט אַריבערגעבראַכט אַהין אַ שיין ביסל קרובים. איצט איז ער געפאָרן אין זיין געבורט־שטעטל, אין גלות, אַריבערצוברענגען פון דאָרט דער מאַמען זיינער — אַ ליבהאַרציגע אַלטיטשקע — וועלכע האָט פאַרלאָרן ס׳רעשטל פון איר משפּחה אין דעם לעצטן פּאָגראָם אין יענעם געגנט.

— און איר, הייסט עס, זענט טאַקי אַ פּילעגאָוווער — אַ דייכעס — פון די פּילענאָוווער דייכעסעס? — האָט ליפשיץ דאָסזעלביגע איבערגעפרעגט שוין צום ווּיפלטן מאָל.

— יאָ. איר קאָנט סיידן אימעצן פון די דייכעסעס?

— צי איך קאָן די דייכעסעס ?! ווער האָט עס אין יענעם געגנט נ י ט געהערט פון די דייכעסעס ? אַ שאלה צי איך קאָן זיי ?! כ'קאָן דעם זיידן אייערן, ר' שלום־יעקב, אַלע קינדער. ניט איין שבת געגעסן ביי זיין טיש. האָב אַליין, קאָן מען זאָגן, זיך מתחתן געווען מיט אייער משפחה: מיין ווייב איז אַ טאָכטער פון ר' שעיהן, אייער זיידנס נאָמן. ביי ר' שלום־יעקבן איז אַ „מענטש" שטענדיג געווען ווי אַן אייגענער... איר זענט אודאי חנאס זון, וואָס ?

— ניין, מאירס.

— אַ, מאירס ! כ'קאָן דעם טאָטן אייערן. ער איז, דאַכט זיך, געווען דער מוזשיניק ביים זיידן — ניין ! דער מוזשיניק איז גאָר, ניט פאַר קיין אידן געדאַכט, געשטאָרבן יונג. ווי האָט ער געהייסן ?... יאָ ! א ב י ג ד ו ר... איך געדענק אים זייער גוט. אַ וואוילער געווען — אַי, אַ וואוילער ! מיט אים צוזאַמען געלערנט אין דעמיר. אַ פערל !... און נאָך איינער אַ בחור פון פילעניע האָט מיט אונדז צוזאַמען געלערנט. אויב איך מאַך קיין טעות ניט, איז ער שפּעטער געוואָרן אַ העבראַישער לערער טאַקי אין פילעניע, ווי האָט ער געהייסן ? לאָזט מיר זיך דערמאָנען... ישראל, ווייס איך, איז געווען דער ערשטער נאָמען...

— מאַלקין ?

— יאָ, דאַכט זיך, אַז מאַלקין. אַ בלאָנדער אַזאַ געווען, אַן אלמנהס אַ זון, אַ מושלם אַ יונגערמאַן. געווען אַ הייסער ציוניסט נאָך אין יענע יאָרן.

— מיינער אַ לערער געווען, און אפשר מער ווי נאָר אַ לערער.

— אַזוי... זענט איר, הייסט עס, ר' שלום־יעקב דייכעסעס אַן אייניקל. אַי, אַ ר' שלום־יעקב ! ניטאָ קיין סך אַזוינע ר' שלום־יעקבס ביי אידן!... איר ווייסט, אַז ווען ניט אייער זיידע טאַקי, ווער ווייסט וואו אָט דער עליע ליפשיץ וואָלט „אָנגעשפּאַרט" ? מסתמא פאַרפוילט געוואָרן ערגעץ אין סיביר... באַלד נאָך מיין חתונה, (איר ווייסט דאָך, אידישע פּרנסות) זיך געגומען, זיך געפּרואווט אַלץ אין דער וועלט. האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ מעשה מיט אַקציז — דער ריכטיגער „פּעקל" ! ס'האָט געהאַלטן כאָטש אָט־אָט... נו, איז דאָך פאַראַן אַ ר' שלום־יעקב ביי גאָט. ער איז געלאָפן, ט'געאַרבעט, ט'ניט גערוט, ביז ער האָט זיינס אויסגעפירט. ער האָט אויסגעמאַרקירט אַזוי, אַז דערזעלביגער אַקציזניק, וועלכער האָט געמאַכט דעם אַקט, זאָל גאָר עדות זאָגן אויף מיין זייט. פאַרשטייט ?! מ'האָט די מעשה פאַרגלעט... אַלץ זיין קאָפּ ! ער פאַר אַ אידן!... און די ערשטע פאַר קאַרבן אויף צו פאָרן קיין ארץ־ישראל ווער האָט מיר אויסגעבאַרגט ? — אויך אייער זיידע. אַ שאלה טאַקי, צי איך קאָן אים ?!... איז וואָס מאַכט ער עפּעס, דער זיידע אייערער ? מוז שוין אודאי זיין אַ איד אַ זקן ?

אביגדור האָט לאַנגזאַם אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און האָט אַרויפגעקוקט שווייגנדיג צו ליפשיצן.

ליפשיץ האָט זיין שווייגן אויפגעכאַפּט —

— וואָס, ניטאָ שוין מער דער זיידע?!... שוין לאַנג?

— אין לעצטן פּאָגראָם.

— אַזוי?!... ר׳ שלום־יעקב דייכעסן דערהרגעט אין אַ פּאָגראָם — אַ גוואַלד!

— רחמנא יצילנו, טאַקי?! אין אַ פּאָגראָם דערהרגעט, אוי־וואַ! — איז נעבן זיי מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן דער אַלטער רב — שומו שמים!... וועגן וועמען אַשטייגער רעדט זיך דאָס דאָ, וועגן וועמען?

— וועגן דעם יונגנמאַנס זיידן. אַי, אַ זיידן געהאַט — אַ שם־דבר!

— טאַקי, טאַקי!... און פון וואַנען איז אַ יונגערמאַן, לאָמיר הערן?

— פון פּילעגאָווע; און אַ דייכעס — אַן אמתער דייכעס — פון די פּילעגאָווער!

— האַ? פון פּילעגאָווע, זאָגט איר? געהערט פון פּילעגאָווע, געהערט. נו, אודאי! ביי איך איז, דאַכט זיך, רב דערדאַזיגער—— ווי הייסט ער, זאָל ער געזונט זיין? —— האַ? דער ——

— רב טעוועלע — האָט אים אביגדור אַרויסגעהאָלפן.

— האַ? האָב איך דאָך טאַקי געמיינט רב טעוועלע! אודאי, דערדאַזיגער—— דער טעלזער ראש־הישיבה. נו, אַ פּשיטא! כ׳קאָן אים נאָך פון בחורוויז. חברים געווען אין וואָלאָזשן. און אַראָפּגעבראַכט קיין פּילעגאָווע האָט אים טאַקי דער דאָזיגער—— אויך אַ חבר געווען—— וואָס? טאַקי דער פּילעגאָווער רבס זון — רב חנא פּילעגאָווערס, זכרונו לברכה — זיינער אַ זון. אַ פּשיטא, איך געדענק עס ווי היינט. אַ וואָזשנער בחור געווען, אָט דער פּילעגאָווער בן־הרב; אַ למדן און אַ מעורב עם הבריות, גאָר־גאָר! האַ? ווי האָט ער געהייסן ביים נאָמען?——

— ר׳ שלום־יעקב.

— אָט־אָט־אָט! אמת, אמת. האָב איך דאָך טאַקי אָקאָרשט געוואָלט זאָגן שלום־יעקב פּילעגאָווער...

— דער איז דאָס טאַקי דעם יונגנמאַנס זיידע; פון אים רעדט מען דאָס טאַקי.

— טאָ וואָס־זשע שוויגט איר, האַ? פאַרוואָס האָט זיך עס אַ יונגערמאַן גאָרניט געלאָזט דערקענען די גאַנצע צייט? שייך, צי איך קאָן דעם זיידן?! און וואָס אַ שטייגער רעדט מען פון אים, וואָס?

ליפשיץ האָט אים עפּעס איינגערוימט אויפן אויער. דער רב האָט אַ צאַפּל געטאָן מיט די פּאות און האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר צעשראָקענע ברעמען:

— ט־אַקי?! רחמנא יצילנו, גאָר אַזוי?! ברוך דיין האמת... איז דער

זיידע גאַר—— וואַי!... אַי, אַ נגיד אַ איד געווען, און אַ ירא־שמים! גע־הערט פון אים — געהערט פון אים א סך. גוטע מעשים לאָזן זיך ווייט הערן...

— זעצט זיך צו, רבי; פאַרוואָס שטייט איר? — האָט ליפשיץ געמאַכט פלאַץ פאַרן אַלטיטשקן — ווי איך זע, רבי, האָט איר אפילו אויפן מיטן ים אויך געפונען די לבנה.

— ס'בין איך טאַקי צוגעקומען זאָגן אייך „אַ גוט חודש", און האָב זיך, אַזוי ווי איר קוקט מיר אָן, פאַרשמועסט... אַי, אַ שיינע לבנה דאָ ביי אייך אויפן ים! — אַי, אַ שיינע נאַכט! מ'קאָן אַזש פאַרן לבנה־שיין אַריינקוקן אין רש"י־כתב, כ'לעבן, אָן שפּאַקולן...

דער רב האָט זיך צוגעזעצט. האָט זיך שווייגנדיג פאַרקוקט אין דער ווייטער בלויקייט אַריין, און האָט זיך פאַמעלעכקע איינגעדרעמלט. זיין ווייסע באָרד און פאות האָבן זיך געזילבערט אין בלייכן לבנה־שיין. ליפשיץ האָט זיך געפלייסט אָנצוהאַלטן דעם שמועס:

— ...קומענדיג אַהין אַריבערצובערענגען דער מאַמען מיינער, האָט זיך מיר גוואַלדיג געוואָלט אַריבערצוכאַפּן קיין פּילעגאַווע און זען זיך מיט מיין ווייבס משפחה, מיט אייערער. נאָך אַלעמען, שולדיג זיי אַזויפיל טובות. האָט מיר אָבער די מאַמע מיינע, זאָל געזונט זיין, אַלץ אָפּגערעדט דערפון; האָט געפונען יעדן מאָל אַן אַנדער אויסרייד. זי האָט הפנים געוואוסט... יאָ, אַזעלכע אידן וואַקסן ניט אָפּ אַזוי גיך!... כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת: אָט זיץ איך, דאַכט זיך, און רייד מיט אייך; איך בין זיכער, ווי איצט איז נאַכט, אַז כ'בין אויף דער וואַר — און עס איז מיר נאָך אַלץ שווער צו גלויבן אַז ס'איז באמת אַ ווירקלעכקייט. אַ חלום, ניט אַנדערש! ר' שלום־יעקב דייכע־סעס אַן אייניקל זאָל אַוועק פון דערהיים און זיך לאָזן קיין ארץ־ישראל! זאָל עס טאַקי זיין אַז ס'איז אַנגעשטאַנען די צייט, וואָס אָט דער סוג אידן זאָל שיקן זיינע זין און טעכטער קיין ארץ־ישראל?!... אַ ד י י כ ע ס א י ן א ר ץ ־ י ש ר א ל...

אביגדורס ענטפער איז געקומען פאַרטראַכט:

— מיט גאָר אַ קורצער צייט צוריק וואָלט איך עס אפשר אַליין קוים גע־גלויבט. מ'איז יונג; געהאַט אַן אַנדער אַנשויאונג אויף דער זאַך, אַן אַנדער באַצוג. דעם זיידנס טויט האָט אפשר געהאַט אַ סך צו טאָן מיט מיין איצטיגן פאָרן קיין ארץ־ישראל.

— איך פאַרשטיי. ס'איז דער אויסערלעכער שטויס — אַ פיינלעכער שטויס — וואָס ברענגט צו אינערלעכער דערוואַכונג: צ ו ד ע ר ד ע ר וו אַ כ ו נ ג פ ו ן א י י ג ע נ ע ם ב אַ וו אַ ו ס ט ז י י ן, דאָס איז שוין דער גורל פון די זין און טעכטער פון אונדזער פאָלק. איך, איר, אַ סך פון די וועלכע פאָרן מיט מיט אונדז — אַלע האָבן מיר דורכגעמאַכט

דיזעלביגע דערוואַכונג; אַלע זיינען מיר דורכגעגאַנגען דעמזעלבן שמעלצ־טיגל. און אפשר איז עס גוט אַזוי: דורכדעם קומט מען געלייטערט קיין ארץ־ישראל... נו, און די משפחה אייערע — דער טאַטע, למשל — ווי האָט ער זיך באַצויגן צום דאָזיגן שריט אייערן?

אביגדורן האָט אַ ברי געטאָן אַ פאַרבאַרגענער ווייטאָג. ער האָט זיך געמיט אויסצומיידן פון ריידן דערפון.

— אודאי וואָלט דער טאַטע ליבערשט געוואָלט מיר זען אין ז י י ן ארץ־ישראל. ס'איז אָבער ביי מיר ניט געווען קיין פראַגע ווי דער אָדער יענער וועט אויפנעמען מיין שריט. כ'האָב געהאַט נאָכצוקומען אַ מ ו ז — אַ אינערלעכן מוז — און מיין שריט איז ווי פון זיך אַליין באַשלאָסן געוואָרן, מיין וועג — אַנגעצייכנט פאַר מיר. ס'איז אפשר דער דירעקטער אויסוואוקס פון אַן איינגעבוירענער בענקשאַפט, פון אַ אינערלעכן מוז און דעם „אויסערלעכן שטויס", ווי איר האָט עס אָנגערופן. מיך רופט אַהין, און איך גיי. איך האָב דערפילט אַז איך באַלאַנג אין דעם לאַנד פון אונדזער מאָרגן.

— אָט דאָס איז דאָס! — איז ליפשיץ אויפגעשפרונגען אַ באַגייסטערטער — דאָס איז דער אמתער חוש פאַר ארץ־ישראל! אין אַזוינע נויטיגן מיר זיך דאָרט; אַזוינע פאַרבלייבן... איר זעט אָט די אַלע? — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער גרופע יונגוואַרג אַנטקעגן — אַלע, דאַכט זיך, באַגייסטערט פאַר ארץ־ישראל, אַלע פול מיט התלהבות; און ווי איר קוקט זיי אָן, וועט אַ טייל פון זיי זיך איינוואָקסן אין לאַנד: זיי דאַרפן ארץ־ישראל און ארץ־ישראל דאַרף זיי; זיי באַלאַנגען. אַ טייל פון זיי וועט פאַרבלייבן דאָרט, ווייל זיי וועט אויספעלן דער מוט צו אָנערקענען זייער אייגענע אַנטוישונג; שוואַכע קעסט־קינדער ביי פאָלק ישראל. אַ טייל, ווידער, וועט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווייל — זיי פעלט־אויס דער חוש פאַר ארץ־ישראל; זיי קומען צו אונדז איינגאַנצן פון דרויסן. איר אָבער, תנ"כניק, פאַרמאָגט דעמדאָזיגן חוש — דעם איינגעבאָרענעם חוש פאַר ארץ־ישראל — די וואָרעמקייט וואָס קומט פון טיפן אינעווייניג... עס טוט מיר באמת הנאה וואָס איך האָב דאָס אין אייך קאָנען געלערנט. נו, איר מוזט אודאי האָבן געוויסע אויסזיכטן?

— ניין. מ'קאָן זאָגן: גאָרניט. איך פאָר ניט קיין ארץ־ישראל צ ו נ ע מ ע ן, כ'פאָר ג ע ב ן — זוכן, אַרבעטן; און אַז מ'זוכט, האָט איר ערשט ניט לאַנג אַליין געזאָגט, געפינט מען. כ'וועל געפינען — כ' מ ו ז ג ע פ י נ ע ן!

— אודאי. איר'ט ניט פאַרפאַלן ווערן. צווישן אידן ווערט מען ניט פאַרפאַלן. איז אָט וואָס: ביז וואַנען־וואָס־ווען — און איך מיין עס אָן שום פניות... איר פאַרשטייט, איך פיל אַז מיר זיינען שטיקלעך מקורבים... איז צוואָוואָס לאָזן זיך גלאַט אין דער וועלט אַריין?... הקיצור, תנ"כניק, איך וויל דורכאויס אַז איר זאָלט פאָרן מיט מיר — צו מיר, הייסט עס! איך בין עס שולדיג דעם זיידן אייערן, עליו השלום, אייער גאַנצער משפחה. מיינע, אַז זי

וועט זיך דערוויסן, וועט זי גאַרניט וויסן וואָס צו טאָן מיט איך. אַי, אַ חוה! און ממש בפשך: ׳עט איך געפעלן זיין ביי אונדז, איז דאָך מה טוב; אַניט, עלן מיר זען. דערווייל, הייסט עס, זענט איר מיין אורח. איר׳ט זיך באַקאָנען מיטן מקום, מיט די באַדינגונגען, מיט די מענטשן — איר׳ט זען וואָס איר האָט צו טאָן... תנ״כניק, מיר פאָרן צו מיר! איך וועל ניט לאָזן אַז איר זאָלט זאָגן „ניין". אַזאַ איד בין איך!... זעט נאָר ווי דער אַלטיטשקער אונדזערער איז נעביך איינגעשלאָפן...

ליפשיץ האָט זיך אויפגעהויבן, האָט פאַרזיכטיג אויפגעוועקט דעם איינגעשלאָפענעם רב, און האָט אים אַרונטערגעפירט אין דער קאַיוטע. אביגדור האָט זיך צוגעזעצט צו דער גרופע יונגוואַרג, איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם אַלגעמיינעם געשפּרעך, אינ׳ם שטילן געזאַנג. ער האָט געקוקט אויף די פאַרטראַכטע מיטרייזנדע, אויפן ווייסן שוימיגן שניט וואָס די שיף האָט געלאָזט הינטער זיך, אויפן ווייטן, פינקלענדיגן האָריזאָנט. עס זיינען אים געקומען אויפן געדאַנק ליפשיצעס ווערטער: „ש ו ו ע ר ז י ך פ אַ ר צ ו ש ט ע ל ן אַ ז ס׳א י ז ב א מ ת אַ ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט. אַ ח ל ו ם..." יאָ. חלום און ווירקלעכקייט האָבן זיך מיטאַמאָל געביטן פּלעצער: אַ חלום איז יענער ברעג פון וועלכן זיי זיינען פאַרשוואומען; אַ חלום — יענע פאַרבענקטע שעהן פון ליכטיגן יערן; אַ חלום — דעם טאַטנס היים, הדסל, מאַלקין, זיין אַוועקגיין פון טאַטן. אַלץ איז אַ חלום. די איינציגע ווירקלעכקייט איז אַצינד נאָר יענער ווייטער, זוניגער ברעג צו וועלכן די שיף טראָגט זיי. און אויף יענעם ברעג פון דער אויסגעחלומטער ווירקלעכקייט וועט אַ טייל פון די, וועלכע זיצן דאָ מיט אים, זיך איינוואָקסן; אַ טייל וועט דאָרט בלייבן ווייל זיי קאָנען ערגעץ־אַנדערש ניט זיין; און אַ טייל וועט זיך אומקערן אויפן וועג מיט וועלכן זיי זיינען געקומען, און זיך לאָזן זוכן נייע ברעגן, נייע כוואַליעס, נייע הימלען... ווער פון די אַלע וועט זיין צווישן די איינגעוואַקסענע? ווער — נאָר אַ פאַרבליבענער? ווער — פון די אויסגעשפּיגענע?...

אויפן אויבערדעק איז נאָך אויפגעגאַנגען אין דער בלויער נאַכט דאָס פאַרבענקט געזאַנג:

צוויי ימים שלאָפן דאָ צוזאַמען
צונויפגעלייגט, ווי גלייכע ברידער;
איין דריטער ים אין מיטן שלאָפט ניט:
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער.

# 22

## פאַר די טויערן פון ארץ־ישראל

ס'איז געווען פאַרטאָג ווען די שיף האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון יפו.

אויפן האָריזאָנט איז דער נאַכט־אויסגערוטער הימל בלאָס געוואָרן, און האָט פון זיין סודותדיגער באַהעלטעניש ביסלעכווייז אַנטפּלעקט דעם נעפּל־פאַרשלייערטן בלויען ברעג. באַלד האָט זיך די פּרימאָרגנדיקע בלאָסקייט צע־שפּילט אין אַ הערלעכן פאַרבן־אויסגוס. נאַכט־מידע, לוסט־זינדיגע, יונגע כוואַ־ליעס האָבן זיך מיידלש־שעמעוודיג געקוועטשט און געקעמט זייערע צעשויבערטע לאָקן אין דער דורכזיכטיגער קלאָרקייט פונ'ם אומשולדיג־אויפגייענדיגן טאָג. אַרום דער שיף און איבער אירע מאַסטן האָבן ים־פויגל אומגעשוועבט אין אַ געווירבל, און האָבן אָנגעזאָגט די געגאַרטע נאָטקייט פונ'ם ברעג. פישער־שיפלעך האָבן אומגעבלאָנדזשעט אין דערווייט, און זייערע פאַרחלומטע ווייסע זעגלען האָבן זיך שטיל געוויגט צווישן ים און הימל.

אביגדור איז געשטאַנען אויפן אויבערדעק פון שיף און האָט פאַרגאַפט געקוקט אין דער ריכטונג פון ברעג.

מיט יעדער ווײַלע איז דער סילועט פון ברעג געוואָרן טונקעלער, שאַר־פער, און פון הינטער אים האָט אויפגעשטראַלט אַ מאָרגנרויטע זון. בולטער און דייטלעכער האָבן אַרויסגעשטאַרט איבערן וואַסערפלאַך די געבראָכענע קאַנטורן פון די פעלזן ביים האַפן. פון נעפּל אַרויס האָט זיך פאַר אים אויס־געשיילט די אַלטע האַפן־שטאָט:

אַן איינגעהויקערטער באַרג פון אָנגעוואָרפענע הייזער, וועלכע רייסן זיך אַרויסצוקריכן פון זייער לאַנגיאָריגער פאַרשאָטנקייט און קלעטערן איינע אויף די אַנדערע. רונדע, בייכיגע קופּאָלן און שלאַנקע מינאַרעטן שאָטענען אַנטקעגן דער אויפגייענדיגער זון. און דאָרט, ביים צופוסן פונ'ם ברוין־גרויען הייזער־באַרג, שימערירן די גילדענע זאַמדן פון תל־אביב. ביים סאַמע ראַנד שטייען פאַלמען דריי: צוויי — אַרומגענומען, פאַרדבקעט, די דריטע — איינזאַם און

שטאָלץ. באַלד וואַקסט פון צווישן די זאַמדן אַרויס דער תל־אביבער וואַסער־טורעם. עס בלייכן־אויף די אָריענטאַלע זייט־טורעמס פון דער העברעאישער גימנאַזיע. ווייסע הייזער, פלאַכדאַכיגע, הילן זיך צווישן טונקל־גרינע ציפּרעס־בוימער.

אַ טיפע, וויברירנדיגע פרייד האָט אים אַדורכגענומען. אין די טיפענישן פון זיין נשמה איז אַ פאַרהוילענער ציטער אויפגעגאַנגען און האָט אויפגערו־דערט זיין גאַנצן וועזן; נאָר זיין האַרץ איז געבליבן רואיג, זיין האַרץ איז געבליבן שטום. זיינע בליקן האָבן פאַרחלומט אומגעבלאָנדזשעט אויפן זוים פון ברעג — אויפן גרעניץ פון חלום און וואָר, פון אויסדאַכט און ווירקלעכקייט — און האָבן געזוכט פון דאָרט אַרויסצושעפּן דעם באַדייט פון זיין איצטיגן דאָ־זיין, דעם סוד פון זיין נעכטן און מאָרגן, פון יאָ און ניין...

— מיר זיינען אין ארץ־ישראל! — האָט ער דערהערט הינטער זיך ליפּ־שיצעס שטים.

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין שטעל און האָט זיך אומגעקוקט אַרום.

דער מאַנאָטאָנער גערויש פון די שיף־מאָטאָרן האָט זיך איינגעשטילט; עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס רואיגע פּלאַשטערן און גיסן פון די כוואַליעס. די שיף האָט זיך קוים באַוועגט, און עס האָט זיך נאָר געמערקט די דערנענ־טערונג פונ׳ם ברעג — ווי עס וואָלט ווער, דורך דער נאַכט, שיף און מענטש, ים און ברעג אַ כשוף אָפּגעטאָן, און אַצינד ציט זיך די שיף, ווי פון זיך אַליין, צום אינזל דעם פאַרכשופטן... אויפן אויבערדעק שטייען די מיטרייזנדע, באַוועגלאָז, ווי פאַרגליווערטע פיגורן, און שטאַרן שווייגנדיג. זייערע פּנימער, ווי אַלץ אַרום, באַלויכטן מיט רויט־גילדענער זוניגקייט. אָט קומט ווער אַרויס אויפן אויבערדעק, ווערט באַלד אַרומגעכאַפּט פון דער סודותדיגער ליכטיגקייט, און בלייבט שטיין אַ געפּלעפטער און גאַפט־מיט מיט אַלעמען... נעבן אים שטייט דער אַלטער רב, אַן אויסגעצוואָגענער, אַ יום־טובדיגער, זיין פּנים שטראַלט מיט הייליגער רואיגקייט. לאַנגזאַם באַוועגן זיך זיינע ליפּן, און ווער־טער־פּערל פאַלן פרום פון זיין מויל. פון צייט צו צייט מישט ער היסח־הדעתדיג איבער אַ בלעטל אין דעם געל־געוואָרענעם תהילימל, אָבער זיינע אויגן קוקן אין אים ניט אַריין. זיינע לויטערע בליקן הענגען אויפן ברעג און קוקן ווייט און ווייטער אין דער ליכטיגקייט אַריין. אָ, ער קאָן שוין דעם וועג אויף אויסנווייניג; דער שליאַך איז אים גוט באַקאַנט. זיין וועג איז אַן אויס־געטראָטענער, אַ זיכערער, מיט שכינה־שיין באַשטראַלט. דאָרט, איבער די בערג פון יהודה, שטייט זיין פּאַלאַץ פאַר אים אַן אָנגעגרייטער, פון יאָרן־לאַנג אַן אויסגעטרוימטער; ער קומט צו אים — ער קומט... ביי זיין זייט שטייט זיין אַלטיטשקע, טרערן ליכטיגע קוועלן אין אירע אויגן. ס׳טיכל ציטערט אין אירע פינגער, נאָר זי וואַגט עס ניט צו די אויגן צוטראָגן און די טרערן פאַר־ווישן; הייליגע טרערן — אירע ערשטע ארץ־ישראל־טרערן... קעגנאיבער

שטייט אַ גרופּע באַגאַמאַלצעס — קרעפּטיגע, בלויאויגיגע פּאַניעס — די קעפּ אַנטבלויזט, די פלאַקסענע האָר צעפּאַטלט. אַ הויכער אַסקעטישער מאַנאַך ברומט ריטמיש פון זיין טיפער קעל אַרויס איין פּזמון נאָכן אַנדערן, און אַ מענגע שוואַרץ־געקליידעטע נאָנעס אַרום אים צלמען זיך מיט געבויגענע קעפּ. אין אַ ווינקל זיצן צוויי פּערסיאַנער, די קעפּ אַרומגעוויקלט מיט שניי־ווייסע טורבאַנען, די באָרוויסע פיס פאַרוואָרפן הינטער זיך אויפן רויטן טעפּיך; זיי בוקן זיך און באַרירן מיטן שטערן דעם טעפּיך, און בלייבן זיצן מיט צוגע־מאַכטע אויגן. אין מיטן שטייט אַ גרופּע יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך, ווער אַרומגענומען, ווער באַזונדער. שטאָלץ געהויבן איז דער קאָפּ, פול מיט האָפע־נונג ס'האַרץ — פול מיט שטרעבן, פול מיט גלויבן. ס'ברויזט די יוגנט אין זייער בלוט; אין זייערע אויגן שטראַלט די פרייד פון בויער, די פרייד פון זיגער; עס זינגט אַרויס פון זיי דער פאַרהוילענער כוח פון מאָרגנדיגע קדושים. אָט ווערט פון זיי אַ ליד געזונגען, אָט בלייבן ליפּן שטום, און אינ'ם שווייגן ווערט אַ נייע ליד געבוירן...

„אמונה אין גאָט און אמונה אין מענטשן שווימעןביידע צו איין ברעג...״ האָט אביגדור געטראַכט.

אַ האַפּטיגער גערודער האָט זיך מיטאַמאָל דערטראָגן פון דער טיפעניש פון שיף: די אַנקערס זיינען אַרונטערגעלאָזט געוואָרן. די שיף האָט אַ ציטער געטאָן און איז שטיין געבליבן. אַ מחנה אומגעלומפּערטע ברעג־שיפלעך האָבן באַלאַגערט די שיף פון אַלע זייטן. ברייטביינינגע, טונקל הויטיגע באַכריע, אין זייערע אָפּגעבליאַקעוועטע פּעזן און פילפאַרביגע, שמוציגע טורבאַנען, ברייטע, געפּאַלבטע הויזן און רויטע גאַרטלען אַרום די לענדן — האָבן משונהדיגערוויז געמאַכט מיט די הענט, געגלאָצט מיט די אויגן, און מיט האַלדזיגע קולות גע־שריען איינער אויפן אַנדערן און אַלע צוזאַמען — אויף איינעם אַן אייראָפּע־איש־געקליידעטן יונגנמאַן, וועלכער איז געשטאַנען צווישן זיי און האָט זיך הפּנים ווייניג־וואָס געקימערט פון זייער געפּילדער. אַ שפּאַרעניש. אַ טומל.

„מ י ר ז י י נ ע ן א י ן א ר ץ־י ש ר א ל...״ זיינען, ווי אַ אַ פאַרשפּעטיגטער ווידערקלאַנג, אויפגעגאַנגען פאַר אביגדורן ליפּשיצעס ווערטער.

— קומט, תנ״כניק מיינער! — האָט ליפשיץ אים אַ צי געטאָן ביים אַרבל — קומט, איר'ט שוין דאָס איבעריגע דערחלומען אויף דער יבשה...

זיי האָבן זיך דורכגעשפּאַרט דורך די שמאָלע טרעפּ און אַראָפּגעשטייגט אין אַ ברעג־שיפל. די ברוינפּנימדיגע אַראַבער פון ביידע זייטן האָבן ריטמיש און שווער געדרודערט ס'שיפל, וועלכע האָט זיך געהויבן און אַרונטערגעלאָזט צווישן די שלאַנגדיגע כוואַליעס. פון אַ דערבייאיגער שיפל האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג פון יונגוואַרג און האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט גערויש פון די כוואַליעס.

אביגדור איז געזעסן נעבן ליפשיצן מיט דער אַלטיטשקער, איינגעקרעמפּט אין דעם געדראַנג פון מענטשן און געמיש פון געפּעק. זיינע אויגן האָבן אומ־געוואַנדערט צווישן דעם טיף־בלויען הימל און דעם זוניגן ברעג. מיטאַמאָל האָבן זיך זיינע בליקן פאַרהאַלטן אויף אַ שוואַרץ־געקלײדעטער פרויען־גע־שטאַלט אַנטקעגן אים. פון אונטער דעם לויז־געפאַלבטן געוואַנט האָט שע־מעווודיק־רייצנדיק געמאַניעט אַ שלאַנקע פיגור און אַ הויכע ברוסט. לאַנגע, פאַרקלעמטע פינגער האָבן, ווי אַ ווייסער חלום, געבלאַסט איבערן שטום־שוואַרצן געוואַנט. פון אונטער דעם ענג־געפּאַסטן קאַפּטוך האָט אַרויסגעקוקט איר פאַרטראַכט פנים. צוויי מילדע קוואַליג־בלויע אויגן זיינען געשטאַנען אָפן און האָבן, ווי דורך אַ סודותדיגן שלייער, אַריינגעקוקט אין אַן אומזיכטבאַרער ווייטקייט אַריין. אירע עלעגאַנטע ברעמען האָבן זיך גראַציעז געבויגן איבערן זוים פון איר פאַרהוילענעם שטערן. אויף אירע שאַרף־געשניטענע ליפּן, אויף אירע צאַרטע געזיכטצוגן, האָט נאָך געהויערט דער טוי פון אַ ניט־דערבליטער יוגנט און די שפּורן פון אַ ניט־פאַרגעסענער, טיפער איבערלעבונג. אין דעם געזעמל פון די אַלטע, גראָטעסק־צוגעגאָסענע פיגורן און ליימיג־רויטע פנימער פון די איבעריגע נאָנעס, איז איר גאַנצער וועזן געפאַלן ווי אַ שרייענדיגער דיסאָנאַנס אין דער שטומער סימפּאָניע פון דער אַרומיגער דערוואַכונג...

אַ פיינלעכער נייגער האָט אים באַהערשט:

„ווער איז זי? אויף וועמענס רוף האָט זי היינטער זיך די ברעגן פון דניעפּער פאַרלאָזן? וואָס פאַר אַ דערשיטערונג האָט איר טראָט אויף דער ערד פון איר געבוירן ענג געמאַכט, און טרייבט איר אַצינד איינצושליסן איר יוגנט־פרייד הינטער די שטומע ווענט פון אַ טריבן מאָנאַסטיר? וועלכע גרוי־זאַמע זינד צווינגט איר אַז זי זאָל מיט דעם טרויעריגן געזאַנג פון קירכן־תפילות איר לעבנסלוסט אין שלאָף פון וועלקן פאַרוויגן, און צאַנקען, אויסגיין צווישן קברים־שטויב און ווייַנענדיגע אַלטאַר־ליכט, ווי דער לאַנגווייל־קלאַנג פון קירכן־גלאָקן אין די בערג?...“

ער האָט זיך אויפמערקזאַמער צוגעקוקט צו איר.

„... אָט אַזוי — האָט ער געטראַכט — האָט געוויס אויסגעזען די מיידל־מוטער פון נצרת, ווען זי האָט דערפילט אונטער איר ברוסט די ברכה פון שוואַנגערשאַפט און די פלוך פון געבן דער קראַנקער וועלט אַ מענטשן־גאָט, וועלכער האָט דעם הימל צו דער ערד דערנענטערן געוואָלט; וועמענס פרי־צייטיג וואָרט איז געפאַלן אויף טויבע אויערן; וועמענס טויבן־ליד עס האָבן קראָען און גייערס אויף אַלע שיידוועגן, איבער די תליות פון קדושים, אויס־געשריען...“

זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. אירע קוואַליגע בליקן האָבן אויפגעשטורעמט אַן אומרו אין זיין ברוסט. ער איז באַזעסן געוואָרן פון אַ טי־פער יערונג — יענע יערונג וועלכע פלעגט זיך דערוואַכן אין אים, ווען ער

פלעגט אין די מיטנאַכטיגע שעהן אומבלאָנקען איבער די איינגעדרעמלטע געס־לעך פון זיין היים־שטאָט, און ערגעץ אין דער טיף פון אַ בלינדן פענצטער האָט אַ ליכטל זיך געטוקט, און ביי איר טריבן אָפּשיין האָט אַן אַלטער איד אָפּגע־ריכט חצות... — מאַלן! מאַלן!... פאַראייביגן אין געמעל דאָס פאַר־גייענדיגע, דאָס אָפּשטאַרבנדיגע... אויסזינגען אויפן לייוונט — אין פאַרבן שטילע ווי אירע פרום־טרויעריגע אויגן, אין ליניען צערטלענדיג־שניידנדיג ווי איר בליק — דעם סודותדיגן צער פון איר פאַרבאָטענער שיינקייט, דעם פיינלעכן וועלקן וואָס איר בליען אַנטהאַלט... איבערדיכטן אין פאַרבן די שקיעה פון אַ זונאויפגאַנג, ווען ווערטער זיינען טויט...

אַ זונשטראַל איז געפאַלן אויף איר פּנים און האָט זיך צעגאָסן אין אַ ליכטיגן שמייכל אויף אירע ליפּן.

— גאָט, ווי הערלעך זי איז! ווי שיין!... האָט ער אומבאַוואוסטזיניג אַרויסגעפּליטערט.

— אַ שאלה צי זי איז שיין?! ס׳איז דאָך עפּעס אונדזער ארץ־ישראל — „ארץ־הצבי״, תנ״כניק איינער! — האָט ליפשיץ זיך אָפּגערופן.

אביגדור האָט אים אָנגעקוקט פאַרווירט.

— כ׳מיין זי... — האָט ער מיט די אויגן אָנגעוויזן אויף דער יונגער נאָנע.

— אַ, אָט דער־אַ?!... מהיכי תיתי, אַ שיין שטיקל מאַטעריע... איר אָבער ליבערשט פּאַלגט מיך און קוקט ניט אויף אַזוינע זאַכן: ס׳שאַדט צו דער ראיה...

זיי האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט און צעלאַכט.

די אַלטיטשקע האָט אויף זיי געוואָרפן אַ מוטערלעך־בייזן בליק:

— אין אַזאַ הייליגער שעה — פאַר די טויערן פון הייליגן לאַנד! — און איר לאַכט...

אַ האַסטיגע כוואַליע האָט אונטערגעשווענקט ס׳שיפל און האָט איר אַ שטאַרקן בויג געטאָן אויף אַ זייט.

— אַהאַ, איר זעט?! — האָט די אַלטיטשקע מיט נצחון אַ זאָג געטאָן — אָט האָט אונדז דער וואָס ס׳איז אין הימל, איבער אייך, שיעור ניט גע־שטראָפט!...

ליפשיץ האָט, ווי אַ פאַרזינדיגט איינגל, זיך צוגענאַזשעט צו איר —

— זעסט, מאַמע, אָט־אַ־דאָ־אַ האָט דער וואַלפיש אויסגעשפּיגן יונה הנביא.

— אוי־וואַ! — האָט זיך די אַלטיטשקע פרום אַ ריב געטאָן די הענט — הייליגע וואַסער!...

ס׳שיפל האָט זיך קונציג דורכגעשיפט צווישן די קרומע האַפן־פעלזן און האָט געצילט צו אַ הויכער שטיינערנער וואַנט, באַוואַקסן מיט בונטן וואַ־

סער־גראָזן. אַ רויטע פאָן מיט אַ ווייסער האַלבע־לבנה האָט געפלאַטערט פון אויבן. אויף די טרעפּ פון פאָרט־הויז איז געשטאַנען אַ זשאַנדאַרם אין אַ גרויען מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ און האָט געקוקט אויף יעדן ביי־אַנגעקו־מענעם מיט געצוואונגענעם חשד און נאַרישער זעלבסטווירדע.

— באַסעבורט! [1] — האָט ער אַרויסגעברומט פון אונטער די הויך־פאַר־דרייטע וואָנצן, און האָט פאַרשטעלט אביגדורן דעם דורכגאַנג.

— המ?

— גיט אים דעם מחזורל מיט דער כפּרה־הינדל אויפן טאָוול... — האָט ליפשיץ אים אַ טיוכקע געטאָן אין זייט, און האָט זיך געמאַכט פאַרטייטשנדיג דעם זשאַנדאַרמס טערקיש. ער האָט דערביי געמאַכט אַזאַ תמימות פּנים, אַז אביגדור האָט שיעור ניט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

— בוקרא! [2] — האָט דער זשאַנדאַרם אַ זאָג געטאָן, צונעמענדיג פון אביגדורן דאָס רויט ביכל.

— ויהי ערב ויהי בוקר — איבער־אַ־יאָר מאָרגן... האָט ליפשיץ פאַר־געזעצט זיין „פרייע איבערזעצונג”, און איז צוזאַמען מיט דער אַלטיטשקער און אביגדור פאַרשוואונדן הינטער די שווערע אייזערנע טירן פון גומרוק.

---

1. פאַספּאָרט.
2. מאָרגן!

# 23

## אונטער בלויע הימלען

אין דעם שטאַלמעסיגן גרויסן שפּייכלער פון גומרוק איז געווען טונקל. אויף די הויכע וואַרשטאַטן און איבער די אָנגעוואָרפענע חפצים זיינען געשטאַנען די שטייער־באַאַמטע, האָבן איבערגעניששטערט און דורכגעטאַפּט יעדן פּעקל, האָבן געגלאָצט מיט די אויגן און געשריען, געיאַכמערט אין דער וועלט אַריין. אַ רעש. אַ געפּילדער. דאָ האָט מען איינעם פאַרביטן אַ טלומיק, לויפט ער אַרום ווי אַ פאַרסמטער אין דעם געדרענג פון צעטראָגענע שרייבערלעך און דערשראָקענע אימיגראַנטן. אַ פּאָר „פריינדלעכע״ אַראַבער העלפן אים כלומרשט אָפּזוכן די אבדה, און ביז וואַנען ער דערקלייבט זיך צוריק צום פאַרנאַנדערגעעפנטן קופערט, פעלט אים שוין פון דאָרט אַ בינטל וועש. ביי איינעם אַ אידן האָבן די באַאַמטע פאַרהאַלטן אַן אַרומגענייט און פאַרזיגלט קעסטעלע, וועלכע ער לאָזט בשום־אופן ניט עפענען. ער שווערט זיך מיט כל־השבועות אַז ס'איז ניט זיינס: דאָס האָט מען דורך אים געשיקט צו אַ קרוב אין ירושלים. זוכט ער אום און בעט זיך מיט די אויגן אַז אימעצער זאָל זיך פאַר אים אויסטענהן. ביים וואַנט שטייט אַ אידענע, ברעכט מיט די הענט און האַלט אין איין חלשן: אַ קינד איז איר אינ'ם טומל פאַרפאַלן געוואָרן פון אונטערן האַנט. אַ הויכער אַראַבער, אין אַ רויטער, ענג־געשטריקטער יאַקע, רעדט אויף אַלע שבעים לשון אויף איין מאָל, העלפט אומגעבעטן אימעצן צו פאַרשנורעווען אַ קאָרב, צורופן אַ טרעגער, און שטעלט באַלד אויס אַ בייניגע לאַפּע: „באַקשיש!״. צווישן צוויי אַראַבישע אַטאַלן ברעכט אויס אַ קריגעריי איבער דער חזקה אויף אַ קונד; און ביז זיי ווערן פאַרטיג צווישן זיך מיט אָפּגעבן זיך „כבוד״ און אויסרעכענען איינער דעם צווייטן זיין יחוס ביזן עלטער־עלטער־זיידן, פאַרכאַפּט דערווייל אַ דריטער דעם פאַרשוין מיטן געפּעק און — יאַללאַ! — אַוועק...

— ליפשיץ האָט מעשה בעל־הבית צוגערופן איינעם פון די באַאַמטע אַן

אַ זייט, האָט אים אַרייַנגעשטופּט אַ זילבערנע מטבע אין יד אַרייַן, און יענער האָט באַלד אויסגעצאַצקעט מיט ווייסן קרייד אַ משונהדיק דריידל אויפֿן געפּעק.

— כשר! — האָט ליפּשיץ פֿאַרטייַטשט דעמדאָזיגן געשריפֿט פֿאַר אביגדורן

— שוין! בודק־חמץ געווען אויף טערקיש...

— מאָדנע פּאַראַנדקעס... — האָט אביגדור באַמערקט — ס'זעט אויס מער ווי אַ יאַריד איידער אַ רעגירונג־אַנשטאַלט.

— שוטה! וואָס מער אומאָרדענונג ביים פּעטער ישמעאל, אַלץ בעסער און געזינטער איז עס פֿאַר אחינו־בני־ישראל. וואָס דער טערק האָט פֿון דער גאַנצער סומאַטאָכע, מאָג דאָס פּאַניע פֿאַרמאָגן; וואָס דאָ גייט אָבער לאיבוד, מאָגן מיר עס ביידע האָבן. ס'איז דאָך אונדזער גאַנץ שטיקל גליק וואָס דער פּעטער ישמעאל ווייסט ניט ווער עס האָט אים געשלייערט; אַניט וואָלטן מיר ניט געהאַט אין גאַנץ ארץ־ישראל כי הוא זה!...

אַ כלאַפּטע טרעגער — באַזאַטלט מיט אונטערגעבעטע זעק און אַרומגע־גאַרטלט מיט דיקע שטריק און אייזערנע רינגען — זייַנען, ווי אַ מחנה בייזע פֿליגן, באַפֿאַלן ליפּשיצן פֿון אַלע זייטן, האָבן געקראָכן איינער אויף דעם אַנדערן, און אין דער שפּאַרעניש שיעור ניט דערשטיקט דער אַלטיטשקער —

— יאַ'כאַוואַדזשאַ!

— יאַ'עפענדי!

— יאַ'מוסיאַ!

— יאַ'אדון!

אביגדור איז געווען נייַגעריק צו זען ווי אַזוי ליפּשיץ וועט זיך אַרויס־מאַכן פֿון דעמדאָזיגן געזעמל. ליפּשיץ האָט זיך אָבער געמאַכט ווי ניט אים מיינט מען דאָס, האָט אויף אַן עכט אַראַבישן אופֿן אַ פֿליגל געטאָן מיט דער האַנט פֿון אונטן אַרויף און האָט אַ סמאָקע געטאָן מיט דער צונג:

— בעדנאַש[1].

די טשאַטע טרעגער איז זיך באַלד צעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער.

— האָסטו שוין געזען אַ קבלת־פּנים אַביסל, וואָס אונדזערע שוועסטער־קינדער האָבן אונדז אָפּגעגעבן?... — האָט ליפּשיץ אַ זאָג געטאָן, נאָכקוקנדיק פֿון דער זייט די אָפּגייענדיקע אַטאַלן, און האָט בשעת־מעשה בגנבה אַ וואונק געטאָן צו איינעם אַ טרעגער וועלכער האָט זיך די גאַנצע צייַט געהאַלטן פֿון דערווייַטן.

פֿאַר זיי איז באַלד אויסגעוואַקסן אַ קליין, דאַר מענטשעלע. אַ לאַנגער טלית־קטן איז אַרונטערגעהאַנגען אויף זייַן מאָגערן גוף ביז צו די באָרוויסע, קרומע פּיסעלעך. אויף זייַן ביינערדיק, קופּער־טונקעלן פּנימל האָט געטליעט אַ פּאָר קלוגע, שוואַרצפֿלאַמיקע אויגן, און איבער זיי האָט אַראָפּגעגלאַנצט אַן

---

1. מ'דאַרף ניט.

אומגעהויער הויכער שטערן. צוויי לאַנגע, נאַכט־שוואַרצע פאות האָבן זיך אַרונטערגעקרייזלט פון אונטער זיין איינגעקנייטשטער פעזקע ביז צו די אַקסלען אַראָפּ. ער האָט אַ ציטער געטאָן מיט דער שיטער־באַוואַקסענער, זייד־פּעדימ־דיגער בערדל, און האָט אונטערטעניג אַ שמייכל געטאָן מיט ווייסע ציין:

— שלום עליכם, אדון! ברוך הבא — ברוך הבא בשם השם...

אביגדור האָט אים טשיקאַווע אָנגעקוקט. ליפשיץ האָט אויפגעכאַפּט זיין פאַרחידושטן בליק —

— ס'איז אַ איד — אַ תימנער איד.

— ברוך השם, יהודי, בודאי! יהודי בעזרת השם יתברך... — האָט דער תימנער אידעלע ווי אַרויסגעזונגען אין אַ נעזלעכן אונטערטאָן.

— יחיה, — האָט ליפשיץ זיך אָנגערופן צו אים — דו וועסט אונדז נאָכ־טראָגן דעם געפּעק צום האָטעל „שרון" אין נוה־שלום.

— בודאי, אדון, בעזרת השם יתברך... — איז געקומען יחיהס פרומער ענטפער, און ער האָט זיך רגע־כמימרא אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט.

— ווייסט איר וואָס? — האָט ליפשיץ זיך פלוצים ווי דערמאָנט — איר וואַרט דאָ אויף, און איך וועל זיך אויף אַ ווײלע אַריבערכאַפּן אַהין און זען אויב איך קאָן עפּעס ניט טאָן פאַר אונדזערע שיף־ברידער. זיי מוזן דאָרט אודאי זיין האַלב־געחלשט פאַר פחד, אונדזערע פנים־חדשותניקעס.

דאָס קליין אידעלע מיטן לאַנגן ארבע־כנפות האָט רירעווודיג צונויפגע־לייגט איין פּעקל אויפן אַנדערן, און איז באַלד געשטאַנען אַ באַלאָדענער אונטער דער שווערער משא. אביגדור האָט זיך גאָרניט געקאָנט צו זאַט אָנקוקן מיט זיינע ספּריטנע באַוועגונגען און מיט דער שטראַלנדיגער פרייד מיט וועלכער ער האָט אַזוי פלייסיג געהויבן די שווערע פּעק מיט אַ „ברוך־השם"...

זיי זיינען אַרויס אויף אַ שמאָלער, שמוציגער געסל. פאַר זיי האָט זיך געטראָגן דער הויכער באַרג משא אויף די דאַרע פיסעלעך פונ'ם זוניגן אידעלע.

— אַ טשיקאַווער אידעלע, אָט דער יחיה! — האָט אביגדור מיט באַ־וואונדערונג געזאָגט צו ליפשיצן, ווען זיי האָבן אַריבערגעיאָגט דעם תימנער, און אַ מעלאָדיש־טרעלנדיג זאָגן האָט זיך געטראָגן פון אונטער דער משא אַרויס — איך וואָלט געוועזן אַ בעלן צו וויסן, וואָס אַזוינס זשעברעוועט ער דאָרט?

— אדרבה, גייט הערט זיך צו.

— זוהר?!...

— יאָ: זוהר. חידושט זיך ניט אַזוי: דאָ אין ארץ־ישראל קאָנען אפילו משא־טרעגער דעם זוהר אויף אויסנווייניג... איר מעגט עס שרייבן דעם טאַטן אייערן; ס'עט אים הנאה טאָן... יאָ, אַ טייערער עלעמענט, אָט די

תימנער! אַזוי ווי איר קוקט זיי אָן, זיינען ביי זיי גאָר קיין עם־הארצים ניטאָ...

און ליפשיץ האָט אים פאַרציילט פון זייער צרהדיגן לעבן אין תימן; פון זייער דחקות און אָרעמקייט דאָ אין לאַנד; וויפל זיי האָבן אויסצושטיין פון זייערע ברידער, די ספרדישע און אשכנזישע אידן, וועלכע האָבן זיי געמאַכט פאַר „די האָלצהעקער און וואַסערטרעגער" ביים פאָלק. —

— און פונדעסטוועגן, — האָט ער צוגעגעבן מיט ברען — וואָלט איר געמעגט זען ווי זיינען דאָס אַלץ מקבל באהבה! מיט וואָס פאַר אַ התלהבות, מיט וואָס פאַר אַ איבערגעבנקייט זיי טוען כל עבודת פרך! עס פלאַקערט אין זיי ממש אַ הייליגע ליבשאַפט צום לאַנד! און האָט איינער פון זיי אַ פרייע מינוט — איז באַלד אַריינגעקוקט אין אַ מדרש, אַ קבלה־ספר, אָדער גאָר געלערנט אויף אויסנווייניג. ס'איז גאָר „לא פסיק פומיה מגירסא"! אונדזערע כלל־טוער האָבן גאָרניט קיין השגה וואָס פאַר אַן אוצר מיר האָבן אין די אידעלעך! און זייער יונגער דור?! איך זאָג אייך——

— שלום, אדון ליפשיץ! — האָט אימעצער איבערגעריסן זייער גע־שפרעך — אַקאָרשט פון דער שיף?

— אָ, שלום, קאַפּיטאַן! — האָט ליפשיץ זיך מיט יענעם אַרומגעכאַפּט. איר'ט זיך הפנים פאַרשפּעטיגט, וואָס? ניט געזאָרגט: מ'האָט זיך, אַ דאַנק גאָט איספּראַווען אַן אייך. קיינער איז, חלילה, ניט פאַרבליבן אויפן ים... און דאָס איז די מאַמע מיינע — האָט ער מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף דער אַלטיטשקער — אַ־יאָ, אַ מלכותדיגע אידענע קיין עין־הרע?... אָט דער יונגערמאַן, מאַמע, איז אונדזער קאַפּיטאַן. ראובני הייסט ער. ווען עס קומט אָן אַ שיף פון גלות און ער איז בשעת מעשה אין יפו, קומט ער דער ערשטער איר מקבל־פנים זיין...

דער תימנער האָט זיך דערווייל אָנגעשפּאַרט מיט דער משא אָן אַ הויכן שטיין, האָט אָפּגעקרעכצט אַ „בעזרת השם", האָט פאַרווישט די שווערע טראָפּנס שווייס פון זיין אויסגעשעפּיצט פנימל און'ט אַרויסגעשעפּטשעט: „כל ישראל חברים..."

— יאָ, און דער איז טאַקי אייערער אַ בן־עיר... — האָט ליפשיץ געזאָגט אַרויפלייגנדיג אַ האַריגע האַנט אויף אביגדורס אַקסל — זייט באַקאַנט: דייכעס——

— ראובני... — האָט דער יונגערמאַן זיך אָפּגערופן און האָט געגעבן אביגדורן אַן אויסגעמאַזאָליעטע האַנט...— רובינאָוויטש — עבדיה דעם שוחטס.

— אָ, בערל! — בערל „מתמיד"!... — האָט אביגדור איבעראַשט אויסגעשריען.

פאַרן דמיון האָבן אויפגעבליצט פאַרשוואומענע אָפּדאַכטונגען:

דער אַלטער בית־המדרש. אַ פאַרמאַרעטער, בלאַסער בחור מיט צעשוי־

בערטע פאות און אַן אויסגעריבענער קאַפּאָטע דרייט זיך דאָרט אַרום ווי אַ שאָטן. טיפע, צעטומלטע אויגן זינקען איבער די אַלטע ספרים טאָג־איין, נאַכט־אויס. די שטאָט גרויסט זיך מיט אים: „ער וואַקסט אַ גאון — אַ גדול בישראל...“ אין אַ שיינעם פרימאָרגן — אַ פינצטערע נייעס: „מ׳האָט אים אָפּגעגעבן... מ׳שיקט אים קיין קרים...“ צום זיידן קומט דער שוחט מיט דער שוחטקע. ער — אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרמרה־שחורהטער, זי — אַ פאַרוויינטע, ברעכט מיט די הענט. מ׳סודעט זיך אין דער שטיל: „נאָך דער שבועה... ארץ־ישראל...“ דער זיידע ציילט געלט פון פדיון־שבויים־זע־קעלע אַרויס. שפּעטער — אַ ליכטיגע בשורה: „ער האָט עוקר געווען — קיין ארץ־ישראל אַוועק“...

אַצינד איז פאַר אים געשטאַנען אָט דער בערל „מתמיד“, אַ שלאַנקער, אויסגעמוסקלטער בחור מיט אַ שמייכלענדיגן, זון־אָפּגעברענטן פּנים און שטו־רעמדיגע אויגן. אַ טשופּרינע שוואַרץ־געקרייזלטע האָר איז אַרונטערגעהאַנ־גען פון אונטער זיין ווייסער לייוונטענער הוט, און אַ רויטער, שטאַרקער האַלדז האָט אַרויסגעקוקט פון דער ברייט־צעשפּיליעטער העמד. ווייסע ציין האָבן אַרויסגעלאַכט צו אים, און ער האָט דערפילט דעם יונגן כוח אין דעם פעסטן דריק פון ראובניס האַנט —

— מיר׳ן צוזאַמען ביי ר׳ יאָשע־בערן געלערנט... לויק, דאַכט זיך...

— מאַכט איר שוין גראָד אַ טעות: איר מיינט מיין עלטערן ברודער. איך בין אביגדור — דער אינגערער.

— אביגדור?! — האָט אים ראובני באַנומען אָנגעקוקט — אָט דער קליינטשינקער אַביגדורל, דעם זיידנס בן־טפוחימל! ווי אויסגעוואַקסן! דאַכט זיך אָקאָרשט־אָ——

— געווען אַ לאָשיקל און אויסגעוואַקסן אַ פערד... — האָט ליפשיץ כלומרשט דערלייגט — פונדעסטוועגן, אַ פיינער בעל־תנ״ך. אויף מיר גע־זאָגט געוואָרן! און אַ בעל־לשון־קודש — טאַקי פון די לעילא מן כל ברכתא־דיגע!

— אָה, משיח־צייטן! — איז ראובני אַריין אין אַ התפּעלות און האָט פאַרריסן די הענט מיט די אַקסלען אין דער הויך. און פאַר דער מינוט איז פאַר אביגדורן ווידער געשטאַנען דער אַמאָליגער בערל „מתמיד“ בשעתן דאַווענען.

— אתחלתא דגאולתא! דייכעסעס אַ בחורל אין ארץ־ישראל! ווען מ׳זאָגט אַזאַ זאַך, אין מיינע צייטן, ביי אונדז אין בית־המדרש, וואָלט מען אָנגעקוקט פאַר משוגע, צי חסר־דעה...

„ווען ער ווייסט אָבער ווי מיר איז דאָס אָנגעקומען...“ האָט אביגדור ביי זיך געטראַכט.

די זון האָט שוין געהאַלטן אין מיטן הימל, און אביגדור האָט דערפילט אויף זיך די טרוקענע ארץ־ישראלדיגע היץ. אַ מידע וואַרעמקייט האָט דורכ־

געגומען זיין לייב. טראַפּנס שווייס האָבן באַשלאָגן זיין שטערן. ער האָט איינ־ציגווייז פאַרנאַנדערגעשפּיליעט די קנעפּלעך פון דער וועסט און האָט לויז גע־מאַכט דעם שטייפן קאָלנער אַרום האַלדז.

— הייסלעך, האַ? — האָט ליפּשיץ אַ פרעג געטאָן, איבערווינקענדיק זיך מיט ראובנין — נישקשה, איר׳ט זיך צוגעוואוינען... הערט זיך איין, חברה: די מאַמע מיינע איז אַביסל אויסגעמאַטערט פון דער נסיעה; וועל איך מיט איר נעמען דעם דעליזשאַנס, און איר מיטן תימנער וועט זיך דורכ־שפּאַצירן ביזן האָטעל. אגב אורחא, וועט איר, קאַפּיטאַן, ווייזן דעם אורח אונדזער כרך, און זעט, פאַר איין גאַנג, צו באַזאָרגן אים מיט אַ פּאָר לייכטע תחתונים: ער שוויצט נעביך ווי אַ ביבער. און, למען השם, רעדט מיט אים לשון־קודש. נישקשה, אַז ער וויל, קאָן ער. נו, להתראות!...

— אַי, אַ איד אַ לץ, אָט דער ליפּשיץ! — האָט ראובני זיך אָנגערופן צו אביגדורן, ווען דער דעליזשאַנס מיט ליפּשיצן און דער אַלטיטשקער האָט זיך אָפּגעטראָגן — ער איז אָבער אַ טייערער איד — כפתור ופרח! מ׳דאַרף אים גוט קאָנען צו זיין ביכלל אים געהעריק אָפּצושאַצן. ער פאַר־מאָגט אַ האַרץ — אַ ים הגדול!...

זיי זיינען אַרויפגעקומען אויפן באַטראַק.

צווישן די ברוין־גרויע, פאַרחורבהטע הייזער האָט זיך געשלענגט די העל־באַזונטע גאַס. פון בידע זייטן, אונטער קויטיגע, צעפּליקטע אי־בערדעקן, האָבן געדוכנט פינצטערע קליטן און האָבן געשלאָגן פון זיך מיטן ריח פון פאַרלעגענע סחורות און הארב־געווירצטע געקעכצן. אַ פּילפּאַרביגע מענטשן־כוואַליע האָט געשטראָמט פון בידע זייטן און אינמיטן גאַס. אַ ווייס־געקליידעטער אַראַבער האָט געטראָגן איבער זיין ברוסט אַ בייכיגע מעשענע האַנטפעסל, האָט צוגעקלונגען מיט קופּערנע טעצלעך און האָט אין אַ הייזעריגן קול באַזונגען זיינע דערפרישנדיגע געטראַנקען. אַ פאַרכלי־נעטער שרייען פון אַן איזל האָט באַגלייט זיין טרויעריג געזאַנג. אַ האַלב־נאַקעטער בעקער־יונג מיט קראַנקע אויגן האָט זיך פאַרבייגעטראָגן מיט אַ לאַנגער ברעט פון פאַרקנאַטענע ברויט־לאַבנס אויפן קאָפּ, און האָט זיך גע־הייסן אָפּטרעטן דעם וועג. אין מיטן געדראַנג האָט זיך דורכגעהעצקעט אַן אַלטער פעלאַך רייטנדיג אויף אַ קליין אייזעלע, און זיינע שטויביגע, לאַנגע פיס האָבן זיך אומגעלומפּערט אומגעוויגט אין דער לופטן. אַ בלינדער בעט־לער, מיט אַ גרינער לעפּפע אַרום קאָפּ און באַלאַגערט פון אַ מחנה פליגן אַרום זיינע בלינדע ווייסלען, האָט געטאַפּט מיטן שטעקן איבערן צעקאַלעטשעטן ברוק זוכנדיג אַ בלינדן וועג אין מיטן העלן טאָג, און האָט געבעטלט זינגענדיג־וויינענדיג. אַרויף גאַס האָט זיך געשלעפּט אַ כלאָפּטע פרויען מיט פאַרשליי־ערטע פּנימער און אין לויזע מלאַיעס, ווי אַ טשאַטע שוואַרצע קראָען אין דער מיטטאָגיגער ליכטיגקייט. אַ שוועד־באַלאָדענער אַטאַל האָט זיך אין זיין גאַנג

אָנגעשלאָגן מיט זיין משא אָן די דורכגייער, און איז באַגלייט געוואָרן פון אַ מבול קללות. אין דעם גאַנצן ערב־רב האָט אַ געל־גרויער קעמל דורכגעשפּאָלטן פאַר זיך אַ וועג, האָט גאוהדיק אויסגעשטרעקט אַ לאַנגן האַלדז איבער אַלץ און אַלעמען, האָט אַראָפּגעקוקט מיט פאַרשלאָפענע אויגן אויף די פאַרשידנאַרטיקע אַנטועכצן פון די צוויי־פיסיקע חיות, און זיין אַרונטערגעהאַנגענע אונטערשטע ליפּ איז פאַרגאַנגען אין אַ לעקישעוואַטן שמייכל... מענטש און בהמה האָבן זיך דאָ, אינ׳ם זוניקן חלל, אויסגעמישט אין איין טומלדיקן קנויל. און אַלץ האָט געשריען, און האָט ווי געוואָלט זיך אַליין איבערשרייען. אַלץ האָט זיך באַוועגט אַזוי בלייאיק־פויל, אַזוי צעפלאָכטן...

אביגדור איז געגאַנגען ביי ראובנים זייט. פון צייט צו צייט האָט ער דערפילט אויף זיך ראובניס וואַכזאַמע האַנט אַוועקשלעפנדיק אים, דאָ — פון אָנשטויסן זיך אָן אַ בלינדן, דאָרט — פון אַרונטערקריכן אונטער אַ קעמל. זיי האָבן גערעדט פון זייער היים־שטאָט פּילעניאָווע. ראובני האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלטע חברים, וועגן די לעצטע געשעענישן דאָרט, וועגן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג צווישן דער יוגנט. זיין העברעאיש האָט געקלונגען נאַטירלעך, לעבעדיק. אביגדורס ענטפערס זיינען געווען קורץ, אומגעדולדיק. ער איז נאָכגעגאַנגען ראובנין ווי אין אַ קאָשמאַר. דער כאַאָס פון דער גאַס האָט זיך איבערגעטראָגן אין זיין האַרצן, האָט זיך פאַרקליבן אין זיין מוח. ער האָט מיט קינדישער באַוואונדערונג און מורא געקוקט אויף אַלץ אַרום: אַלץ איז אַזוי אַנדערש, אַזוי אומקלאָר, אַזוי מעלאַנכאָליש־רירעוודיק; די איינדריקן — ניי, שניידנדיק און אַזוי שנעל־פאַרשווינדנדיק; — גאָרניט צו אויפכאַפּן זיי מיטן געפיל, נישט צו באַנעמען זיי מיטן געדאַנק. אין דעם זוניקן חלל האָט ער געזוכט צו דערפילן דאָס אויסגעגאַרטע, דאָס האַרציק־נאָנטע; צו דערשפּירן אונטערן טראָט דעם געגאַרטן ארץ־ישראלדיקן באָדן. אין קאָפּ האָבן זיך געפלאָנטערט געדאַנקען, פראַגן:

„... איז אָט דער ראובני — דער אַמאָליקער בערל „מתמיד" און דער איצטיקער פּועל — ניט קיין גענוגנדיקער ענטפער אויף דער רעטעניש פון׳ם לאַנד?..."

ביים ראָג גאַס זיינען זיי געקומען פאַר אַן אַראַבישער קאַפע־הויז. פון די אויסגעשלאָגענע טירן האָט געשפּאַרט אַ בלויער רויך. דרויסן, אויף נידעריקע, געפלאָכטענע בענקלעך, זיינען געזעסן אַראַבער פון יעדן שטאַנד און באַרוף, האָבן געזופּט פון קליינע קאַווע־שעלכלעך, מיט כונה געצויגן דעם רויך פון די לאַנגע נאַרגילעס און האָבן געפלוידערט מיט חשיבותדיקן אָנשטעל. די אָפּגעלאָזנקייט האָט פון אַלעמען אַראָפּגעשריען.

— און מיט אָט די פוילע ברואים — האָט ראובני זיך אָנגערופן, קוקנדיק מיט פאַראַכטונג אויף די אַראַבער אַרום דער קאַפע־הויז — האָבן דאָס אונדזערע ערשטע אידישע קאָלאָניסטן געוואָלט אויפלעבן דאָס ניי לאַנד, באַפרוכ־

פערן דעם אידישן באָדן. מיט זיי האָבן מיר, אידישע אַרבעטער, דאָס געזאָלט קאָנקורירן אין אַרבעט־לוין. אַ פֿאַרגלייך טאָקי, אונדזערע הצטרכות און זייערע!...

פון אַ דערבייאיגן דזשאַמע־טורעם האָט זיך געקרייזלט דער רוף פון מואַזין צום מיטטאָגיגן דאַוונען. דער תימנער האָט זיך פֿאַרזיכטיג אומגעקוקט אַרום און האָט בגנבה אויסגעשפּיגן דריי מאָל:

— שקץ תשקצנו...

אביגדור האָט שמייכלענדיג אַרויפגעקוקט צו ראובנין:

— ווי אַמאָל מיר פֿאַרן „נאַקעטן בחור" — דאָרט אין דערהיים...

— אין דערהיים?! — האָט ראובני אים אָנגעקוקט באַנומען — אין חוץ־לארץ — אין גלות — מיינסטו. מהיום־והלאה, חביבי, איז דאָ אונדזער היים! דו ביסט אין ארץ־ישראל...

„דו ביסט אין ארץ־ישראל" — האָט צו אים אַראָפּגעשמייכלט אַ טיף־בלויער, פֿאַרטראַכטער הימל.

# 24

## דאָס געזאַנג פון לאַנד

נאָכדעם ווי ליפשיץ מיט דער אַלטיטשקער זיינען אָפּגעפאָרן אין דער קאָלאָניע, איז אביגדור נאָך פאַרבליבן אין יפו מיט ראובנין, וועלכער איז געקומען אַהין צו באַטייליגן זיך אין דעם דאָרטיגן צוזאַמענפאָר פון די פועלים פון יהודה. ראובני האָט אים אומגעפירט איבער די פאַרשידענע אַרבעטער־ און נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן. אביגדור האָט זיך פון אים דערקונדיגט וועגן די פאַרשידענע ריכטונגען צווישן די ארץ־ישראלדיגע אַרבעטער — זייערע שטרעמונגען, די חלוקי־דעות וואָס האָבן עקזיסטירט צווישן די פאַרשידענע פאַקציעס. ראובניס אויפקלערונגען זיינען געווען גרונטיג, אויספירלעך. זיי האָבן וויברירט מיט וואַרעמקייט, מיט דער באַהאַוונטער פאַרשטענדעניש פון איינעם וועלכער איז געשטאַנען ביי דער וויגעלע פון דער באַוועגונג; וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט איר וואוקס; פון איינעם, וועלכער האָט איר געווידמעט זיינע בעסטע כוחות און האָט געלעבט אין זיין אידעאַל. זייענדיג פּרינציפּיעל קעגן דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל אויף די יסודות פון פּריוואַטן אייגנטום, האָט זיך דאָך געפילט אין זיין יעדן וואָרט אַ פאַרהייליגונג, אַ הייסע ליבשאַפט צו יעדן שפּאַן אידיש־אויסגעלייזטן באָדן.

אביגדור האָט צוזאַמען מיט אים בייגעוואוינט די זיצונגען פון דער ועידת־הפועלים. עס זיינען דאָרט מיט שאַרפער דייטלעכקייט אויפגעשוואומען די פראַגען פון כבוש־העבודה, פון דער נאַציאָנאַליזירונג פונ׳ם באָדן. ראובני האָט פאַרטראָטן די ריכטונג פאַר דער גרינדונג פון אַרבעטער־קבוצות. זיין וואָרט האָט געטראָגן וואָגיגקייט, האָט געהאַט ווירקונג. אביגדור האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די באַריכטן און פאַרהאַנדלונגען. עס האָבן זיך פאַר אים פאַנאַנדערגעוויקלט די פּראָבלעמען וועלכע שטייען־פאָר דעם אידישן אַרבעטער אין ארץ־ישראל, זיינע קאָנפליקטן מיט די אידישע גוט־באַזיצער — די איכרים, — און די פראַגע פון דעם אַראַבישן לוין־אַרבעטער,

וועלכער שטייט ווי אַ דאָרן אויפן וועג פון דעם פּועל. דער קאַשמאַר פון דער אויסערלעכער נייקייט און אינערלעכער פאַרנעפּלטקייט, אַז וועלכן ער האָט זיך אָנגעשלאָגן ביי זיין אָנקומען, האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויסצו־לייטערן. ער האָט גענומען פילן די ריכטונג פון זיין שריט, האָט אויפגעכאַפּט דעם גייסט פון דער נייער סביבה. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ ברייט פעלד פון ממשותדיגער טעטיגקייט, אונדערשעפּלעכע מעגלעכקייטן פאַר פּרוכטבאַרן שאַפן. ער האָט באַשלאָסן אָנצונעמען ליפשיצעס אָנבאָט. ראובני איז דערפון געווען שטאַרק צופרידן:

— ווערסט עס ניט באַדויערן. קיין בעסערן אָרט ווי ביי אים ווערסטו לעת־עתה אין ארץ־ישראל ניט געפינען. איך אַרבעט שוין ביי אים איבער פיר יאָר און איך קאָן דעם אידן. ער איז דיר ניט איינער פון „באַראָנס יורשים“ [1]. ביי די דאָזיגע איז דאָך, אין גרונט גענומען, קיין חילוק ניט — גלות, צי ארץ־ישראל. זיי האָבן, מיט זייער זיין דאָ, זיך קיין דערלייזונג ניט געבראַכט; זיי זיינען דורכדעם מיט גאָרניט אַנדערש געוואָרן: דאָרט האָבן זיי געהאַנדלט מיט הערינג, מיט חזיר־האָר, מיט טריפה בראָנפן; דאָ מסחרן זיי מיט „אידע־לערע סחורה“ — מיט מאַנדלען, מיט מאַראַנצן, מיט כרמל־ווייַן. אָבער, אין תוך גענומען, זיינען זיי פאַרבליבן די זעלבע קליינבירגער, דיזעלבע מנחם־מענדלס. פאַר זיי איז נאָר אַ פראַגע, וויפל זיי קאָנען אַרויסקוועטשן פון אַן אַרבעטער, און ווער — איד, צי אַראַבער — וועט פאַר זיי אָפּשוויצן מער אַר־בעט־שטונדן פאַר אַ נידעריגערן לוין. ליפשיץ, זעסטו, איז שוין לחלוטין אַנדערש! ער איז דער יוצא מן הכלל. ער איז אַ דבר העומד בפני עצמו. ער האָט אַן אינערלעכע באַציאונג צו ארץ־ישראל, צום באָדן, צום אידעאַל פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ער איז איינער פון די גאָר ווינציגע, ביי וועמען אַ אידישער אַרבעטער קאָן זיך פילן אין דערהיים — קאָן פילן אַז ער איז אין ארץ־ישראל...

און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי זיך אויף אייזעלעך אַוועקגעלאָזט אויפן וועג צו ליפשיצן.

ס'איז געווען אַ סוף־פרילינגדיגער טאָג. זיי האָבן זיך דורכגעשניטן צווישן די פאַרשטויבטע צאַבער־פּלויטן פון די אַראַבישע באַיאַרעס, וועלכע האָבן אַרומגעצאַרטלט די שטאָט. פאַר זיי איז געלעגן די שפלה, אַן אָפענע, אַ צעזאָטעמטע. אויף רעכטס האָבן זיך געצויגן די בלענדנדיג־ווייסע זאַמד־בערג פון ברעג ים. אין דערווייט, צום מזרח־צו, האָט, איבער ברייט־צעזייטע פלעקן פון טונקעלער גרינקייט, אַרויפגעקוקט צום לויטערן הימל די גרויע, טיף־געקאַרבטע בערגן־קייט פון די הרי־יהודה. ערטערווייז האָט אַ שיטערער וועלדל פון באַיאַרנטע, קנאַכיגע עלבערטבוימער דורכגעשאָטנט ביים זייט

1. קאָלאָניסטן וועמען דער באַראָן ראָטשילד האָט באַזעצט אויף זיין באָדן.

וועג. דאָ און דאָרט האָט זיך דער וועג דורכגעשלענגלט דורך אַן אַראַבישן דאָרף. פון די ברוין־ליימיגע, פענצטערלאָזע הייזער און כמורנע הויפלעך, וועלכע האָבן געגענעצט הינטער די צערויעטע שטיינער־צוימען, האָט גע־שלאָגן מיטן הארבן גערוך פון געטריקנטע, דורכגעברענטע בהמה־מיסט. איבער די שמאָלע, אויסגעקרימטע געסלעך האָבן מוטער־נאַקעט אומגעפּאַ־דיעט קראַנקאַוויגע קינדער און געמעלה־גרהט צוקער־שטעקלעך און קרענק־לעך־בלאַסן טורמוז. האַרט ביים שליאַך, אינ׳ם שאָטן פון אַ ווילדן פייגנבוים, זיינען געזעסן אַראַבער אין אַ קרייז און האָבן זיך צוגעהערט מיט אָפענע מויל און אויער צו איינעם אין זייער מיט. ראובני האָט זיי באַגריסט:

— נהאַרקום סאַאיד![1]

— נהאַרקום סאַאיד או׳מבאַראַק ביל ראַכמעט אַללאַ או׳באַראַקאַטהו![2] — איז געקומען זייער ענטפער אין אַ כאָר פון שטימען. דער עלסטער צווישן זיי האָט פאַרלייגט די האַנט אויפן ברוסט, איבערן האַרצן, האָט באַרירט דעם שטערן און האָט עס צוגעטראָגן צו די ליפן.

אביגדור האָט זיי אָנגעקוקט מיט געשפּאַנטן נייגער. זיי זיינען אים, דאַכט זיך, געווען באַקאַנט, נאָענט. זיי — ווי די גאַנצע אומגעבונג, דעם הימל, די בוימער — האָט ער שוין וואו אַנומלט געזען. דידאָזיגע הויכשטערנדיגע פאַרשוויגען אין זייערע טלית־געשטרייפטע מאַנטלען האָבן צו אים אַמאָל, אין זיין ווייטער קינדהייט, אַרויסגעקוקט פון די חומש־בלעטער, פון די סוואַרבע־קאַפּיטלען. האָבן זיי זיך סיידן ניט באַגריסט מיט זיי ווי אַלטע באַקאַנטע, ווי ס׳איז געווען דער מנהג ביי אידן פון פאַרצייטן, און געזאָגט צו זיי: „ברוי־דער, מענטשן פון דעם־און־דעם אָרט, זאָל אייער קומען זיין אין שלום!״?... זיינען דאָס ניט צומאָל די זין יעקבס, וועלכע האַלטן אָפּ אַ ראָט וואָס צו טאָן מיט זייער ברודער יוסף, דעם בעל־חלום, וועמען דער אַלטער פאָטער זייערער האָט אַזוי ליב?... און אפשר איז עס גאָר אַ געזעמל נביאים, וועלכע וועלן זיך באַלד אויפהויבן און אָוועקלאָזן איבערן לענג און ברייט פון לאַנד צו פאַרשפּרייטן די נבואה צווישן ישראל?... און דער יונגער פּאַסטוך, וועלכער שטייט דאָרט אַרויף אָנגעלעגט אויף זיין שטעקן און וואַכט איבער דער טשערעדע — ער איז געוויס דער יונגער משה פון מצרים, וועלכער פּיטערט די שאָף פון׳ם מדינישן פּריסטער. אָט וועט זיך באַלד אַ שעפעלע פון דער טשערעדע אָפּרייסן און וועט זיך לאָזן לויפן איבערן מדבר, און ער וועט איר נאָכיאָגן ביז צום קוואַל. און אַז דאָס שעפעלע וועט זיך האָבן אָנגעטרונקען, וועט ער איר מיט רחמים נעמען אין זיינע אָרעמס און, ווי אַן עופעלע, איר צוריקטראָגן צו דער סטאַדע. און באַלד וועט דער דאָרן־קוסט אויפברענען

1. זאָל אייער טאָג ליכטיג זיין!
2. זאָל אייער טאָג ליכטיג זיין מיט דעם חסד פון אַללאַ און זיין ברכה!

אין פלאַמען און ס'וועט זיך הערן פון דאָרט גאָטס שטים: „צי אַראָפּ די שיך פון דיינע פיס, ווייל דער אָרט וועלכן דו באַטרעטסט איז הייליגער באָדן!"...
און אָט נידערן אַראָפּ די טעכטער פון דאָרף — שלאַנקפוסיג און ערעקט, מיט הויכע דזשאַרעס אויף די שטאָלץ־געהויבענע קעפּ — צו שעפּן וואַסער פון ברונעם. באַלד וועט זיך צווישן זיי באַווייזן די באַחנטע רבקה, די טאָכטער בתואלס, מיטן קרוג אויפן אַקסל. ער וועט איר דערקאָנען נאָכן גילדענעם נאָזרונג און די אָרעמבענדער וואָס אליעזר האָט איר געשאָנקען. און אין זיין דורשט וועט ער זיך דערנענטערן צו איר, וועט זיך פאַרנויגן און וועט זאָגן: „טו מיר אָנטרינקען אַביסל וואַסער פון דיין קרוג." וועט זי אים ענטפערן מיידלש־צניעותדיג און וועט זאָגן: „טרינק, מיין האַר, און אויך דיינע קעמלען וועל איך טאָן אָנטרינקען". און זע: ס'איז גאָר הדסל!...
ווער איז דער גריין־גרויער זקן, וואָס קומט זיי אַנטקעגן אויפן וועג? ווי ליכטיג און פאַרטראַכט זיין הויכער שטערן איז! ווי טיף און לויטער זיינע אויגן זיינען! און דאָס יונג קינד, וואָס גייט אים נאָך ביי זיין זייט, טראָגט אַ בינטל צווייגן אויף די קינדישע שפּאָרע אַקסלען. אָ, ס'איז דער פּאָטער אברהם מיטן קליינעם יצחקל אויף זייער וועג צום באַרג מוריה. און ער הערט דאָס קינד פרעגן:
— טאַטע מיינער!
— אָט בין איך, מיין זון.
— אָט איז דאָס ברען־האָלץ, טאַטע, און דער פייער־קבויט און דער שעכטמעסער אין דיין האַנט; נאָר וואו איז דאָס שעפעלע פאַרן בראַנדאָפּפער, טאַטע?
שמייכלט קלוג צו אים אַראָפּ דער אַלטער:
— האָב בטחון, זון מיין: גאָט וועט דאָס אויסדערוויילטע שעפעלע צו־שיקן; אַניט, ווערסטו, מיין קינד, די עולה זיין.
הויבט ס'קינד אויף צום אַלטן זיינע אומשולדיגע אויגן, זייערע בליקן האַלדזן זיך אָ ווײלע שטום, און זיי גייען ביידע ווייטער זייער וועג — שווייגנדיג, מיט פאַרטראַכטע, געהייליגטע טריט...
ווייטער אַראָפּ, אויפן אָפענעם, תבואה־באַלאָדענעם שייער, גייט אַ דרעשער נאָך זיינע פרומע אָקסן. איז עס ניט אַמאָל דער העלדישער גדעון, וועלכער איילט זיך איינצוזאַמלען דעם ווייץ אײדער די מדינים וועלן עס פאַרכאַפּן? און אַז ער וועט פאַרטיג ווערן מיטן דרעשן, וועט ער זיך פאַרקלייבן צום באַרג־שפּיץ פון הר־אפרים, וועט פון דאָרט לאָזן הערן דעם געשאַל פון שופר, און מיט זיינע אויסדערווילטע גבורים וועט ער זיך לאָזן אויף לעבן־און־טויט אָפּצושלאָגן די האָרדעס פון מדין און עמלק... ביים עק־שייער, אונטער אַ וואָלקן פון מעקענע־שטויב, ליגט צעכראַשטשעט איבער די אָנגעלייגטע גאַרבן אַ ברייטבייניגער מאַנספּאַרשוין. דאָס איז דער קראַפטיגער, רייכער פויער

בועז פון בית־לחם, וועלכער שלאָפט זיין בייטאָגיגן שלאָף. און ווען די זון וועט אַראָפּנידערן צום ים, און די קילע אָוונט־שאָטנס וועלן זיך אויסלייגן איבערן שייער, וועט פון צווישן די גילדענע גאַרבן זיך אַרויסשלייכן די איינזאַמע, פאַרחלומטע רות, אָנגעטאָן אין איר יום־טוב־קלייד, אירע פאַרבענקטע אלמנה־צעפּ צעפלאָכטן איבער איר הויכער, כוואַליגער ברוסט. און זי וועט זיך צושאַרן מיט ווייכע טריט ביז צו זיין געלעגער, און מיט ציטעריגע פינגער וועט זי אויפדעקן זיין צופוסן. „דאָס בין איך — רות דיין דינסט. פאַרשפּרייט דעם זוים פון דיין קלייד איבער מיר, און דערלייז מיין עלנד...״ אַזוי וועט אין דער שטיל טריפן דאָס מיידלש געבעט פון אירע פרומע ליפּן; אַזוי וועט אין דער פאַרבאָרגעניש פון דער נאַכט טליען דער ניט־געשטילטער פייער פון אירע שעמעוודיג־אַרונטערגעלאָזטע אויגן — — הדסלס ליפּן, הדסלס אויגן...

אונטער אים האָט זיך דער אייזל אַ האַסטיגן צי געטאָן אויף צוריק, און אביגדור האָט זיך פּלוצים ווי אָפּגעריסן פון אַ ווייטן חלום. דאָס האָט ראובני אים צוריקגעשלעפּט פון פאַרקריכן אין אַ קאַנאַווע —

— מיט אַזאַ רייטן וועסטו גיך קומען צו די אבות! דו פאַרלאָז זיך אויפן חמורס יושר, וועט ער דיר פאַרפירן אין אלף השׁשי!...

אביגדור האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ ניט־דערטשוכעטן שמייכל. זיינע אויגן האָבן צערודערט אומגעשוועבט אינ׳ם בלענדנדיגן חלל, ווי זיי וואָלטן געזוכט צו דערכאַפּן די פאַרשוואונדענע זעאונג. זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט אַן איינטאָניג, אויסגעצויגן געזאַנג. איבערן אָפּזייט פון אַ דערבייאיגן היגל איז אַ פּעלאַך נאָכגעגאַנגען זיין אַקער מיט געמאָסטענע טריט, ווי דער קעמעל וואָס האָט זיך געשלעפּט פאַר אים. זיין מעלאַנכאָליש געזאַנג האָט זיך אומגעוויגט אין דער פאַרחלשטער שטילקייט פון דער אָנגעגליטער פלאַכלאַנד. וואָס זאָל באַדייטן זיין דאָזיגער געזאַנג? באַזינגט ער עס דעם העלדן־לעבן פון זיינע פרומע אורעלטערן, וועלכע האָבן זיך מיט שווערד און שפּיז געלאָזט אויף ביסטרע שקאַפּעס, איבער ווייטע סטעפּן און פעלזיגע בערג, צו אונטערטעניגן די אומגלויביגע פאַרן שליח פון אַללאַ און זיין קאָראַן? אָדער באַוויינט ער אין זיין ליד זיין אייגענעם בידנעם מזל פון פאַרשקלאַפּט זיין ביי זיינע לייבלעכע ברידער, די עפענדיס, צו וועמען דאָס שטיקל פעלד איז פאַרמשכונט פאַר דורות? און אפשר געזעגנט ער זיך אַזוי מיט דער ערד פון זיין געבוירן, וועלכע וועט היינט־מאָרגן אים פאַרפרעמדט ווערן און איבערגיין אין די הענט פון די ניי־אָנגעקומענע אידן פאַר מזומנע זילבער־שטיקער?...

אַ צאַרטער גלעקל־קלאַנג פון אַ דורכגייענדיגן קאַראַוואַן האָט אָפּגעטויבט דאָס טרעלענדיג געזאַנג.

און ווידער האָט זיך געשפּרייט פאַר זיי די שפלה — הפקרדיג, צעפּראַלט. פון צווישן די ווילדע גראָזן, פון אונטער יעדן דערנער־קוסט און שאָטנדיגן

קאַנטור איבערן פּלאַכלאַנד, האָבן פולבלוטיק־רויט אַרויסגעקוקט ווילדע מאָן־בלומען. גליענדיגער רויט איבער אַ זון־באַגליטער גרינקייט.

— דידאָזיגע בלימעלעך — האָט ראובני דערקלערט — הייסן ביי אונדז „דאָס בלוט פון די חשמונאים"; די מאַכמאַדאַנער רופן זיי „דאַם איל נעבי" — ס'בלוט פונ'ם נביא; די נוצרים האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן „די טריט פון דעם דערלייזער".

— הפנים אַז יעדער אמונה — האָט אביגדור זיך אָנגערופן — האָט געזוכט אַן אָ ר ג אַ נ י ש ן צ ו ב ו נ ד צום לאַנד, אַ בלוט־טענה אויפן באָדן, און האָט אויסגעמישט די ווילדע זריעה מיט דאָס בלוט פון אירע הייליגע...

— און פונדעסטוועגן האָט קיינער פון זיי ביז איצט ניט איינגעטונקט אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער צו אָנהאַלטן דאָס חיות פון באָדן, צו באַפרוכפּערן דאָס הייליג לאַנד. אָט שפּאַנען מיר שוין איבער די שטרעקן פון יהודה אַ קימאַ־לן פון אַ דריי שעה צייט, און וואָס האָסטו פאַר דיר אָנגעטראָפן? — בור![1] — דערפער און גערטנער וועלכע טראָגן נאָך אויף זיך דעם שימל פון מיטלאַלטער; פרימיטיווע באַוואָסערונג, שמוץ, קיין סימן פון איניציאַטיוו, פון אַרבעטזאַמקייט. דרייצן־הונדערט יאָר אַז דאָס לאַנד שמאַכט אַזוי אין פוילן שלומער! און ווער ווייסט, ווי לאַנג נאָך זי וואָלט אַזוי געשמאַכט, ווען ניט מיר — אידן אָפּגעריסענע פאַר דורות פון דער מאַמע־ערד, אָפּגעפרעמדטע פון געזונטן נאַטור־לעבן — וואָלטן זיך מיט גוואַלד ניט צוגעוואָקסן צום באָדן?! ווען מיר, מיט אונדזער דורות־לאַנגער בענקשאַפט און האַרטנעקיגער עקשנות, וואָלטן ניט געעפנט די קוואַלן פון שפע, וועלכע ליגן פאַרבאָרגן אונטערן שטויב... מיר אידישע אַרבעטער האָבן ממש מיט צאָן און נאָגל אויפגעריסן יעדן שפּאַן פון שטייניגן באָדן, האָבן עס באַטרונקען מיט אונדזער שוויס און בלוט, און האָבן פון אַ מדבר אַ גן־עדן געמאַכט. א ו נ ד ז האָט דער נייער ישוב צו פאַרדאַנקען פאַר דער מסירת־נפשדיגער פּראַצע, וועלכע האָט באַלעבט און באַפרוכפּערט יעדן גרין ווינקל. און אונדזער באַלוין פאַר דעם אַלעם? — דער שטענדיגער גערא־נגל, דער שטענדיגער קאַמף פאַר דאָס רעכט צו אַרבעטן — פאַר דער געלעגנהייט צו אָפּפערן זיך. צוערשט, דער קאַמף מיט די אַראַבישע לוין־אַרבעטער; דערנאָך, דער שטרייט מיט אונדזערע אייגענע ברידער, די קאַלאָניסטן, וועלכע האָבן דערהויבן די געמישטע אַרבעט צו דער שטופע פון אַ כלומרשטן אידעאַל: „לעבן אין שלום מיט די שכנים"... האָבן איינגעוויקלט די טומאה אין דער יראה!...

אביגדור האָט זיך פאַרנומען צו באַפרעגן ראובנים לעצטע באַהויפּטונג, נאָר דאָ האָט זיך פון דער אַרומיגער העלקייט אַרויסגעוויקלט פאַר אים אַ

---

1. אונבאַאַרבעטער לאַנד־שטח; סטעפּ.

מיראַזש פון זאַפטיגער גרינקייט. אַ לאַנגע שורה עקאַליפּטוס־בוימער ביים ראַנד פון אַ גראָבן האָט דורכגעקרייצט דעם וועג.

— פון דאַנען־אָן — האָט ראובני אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער דער לענג פון דער בוימער־שורה — הויבט זיך אָן אונדזער באָדן. יעדער שפּאַן ערד, יעדער גראָז־בלעטל, וואָס דו וועסט איצט אָנקוקן, איז אונדזערס...

— אונדזערס... אונדזערס... — האָט אביגדור שטיל נאָכגעפּליסטערט, און אַ טיפע פרייד האָט אים אַרומגענומען. זיינע אויגן האָבן זיך געבאָדן אין דער שאָטנדיגער גרינקייט פאַר אים. איבער די ווייכע קאָנטורן האָבן זיך געשפּרייט צעוואָקסענע וויינגערטנער און פּרדסים. איבערן אויג־פאַרכאַפּנדיגן שטח האָבן געטונקלט פּרוכפּערדיגע בוימער און קוסטן אין גראַדע איבער־געקעסטלטע שורות. דאָ און דאָרט האָט פון דער גרינער טונקלקייט אַרויס־געקוקט דער אויבערשטער טייל פון אַ ווייס־געקאַלכטער הויז אונטער אַ רויטן דאַך. פון איבער די אַקאַציע־פּלויטן האָבן זיך געטראָגן מונטערע געזאַנגען. ס'האָט אַ שלאָג געטאָן מיטן באַרוישנדיג־שאַרפלעכן אַראָמאַט פון יונגע ציט־רינען.

זיי זיינען פון די אייזעלעך אַרונטער. אביגדורס בליקן האָבן זיך ווי צוגעשמידט צו צוויי שלאַנקע ציפּריסן, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים שליאַך־גראָבן און האָבן אַרויפגעחלומט צום הימל. ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אין זייער שאָטן און האָט זיך ליידנשאַפטלעך צוגעדריקט צו דער ערד. זיינע ליפּן האָבן זיך צוגעזויגן צום באַליבטן באָדן אונטער זיי:

— אונדזערס... אונדזערס...

ראובני האָט זיך פון דערווייט באַגריסט מיט עטלעכע פּועלים וועלכע זיי־נען געשטאַנען ביזן גאַרטל ביי דער אַרבעט. אַ מיידל מיט אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ האָט זיך געשווינט דורגעטראָגן צווישן די ביימלעך פאַרביי זיי —

— שלום, קאַפּיטאַן! — האָט זי שטיפעריש אַריבערגעשריען צו ראובנין — שוין צוריק? קומט לייגט צו אַ האַנט צו דער אַרבעט!

— אָ, שלום, תמרה! כ'האָב אַ גאַסט מיט מיר. קום אַהער אַ ווײַלע.

— כ'בין פאַרנומען. מיר האַלטן אין מיטן באַוואַסערן...

אביגדור האָט זיך אָנגעשטרענגט צו דערכאַפּן איר אָנבליק, נאָר אַלץ וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט איז דעם זוניגן שמייכל, וואָס האָט אויפגעשיינט אויף אירע ליפּן, ווען זי איז אַזוי בויגיק־פלינק פאַרשוואונדן צווישן די בוימער. איר מיידלש־שפּילעוודיג קול איז נאָך אַ לענגערע ווילע נאָכגעהאַנגען אין דער לופט.

— דאָס איז ליפּשיצעס בת־יחידה; — האָט ראובני געזאָגט, ווען זיי האָבן זיך פאַרנומען אין דער אַלעע וואָס האָט געפירט אין דער קאָלאָניע — אַ בחורטע ווי אַ צעדערבוים! אַן אמתע ארץ־ישראלדיגע פּרילע! ווי דו

קוקסט איר אָן, איז זי אַ שילערן אין דער יפור גימנאַזיע; נאָר ווען ס׳קומט צו אַרבעט, קאָן זי זיך פאַרמעסטן מיט צען מאַנספערשוינען. ביי זיין אַפּפּאָר האָט ליפשיץ איבערגעלאָזט די גאַנצע בעל־הבתישקייט אויף אירע הענט. און לאָמיר דיר זאָגן, חביבי, אַז זי האָט ניט געטאָפּט קיין וואַנט. אַ סך פון אונדזערע אַזויגערופענע „איינגעפונדעוועטע קאָלאָניסטן״ האָבן זיך געמאָגט קומען ביי איר לערנען ווי אָנצופירן די אַרבעט, ווי צו באַגיין זיך מיט מענטשן — אַרבעטער, אָדער ניט־אַרבעטער. זי איז דיר ניט קיין אויסגעווייקטע בת־יחידקע פון אַ תל־אביבער קליינבירגער, אָדער אַ „באַראָנס איניקל״ מיט אַ פאַרריסענעם נאָז. זי איז אַ מויד מיט אַן אינערלעכער צוגעבונדקייט צום באָדן, מיט אַ געזונטער הדרכה. זי ווייסט פון וועלכן זייט אַ בוך עפנט זיך, קאָן האַלטן אַ פּיאַש[1] אין דער האַנט, און קאָן זיך גאַנץ לייטיש באַגיין מיט אַ שטיקל כלי־זיין. שוין גאָרניט פון די שרעקנדיגע!... מיט אַ קאָרגן יאָר צוריק, ווען די שוועסטערקינדער אונדזערע פון דעם שכנותדיגן דאָרף האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרכאַפּן די טשערעדע, האָט זי אַריינגעשטעקט דעם נאַגאַן[1] אין גאַרטל, האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דער שקאַפּע, און האָט זיך אַוועקגעלאָזט פאָראויס מיט די יונגען, און האָט באַוויזן וואָס זי קאָן... אין דער צייט פון בציר, ווען ס׳פעלן אויס הענט צו דער שמירה, טוט זי זיך אָן מאַנסביליש און לאָזט זיך אַוועק מיט חברה צוגלייך באַוואַכן די כרמים אין דער נאַכט. און אַך־און־וויי איז צו דעם אַראַבער וואָס פאַלט אַריין אין אירע הענט! ער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן פון צו קריכן גנבענען טרויבן אין אַ אידישן ווײַנגאָרטן... אַז עס קומט צום אויסטענהגען זיך מיט די חברה, האָט זי אַ מענה־לשון, וואָס וועט פאַרשטעקן ליפשיצן אַליין אין גאַרטל. זי ווייסט ווען צו נוצן אַ הויך וואָרט און ווען צו שליסן סוכבע[3]. אַ בחורטע — אַ דזשעדאַ![4] פול מיט לעבן, מיט ברען, און ס׳איז טאַקי דאָ אויף וואָס צו קוקן אויך... אַ שטיק זמרת־הארץ — ווי דו זאָלסט עס ניט טייטשן...

אביגדור האָט זיך עטלעכע מאָל אינסטינקטיוו אומגעקוקט אין דער ריכטונג וואו די מיידל, פון וועלכער ראובני האָט מיט אַזאַ באַגייסטערונג דערציילט, איז פאַרשוואונדן. נאָר אַלץ אַרום איז שוין לאַנג געלעגן איינגעשלאָסן אין די אָרעמס פון דער דערפרישנדיגער גרינקייט. אין דער טיף פון די אַרומיגע פּרדסים האָט זיך געהערט דאָס גיסן פון וואַסער אַרום די בוימער און דער טעמפּער אָפּהילך פון גראָבאייזנס איבער דער באַטרונקענער ערד.

אַריינקומענדיג אין ליפשיצעס הויף, האָבן זיי געטראָפן דער אַלטיטשקער אומפּאַדיען אַרום שטוב. פאַר דער קורצער צייט, וואָס זי איז דאָרט געווען,

---

1. גראָבאייזן.
2. פּיסטאָלעט.
3. פריינדשאַפט.
4. אַ כוואַט.

האָט זי באַוויזן צו מאַכן זיך היימיש, און איז איצט געשטאַנען מיט אַ פולן פאַרטוך מיט ברעקלעך און האָט גערופן צו זיך די עופות פון צווישן די גרינס־בייטן:

— ציפ־ציפ־ציפ! אַהער קומט, צו אַלדי גוטע יאָר! וואָס האָבן זיי זיך דאָרט פאַרשטעקט צווישן די בייטן?!... אַ קיש, דו שוואַרצוכע, דו! שטענדיג איז זי די ערשטע, די פרעסערקע... ציפ־ציפ־ציפ!

— איר רעדט צו זיי ליבערשט לשון־קודש, באַבינקע, וועלן זיי אייך גיכער פאַרשטיין; — האָט ראובני זיך אָנגערופן — דאָס זיינען ארץ־ישראלדיגע עופות...

— זיי פאַרשטייען מיר, אַ דאַנק גאָט, אויף מיין לשון אויך. מיט אַן עלטערער אידענע מאַכן זיי קיין מחזקות ניט — אַבי מ׳קאַרמעט זיי. וואָלט איך נאָר אַזאַ דאגה געהאַט מיט מיין אייניקל — מיט תמרהן — זאָל געזונט זיין. כאָטש פאַרשטיין פאַרשטייט זי הפּנים, קיין עין־הרע, גאָר נישקשה; נאָר אַז ס׳קומט צום ענטפערן, איז זי ווי, להבדיל, אַ שיקסע רעדט אידיש.

— אַבער אַ וואויל מיידל — אַ־יאָ, באַבינקע?

— שייך וואויל? קיין עין הרע, אַ טייער קינד. אַזאַ יאָר אויף אונדז אַלעמען! נאָר ס׳לשון, ניט פאַר קיין אידן געדאַכט, הרגעט אַלץ אַוועק... וואָס זע איך? — איר האָט טאַקי געבראַכט דעם פילעגאַוועער בחורל?! אָט לויף איך שוין אָנזאָגן מיין חוהן. יענע וואַרט שוין אויף אים ווי אויף משיחן...

— זייט זיך ניט מטריח, באַבינקע: מירן טרעפן דעם וועג אין שטוב אַריין.

— נו, טאָ גייט שוין, גייט געזונטינקערהייד. איכ׳ל מיר דערוויל אָנקאַרמען די הינער... חוה! חוה! גאָט ליב דיר מיט דעם גאַסט!

חוה ליפשיץ איז זיי אַנטקעגן געקומען אויף דער טעראַסע. איר פּנים — די גוטסקייט אַליין.

— שלום, שלום! אָט דאָס איז ער טאַקי?! אַך, אַן אַנגעלייגטער גאַסט! ווען מיין עליע האָט מיר דערציילט וועגן אייך, האָט זיך מיר גאַרניט געוואָלט גלויבן, און אָט זענט איר טאַקי דאָ. קומט אַריין! איר מוזט אודאי זיין אויסגעמאַטערט: אין אַזאַ חמימה געקומען צורייטן פון שטאָט. אַי, אַ גאַסט! זעצט זיך. אפשר דערווייליע אַ קאַלטן טרונק?... מיין עליע דאַרף באַלד זיין צוריק... אָט גיי איך שוין גרייטן צום טיש. איר זענט אודאי הונגעריג. אָט אין אַ דזשאַרע מיט קאַלטן וואַסער. טרינקט עס לאַנגזאַם...

און חוה האָט אומגעפלאַטערט אויסער זיך, מיט אירע דריבנע טריט, פון קיך צו דער וועראַנדע, און צוריק אין עס־צימער און באַלד ווידער אויף דער וועראַנדע. זי האָט עפּעס געפּרעגט, האָט זיך ניט דערוואַרט אויף אַן ענטפער, און איז ווידער פאַרשוואונדן אין קיך. אביגדור האָט זיך צוגעקוקט

צו דער רחבותדיקער, קילער הײם, האָט אַרױסגעקוקט צום אײנגעפֿונדעװעטן הויף. ס'האָט אָפּגעהויכט מיט רואיקייט, מיט באַשיידנקייט. ראובני איז אַרויס אין הויף צו באַזאָרגן די אייזעלעך. באַלד איז אָנגעקומען ליפשיץ, און אין ווײלע אַרום — תמרה.

— דאָס איז מײן טאָכטער — תמרה... — האָט גברת ליפשיץ איר פאָר־געשטעלט — און דער גאַסט אונדזערער איז אדון דייכעס. ער איז געקומען צוזאַמען מיטן טאַטן פון חוץ־לארץ. ער איז אַ זון צו איינער פון די בכבודיגסטע משפחות ביי אידן!

תמרה האָט אים באַגעגנט מיט אַ זאָרגלאָזן שוואונג פון איר מיידלשן קערפּער, מיט אַן אָפענעם פּנים, און האָט אים וואַרעם און פול אַ דריק געטאָן די האַנט:

— ס'פרייט מיר אייך צו קענען. נישט אַמאָל נאָך אַ איד מיט אַ יחוס־כתב?... — האָבן אירע לעבהאַפטיגע, שוואַרצבליציגע אויגן זיך דורכגע־טראָגן פון איר מוטער צו אים — געקומען אַרבעטן, צי לערנען?

— ניין, זינגען שיר השירים... — האָט ליפשיץ פאַר אים געענטפערט — האָב דרך־ארץ פאַר אים, תמרה: איך בין שטאַרק חושד, אַז דער איד איז זיך עוסק מיט שוואַרצע פינטעלעך אין קורצע שורות...

— אָ, אַ משורר פון גאָטס גענאַד?! דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין. לאָמיר האָפן, אדון דייכעס, אַז אין אייך וועט די יונגע ארץ־ישראלדיגע לי־טעראַטור ענדלעך געפינען דעם דיכטער, וואָס פאַרדינט דעם באַרוף. בטלנותדיגע גראַמען־פלעכטער האָבן מיר ביי אונדז אין ארץ־ישראל אָנ־געפּלאָדיעט די־והותר...

— שוין? מ'האָט שוין גענומען דעם פּנים־חדשות אויפן צימבל? — איז ראובני אַרײנגעקומען אין דער מיט — ביסט נעביך אַרײנגעפאַלן אין די ריכטיגע הענט, חביבי!

אביגדור האָט מיט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל אויפגענומען דעם לייכטן שפּאַס, וואָס איז געפאַלן אויף זיין חשבון. זיין בליק האָט געוואַכט איבער תמרהן, אויף איר שיין־ענטוויקלטער, בויגזאַמער פיגור, אירע שפּילעוודיג־רייצנדיגע באַוועגונגען. ער האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט איר זון־באַקושטן, חנעוודיגן פּנים, אירע ענערגיש־קוואַליגע אויגן, אירע פאַרטראַכטע, שוואַרצ־כוואַליגע לאָקן. ער האָט זיך געפּלייסט צו דערמאָנען וואו ער האָט דידאָזיגע פּרויען־געשטאַלט באַגעגנט. ווען האָבן צוערשט דידאָזיגע טיפע, שוואַרצע אויגן צו אים אַרויפגעקוקט? ווען האָט ער פאַר זיך געזען דעמדאָזיגן גלאַטן שטערן, די שאַרף־געשניטענע ליפּן? איז עס געשען אויף דער וואָר? און אפשר איז זי גאָר דערשינען צו אים אין חלום — מיט אַ קרוג אויפן אַקסל, ערגעץ ביי אַ שטילן קוואַל... אָדער מיט אַ שווערד אויף אירע לענדן און מיט

דעם אַרונטערגעשניטענעם קאָפּ פון אַ בייזן שונא אין אירע הענט, ערגעץ פאַר אַ באַלאַגערטן שטאָט־טויער...

גברת ליפשיץ האָט זיך באַוויזן אין טיר —

— זעט נאָר ס׳אַר אַ קבלת־פּנים מ׳גיט עס אַן אורח וואָס איז אָקאָרשט געקומען! ווי דער טאַטע, אַזוי די בת־יחידה... נו קומט שוין צום טיש, קומט! נעמט זיי ניט ערנסט, אדון דייכעס: זיי האָבן הנאה פון טרייבן לצנות. זיי קאָנען זיך נעביך ניט העלפן. און ער, דעם פילענאָווער שוחטס קדיש, איז אויך אין קאָן. שעמען מעגט איר זיך!... גייט שוין אַמאָל צום טיש! אַ מענטש קאָן דאָך ביי אייך פאַרהונגערט ווערן... פאַר אייך, ראובני, האָב איך צוגעגרייט אַ געריכט מיט אַביסל מילכיגס — געמאַכט באַזונדער פאַר אייך.

— באַזונדער פאַר אים?! — האָט די אַלטיטשקע נשתומם אַ פרעג געטאָן

— וואָס איז, חלילה, דער מער מיט אים — פּילט ניט מיט אַלעמען?

— ער עסט ניט קיין צער־בעל־החיים, דער קאַפּיטאַן אונדזערער.

— עסט ניט קיין צער־בעל־החיים, טאַ־טאַ־טאַ! אַזאַ פוכקע־לבבות גאָר! און איך האָב שוין געמיינט, אַז ער איז, חלילה, ניט זיכער מיט דער כשרות פון דיין טעפּל. אַ קשיה אויף אַ מעשה — דאָ אין ארץ־ישראל...

זיצנדיג ביים טיש האָט אביגדור דערפילט אויף זיך אַ פאַר וואַרעמע, דורכדרינגנדיגע בליקן. ער האָט מיט אומבאַהאָלפענעם זעלבסטבאַוואוסט־זיין געפּרואווט זיי אויסמיידן, און האָט געקוקט אַן אַ זייט. ער האָט אָבער באַלד דערשפּירט ווי דידאָזיגע בליקן פאָלגן נאָך זיין יעדע באַוועגונג, דרינגען אַריין ביז זיינע טיפסטע טיפעניש. ער האָט זיך דערפילט אונבאַקוועם און האָט אַרויפגעקוקט אין זייער ריכטונג. זיינע אויגן האָבן זיך אויפגע־טראָפן מיט תמרהס, און ער האָט ווי ניט געקאָנט מער אָפּרייסן זיינע בליקן פון איר. —

„ז מ ר ת ה א ר ץ — האָט ער געטראַכט — ד אָ ס ג ע ו ו י ק ס פ ו ן ל אַ נ ד, ד אָ ס ג ע ז אַ נ ג פ ו ן ל אַ נ ד...“

# 25

# אויף די פליגל פון חלום

„הדסל טייערע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — „

— — — — — — — — — — — — — — ?

„ביין! עס איז מיר דאָ גאַרניט פאַרענטפערט געוואָרן. איך בין געקומען אַהער אָנגעפּיקעוועט ווי אַ מילגרוים מיט ספקות און אַפּפרעגונגען, און ווי נאָר איך האָב געשטעלט מיין פוס אויפן ארץ־ישראלדיגן באָדן, זיינען זיי מיטאַמאָל צעשוואומען ווי אַ וואָלקן אונטער דער ליכטיגער ארץ־ישראל־זון. אַט די אַלע צווייפלען און אומרוען, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, ערשט נעכטן געעגבערט מיין האַרץ און מוח, זיינען זיך צעגאַנגען ווי אַ רויך, און ס׳איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבן. איך זע אַרום זיך נאָר די העלע, פריידיגע ליכטיגקייט, און פרעג זיך אַליין, צי מיין גאַנצער גרויער נעכטן איז ניט געווען מער ווי אַ חלום...

„אָפט, אין שעהן פון פאַרקלעמונג, דאַכט זיך מיר אויס, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער ווי אַ מעשה־שטן: אַז דאָס האָבן זיי זיך נאָר צייטווייליג ערגעץ־וואו פאַרשטעקט ווי די פלעדערמייז און לויערן פאַר מיר. עס דוכט זיך מיר אָפט, אַז איך בין ווי דורך אַ כישוף פאַרטראָגן געוואָרן אין אַ לאַנד פון חלומות, און דאָס האַרץ ציטערט פאַר פחד אַז איך זאָל זיך פלוצים אויפוואַכן און זיך ווידער אָנשטויסן אָן מיין ביזאהעריגער נישטיגער ווירקלעכקייט... אַבער דערווייל איז עס אַ שיינער חלום, אַ זוניגער טרוים!

„נ ס י ם? —

„יאָ! דו קאָנסט לאַכן פון מיר; אָבער זינט איך בין אָנגעקומען אַהער, האָב איך אָנגעהויבן צו גלויבן אין נסים. זיין אין ארץ־ישראל און ניט גלויבן אין נסים, מיינט זיין בלינד צו זיך אַליין. דאָ מוזטו גלויבן אין דעם! דו אָטעמסט דעמדאָזיגן גלויבן איין מיט דער לופט, זויגסט עס איין אין דיין בלוט מיט די

זונשטראַלן; זיי געשעען דאָ פאַר דיינע אויגן אויף יעדן טריט און שריט, אין יעדער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט.

„איז סיידן אונדזער גאַנצער נייער ישוב אין ארץ־ישראל ניט אַ נס? פאַר יאָרן הונדערטער האָט אַ לאַנד געשמאַכט און איז פאַרוויסט געוואָרן. איר באָדן איז פאַרשטיינערט געוואָרן און אירע פלאַנצן האָבן געוואָקסן ווילד. פון באַרג און טאָל האָט דער שימל פון פאַרלאָזנקייט אַראָפּגעווינט. וועגן זיינען פאַרגעסן געוואָרן, שטעט זיינען פאַראַבלט געוואָרן. וואו־ניט־וואו האָבן זיך אומגעשלייעט אין דעם פאַרהיילטיגטן שטויב אַ הייפל כותל־מערבי־קראַצער און בלינדע קברים־מעסטער, וועלכע האָבן באַהעפט דאָס לעבן מיטן טויט דורך תהילים־זאָגן און צינדן יאָרצייט־ליכט פאַר רייכע בעזדעטניקעס... זיינען געקומען אידן פון אַלע פיר עקן וועלט און האָבן דעם ים איבערגעשפּריזט; האָבן זיך דאָ אויסגעהונגערט און אויסגעפיבערט, און האָבן מיט עקשנות־דיגן ווילן אויף באַרג און טאָל די קוואַלן פון ברכה אויפגעשפּאָלטן. פעלזן פון זייער לאַנגיאָריגן שלומער האָבן זיי אויפגעריסן, און האָבן באַפרוכפּערט און באַגרינט דעם זאַפטיגן באָדן אונטער זיי. זיי האָבן פאַרגיפטיגטע זומפּן אויסגעטריקנט און געזונט געמאַכט, וויסטעניש אין אַ גן־עדן פאַרוואַנדלט, און פון יעדן טאָג אַ יום־טוב געמאַכט. אַצינד, ווען דו הויבסט אויף דיין אויג איבערן גאַנצן לענג פון לאַנד און איבער איר ברייט — פון דן ביז באר־שבע, פון ים־הגדול ביז איבער די בערג פון מואב — און וואו דיין בליק זאָל ניט פאַלן, וועט אויפבליען פאַר דיר אַ אידישער ישוב, וועלכער גרויסט זיך אין פרייד און גאָטס ברכה, עס קייטלען זיך וועגן פאַר דיר — וועגן זוניגע, באַלעבט פון אידן זינגענדיגע, וועלכע טראָגן די שפע פון דער ערד. פעלדער, וועלדער — די פרוכט פון אידישער פראַצע. יעדער מושב — אַ קוואַל פון דערמונטערונג, אַן אָנזאָג פון גאולה; יעדער ניי־אויפגעלעבט ווינקל — אַ לאָרבער קראַנץ אויף אונדזער קאָפּ! און וועמענס הענט האָבן דאָס אַלץ געשאַפן? — הענט פון אידן קלויזניקעס, איבערגעוואַקסענע קעסט־קינדער, די פינגער פון דריבנע קרעמערלעך, פון מה־יפית־טענצער ביי יעדן לאַדע־פריץ. אידען וועלכע האָבן קיינמאָל קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער ניט אַריינגעשטעקט. אידן וואָכעדיגע האָבן דאָ אַ יום־טוב אָנגעצונדן! אידן גלותדיגע האָבן אַהער אין זייער שויס אַ גאולה געבראַכט! וואָס וועסטו דאָס אָנרופן, אויב ניט אַ נ ס?!...

„און תל־אביב?!...

„צי מיר זיינען יאָ איינפערשטאַנען מיטן געדאַנק פון איר אויפבוי, צי ניין, אָבער צוגעבן מוז מען, אַז איר עצם קיום איז אַן איבעררעשנדיגע דערשיינונג און אַ שטוינענדיגער פאַקט. מאַל דיך: מיט קנאַפּע אַכט יאָר צוריק איז דאָ ניט מער ווי זאַמדיגער שטח געווען. געדרעמלט האָט דאָ מדבר זיין אייביגן שלאָף אויף אַן אויסבעט פון זאַמד־בערג. ס'האָט קיין געוויקס און קיין לעבעדיג באַשעפעניש קיין וועג אַהער געפונען; און וואָלט, דורך אומ־

באַוואוסטע וועגן, אַ בעל־חי אַהער פֿאַרבלאָנדזשעט, וואָלט ער געוויס פֿון הונגער און דורשט אויסגעגאַנגען. עס האָט אפֿילו דערווילדער אַראַבער זיין פֿוס דאָ ניט געוואָלט שטעלן... זיינען געקומען אונדזערע מנחם־מענדלס, אונזערע מעקלערלעך און דרייקעפּ, און האָבן דאָ ברונימער געגראָבן און קוואַליגן וואַסער פֿון ערד־בויך אַרויפֿגעבראַכט. דאָ, אין דעם זאַמדיגן באָדן, האָבן זיי פֿונדאַמענטן געלייגט, גאַסן אויסגעפּלאַסטערט און אַ שטאָט — אַ חלום אויסגעבויט. דו שטעלסט דיין טראָט אויף איינע פֿון אירע גאַסן, און דו דערזעסט פֿאַר זיך גראַדע שורות פֿון ווייסע הייזער, איינע שענער פֿון דער אַנדערער, וועלכע הילן זיך אין אַלעען פֿון אַלעאַנדער און ציפּריסן. עס ברויזט דאָס נייע לעבן אַרום דיר. עס שאַלט־אַרויס די פֿרייד פֿון יעדן פֿאַרבייגייער. עס שטראָמט מיט פֿרילינג און יוגנט אויף אירע בולוואַרן. און דו שטייסט און שטוינסט: דו דערמאָנסט זיך, אַז ערשט ניט לאַנג צוריק איז דאָ אַ מדבר געווען; דו ווייסט וועמענס הענט האָבן דידאָזיגע שטאָט אויפֿגעבויט; דו פֿילסט מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד אירע גרונטשטיינער זיינען געלייגט געוואָרן; און דו וואונדערסט זיך און דו פֿרעגסט: פֿון וואַנען האָט זיך צו אונדזערע בעלי־חלומות, צו אונדזערע ווינטמענטשן, גענומען אַזויפֿיל סטיל?! ווי קומט צו זיי אַזאַ עסטעטישער געשמאַק, אַזאַ פֿאַרנעם, אַזאַ ליבשאַפֿט צו בוימער און בלומען. און — צווישן אונדז גערעדט — אַזאַ ריינקייט?!... און דו ווילסט זיך איינריידן, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ מיראַזש; אַז דיינע אויגן זעען נאָר אַ וויטן חלום; אָבער טיף אין האַרצן ווייסטו, אַז ס'איז אַ ניכטערע ווירקלעכקייט און — אַ נס...

„און ווי קאָנסטו זיך העלפֿן און ניט גלויבן אין נסים, ווען דו זעסט פֿאַר זיך אָט דעם ראובנין?! דו געדענקסט אים נאָך אודאי: בערל עבדיה דעם שוחטס. אָט טאַקי דער פֿאַרמאָרעטער בחור מיט שעמעוודיגע אויגן, וועלכער האָט קוים כוח געהאַט צו דערטראָגן די גמרא פֿון בית־המדרש אַהיים. ווען דו זעסט אים אַצינד, וואָלסטו דיינע אייגענע אויגן ניט געגלויבט! שלאַנק ווי אַ צעדער, געזונט און פֿול מיט לעבן; אַ גבר מיט דער תמימות פֿון אַ קינד און מיט דער חכמה פֿון אַ זקן. און אומעטום איז ער פֿול, אומעטום איז ער נוצלעך, און אומעטום ברענגט ער אַריין דערמוטיגונג און התלהבות. וואָלסטו זיך ווען געקאָנט פֿאָרשטעלן אַז אָט יענער בערל „מתמיד", ווי מיר האָבן אים געקאָנט, זאָל ווערן פֿאַררעכנט צווישן די בעסטע ערדאַרבעטער אין ארץ־ישראל? (און דאָס, דאַרפֿסטו וויסן, איז ניט קיין קליינע דערגרייכונג!) וואָלסטו ווען געחלומט, אַז דער פֿאַרשלאָפֿענער בחור וועט אַמאָל זיין אַ טאָןגעבער אין דער ארץ־ישׂראלדיגער אַרבעטער־באַוועגונג? פֿון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ וואולקאַן פֿון ענערגיע, אַזאַ שלמות, אַזאַ ליבשאַפֿט צום לאַנד, צו אַרבעט, אַזאַ גרונטיגקייט און אַזאַ השפּעה?!...

„און עליע ליפּשיץ? (ווער ער איז, וועט דיר מאַלקין דערציילן. זיי זיינען געווען חברים אין דער ישיבֿה, אין דעמיר.) און אָט האָט אַ

איד זיך אָפּגעוואַלגערט יאָרן־לאַנג אין די ישיבות, ט׳געגעסן „טעג” און׳ט פאַרוועלקט זיין יוגנט. האָט חתונה געהאַט, איז פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל ניט ווייט פון פּילעניאָווע, און׳ט געלעבט פון ווינט, ווי טויזנט אַנדערע זיין גלייכן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער זיך דערוואַכט צו דעם רוף פון זיין האַרץ, און ער האָט דעם רוף פאַרשטאַנען. דאָס האָט ער פון זיך דעם גלות־שטויב אָפּגעטרייסלט און איז אַהער דערשוואומען. דאָ האָט זיך זיין כוח באַנייט און דאָ האָט ער זיין פריצייטיג־אויסגעלאָשענער יוגנט צוריקגעפונען: דאָ דאָס האָט ער די נשמה יתירה פון לעבן געפונען...

אַציינד איז ער דאָ אַן איינגעפונדעוועטער, אַן איינגעוואָרצלטער. דורך זיין אייגענער מי און שווערער אַרבעט האָט ער זיך אַ שיינע נחלה דערוואָרבן; האָט ליב דער מאַמע־ערד, און דינט אַלס גלענצנדער ביישפּיל פאַר אַנדערע, פאַר שוואַכערע. ווען דו זעסט אים, וואָלסטו געמיינט אַז זיינע אבות אבותיו זיינען געווען קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל. ער קאָן אויסגעבונדן דאָס לאַנד און די באַפעלקערונג; דאָס האָט קאָנען געלערנט זייערע אייגנאַרטיגע דרכים. די אַרומיגע אַראַבער האָבן פאַר אים אַ גוואַלדיגן אָפּשיי, און ער איז ביי זיי פאַררעכנט פאַר „זייער כאַוואַדזשאַ אַלי”... וואָלסטו אים געמאָגט אָנקוקן אַמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, ווי ער זיצט ביי זיך אין הויף, אין דער מסיבה פון חשובע אַראַבער און שעיכן; ווי ער טוט אַזוי קונציג אַ וואָרף אַרונטער די פיס אונטער זיך און צעלאָזט זיך אויף זייער שטייגער מיטן גאַנצן ברען, מיט דער גאַנצער שפּי־לעוודיגקייט פון דער אַראַבישער מליצה, מיט אַלע מזרחשע תנועות און עוויות — ווי ער וואָלט געווען פליש פון זייער פלייש און בלוט פון זייער בלוט. און דו וואונדערסט זיך: פון וואַנען האָט זיך צו דעם קליינשטעטלדיגן גלות־אידן גענומען אַזאַ שאַרפער חוש פאַר ארץ־ישראל און אַזאַ פאַלקאַמע התפשטות פון גלות? אַזאַ נאָענטקייט צו דער נאַטור און אַזאַ בקיאות אין דער נייער אומגע־בונג?! ווי קומט צו דעם געוועזענעם ווינטמענטשן אַזאַ קלאָרער פאַרזוכט, אַזאַ שכל־הישר, און אַזויפיל חכמה און וויץ?!... און בעל־כרחך מוזטו צוגעבן, אַז ס׳איז אַ נ ס! — א י ן א ר ץ ־ י ש ר א ל ג ע ש ע ע ן נ ס י ם!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — ”

— — — — — — — אונדזער פאָלק־שפּראַך?

„טייערע! מיט מיין טיפסטער ליבשאַפט צו אונדזער האַרציגן מאַמע־לשון; מיט מיין גאַנצן אַכפּער פאַר אידיש אַלס איינע פון אונדזערע שענסטע גייסטיגע פאָלק־שאַפונגען; און וויסנדיג ווי אָרגאַניש־ענג זי איז פאַרבונדן מיט איבער פינף־הונדערט יאָר פון אונדזער אייגנאַרטיגן לעבן און געדאַנקענגאַנג, דורכפּות און הר־מאָר — מוז איך אָבער, מיט באַדויערונג, צוגעבן, אַז דאָ אין אין ארץ־ישראל קאָן אונדזער מאַמע־לשון קיין תקומה ניט האָבן. דאָ קלינגט זי פרעמד פאַר אונדזער אייגענעם אויער. די לעבעדיגסטע קלאַנגען פון אונדזער פאַרברייטער פאָלק־שפּראַך פאַלן דאָ בליי־איג, טויב און קאַלירלאָז — ווי די היגע לופט וואָלט זיי ניט גע־

קאַנט פאַרטראָגן... הדסל! אויב דער תנ״ך איז די נשמה פון פאָלק, איז העברעאיש די נשמה פון ארץ־ישראל. דאָ האָט אונדזער לשון־קודש אויפגעהערט צו זיין די שפּראַך פון אויסגעצאַצקעטער מליצה, פון אַן אַקראָבאַטישן פראַזן־געפלעכט. דאָ איז עס די לעבעדיקע שפּראַך פון דעם דערוואַכטן ארץ־ישראל־גייסט, פון׳ם ניי־געשאַפענעם אידישן לעבן. דו הערסט עס אין דעם געַרויש פון די ים־כוואַליעס, אינ׳ם שוויַגן פון הימל, אין דעם געהויל פון שאַקאַלן אין דער נאַכט, און אין דעם געזאַנג פון שניטער ביי־טאָג. זי שוועבט־אום פאַר דיר איבער די בערג־שפּיצן און איבערן פלאַך פון די טאָלן... און אפילו פון אַ ריין־פּראַקטישן שטאַנדפונקט — ווי קאָן עס אַנדערש זיין? וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט אונדזער געזעלשאַפטלעכער לעבן דאָ געהאַט, ווען אונדזערע אשכנזים וואָלטן דאָ גערעדט אידיש, דער ספרדי — זיין איספּאַניאָל, דער תימנער און דער אורפאַלי — זייער אַראַביש, דער בוכאַרער — זיין צעדהרגעטן פּערסיש, און דער גורדזשי — זיין פאַרגרייזטן רוסיש? מיר וואָלטן דאָך דאָ געשאַפן אַ צווייטן דור־הפלגה!... ס׳איז שווער, שוועסטערקע — זייער שווער — דאָס שיידן זיך מיט דאָס וואָס איז אַזוי ליב און טייער. און גרויס איז דער ווייטאָג. אָבער ליב זיינען מיר די יסורים פון שיידונג, ווען איך ווייס, אַז ס׳איז אונדזער מאַרגן אין ארץ־ישראל וואָס פאָדערט דעם קרבן פון מיינע הענט...

״— — — — — — — — — — — — — — צי האָב איך

ז י ך געפונען?

„ניין, טייערע! דאָ אין ארץ־ישראל איז גאָר קיין „איך״ ניטאָ. דער יחיד ווערט דאָ לגמרי בטל, און מ׳לעבט נאָר מ י ט ן כלל און פ אַ ר ן כלל... געדענקסט, ווי שיין דער זיידע, עליו השלום, פלעגט אונדז, אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער, דערקלערן דעם מהות פון כוח־הציבור? „יעדער איד — פלעגט ער זאָגן — איז אַ ניצוצל, אַ פונקעלע. כשהוא לעצמו איז ער, דאַכט זיך גאָרניט: אָט גליט ער אויף, און אָט לעשט ער זיך אויס און ווערט פאַרלאָרן. נעמען זיך אָבער אידעלעך צוזאַמען אין אַ ציבור, עס באַהעפטן זיך נשמהלעך איינע מיט דער אַנדערער — נעמען זיך די איינציקע פונקעלעך צוזאַמען און ווערן איין גרויסער פלאַם, איין שלהבתיה! — פאַרטרייבן זיי די רוחות רעות פון אַרום, און ס׳ווערט ליכטיק אַרום, ווערט שמחה אַרום״... אָט דאָס איז ארץ־ישראל! דאָ הערט אויף צו עקזיסטירן פאַר דיר דער יחיד און דער רשות־היחיד. אין אַלץ מוזטו זען נאָר דעם כלל, דעם ציבור: זעסטו אַ אידן, איז ער אַ טייל פון כלל־ישראל; אַ ווייַנגאָרטן, אַ מאַנדלבוים — ארץ־ישראלס ווייַנגאָרטן, כלל־ישראלס מאַנדלבוים; די ערד אונטער דיינע פיס א ו נ ד ז ע ר באָדן; די זון איבער דיין קאָפּ — א ו נ ד ז ע ר זון — א ו נ ד ז ע ר טוי — א ו נ ד ז ע ר רעגן! אַ שמחה — אַ ל ע מ ע נ ס שמחה; אַ צרה — אַ ל ע מ ע נ ס ווייטאָג. ווייל דאָ האָבן זיך הערצער פאַרקניפּט און פאַרבונדן אין איין ליכטיקער האָפענונג. די איינ־

ציגע ניצוצות האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין גרויסן גאולה־פלאַם. אַט אַזוי געפינט די נשמה פון אַ פאָלק איר תיקון!...
„הדסל!

„איך ווייס, דו ווייסט עס ניט פאַרשטיין, ווייל מ׳ קאָן דאָס ניט פאַרשטיין, און אפשר דאַרף מען דאָס גאָרניט פאַרשטיין — מ׳דאַרף דאָס פ י ל ן. ארץ־ישראל איז ניט קיין זאַך וואָס אַפעלירט צום מוח, נאָר צום ה אַ ר צ ן. אונדזער בעל־הבתישע גלות־פסיכאָלאָגיע גילט דאָ לחלוטין ניט. און אפשר טאָקי דערפאַר איז דאָ אַזאַ שבת־שבתון... דער טאַטע האָט געזאָגט: „ארץ־ישראל איז אַ רוחניות" — אפשר איז ער גערעכט?...

„— — — — — — — — „שיכרות!", ווען זאָגן, „חלומות!"

„אָ, טייערע! אויב ארץ־ישראל איז אַ שיכרות — געבענטשט זאָל זיין די האַנט, וואָס האָט דעם ווײַן געמישט, און טרינקען וועל איך פון דעם בעכער ביז זיין לעצטן זינגענדיגן טראָפּן! און אויב אַלץ אַרום מיר איז ניט מער ווי אַ חלום — וועבן זאָל ער זיך דער־דאָזיגער חלום און אָנהאַלטן זיין צויבער ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג, ווייל איך וויל מער פון קיין ווירקלעכקייט ניט וויסן!...
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — „
— — — — — — — — — — — — — —

דיין אביגדור ד ו כ ס

„נ. ב.

„ווי דו זעסט, האָב איך מיר משנה־השם געווען: ד ו כ ס איז פאַרט מער העברעאיש ווי ד י י כ ע ס, און ס'שמעקט ניט אַזוי מיט אונטערקליידל... איך בין מיר משער וואָס די משפחה וועט וועגן דעם זאָגן און דעם גוואַלד וואָס דער פעטער חנא וועט איבער דעם מאַכן. זאָג איים, איך בעט דיר, אַז איך האָב עס געטאָן כדי ניט צו פאַרשעמען, חלילה, „זיין" משפחה...

א. ד."

# 26

## אויף די פעלדער פון יהודה

אַיבער דער דרעמלענדיקער צווישן־גרויקייט פון נאַכט און טאָג האָט אַן איינזאַמער גלאָקן־קלאַנג זיך דורכגעשלאָגן און איז געבליבן הענגען פאַרגליווערט אין דער לופט. באַלד האָט אַ צווייטער אויפגעטויכט אין דער שטילקייט, האָט זיך צעפליגלט איבער רו־פאַרוויגטע הויפן און סעדער, האָט זיך אָנגעשלאָגן און צעברעקלט אויף בלינדע פענצטער און טירן. אויפן זוים פון די בערג האָט זיך געטשוכעט אַ יונגער באַגינען. צערויטלטע בוימער־שפּיצן האָבן באַלויכטן זייך וועג אין טויאיקן טאָל אַריין. עס האָט אויפגעוואַכט אַ פרישער טאָג.

מידע וויעס האָבן מיט געוואַלד אָפּגעטרייסלט פון זיך ניט־דערשלאָפענע שטיקער נאַכט. ניט־דעררוטע גלידער האָבן זיך אָפּגעריסן פון די ווייכע אָרעמס פון קילן פרימאָרגנדיקן שלומער. לייב פון געלעגער האָט זיך אָפּגעשיילט און האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ צעפּראַלטע יערונג נאָך דער ניט־דערטוליעטער נאָנטקייט. דער געפּלאַטשער פון קאַלט וואַסער איבער צעהיצטן לייב האָט פאַרטריבן די לעצטע נאַכט־שפּורן פון די וויעס. פאַרן שוועל האָט געוואַרט אַ מונטערער פרימאָרגן. פון הינער־שטייג האָט זיך געטראָגן אַ תרעומתדיקער קרעען פון הענער. אין פענצטער האָט זיך באַוויזן ליפשיצעס צעשויבערט פּנים; ס'האָט דורכגעבלאָסט אַ שטיק פרישע נאַקעטקייט פון תמרהס מיידלשן קערפּער. אין שטאַל איז די קו פאַרגאַנגען אין אַ צעצויגענעם מעקען. באַלד האָט זיך איבער די טרעפּלעך פון דער טעראַסע געלאָזט הערן דער ווייכער שאַרן פון חוהס טריט. דער ליידיקער מילך־צעבער אין איר האַנט האָט פאַרשלאָפן אונטערגעסקריפּעט אין דער שטילקייט פון הויף. שעפּטשענדיק ברכה, האָט די אַלטיטשקע אַוועקגעפּאַדיעט מיט אַ באַלאָדענעם פאַרטוך צו באַזאָרגן אירע עופות מיט אָנבייסן.

— אַ גוט מאָרגן, באָבינקע!

— אַ גוטינקער מאָרגן — אַ גוטינקער יאָר! אַ, דאָס זענט איר, קינ־דער... שוין, אַזוי פרי?

— מיר האָבן היינט ווייט צו גיין, באָבינקע — אַ מהלך!

— נו, טאָ גייט אייך געזונטינקערהייד. בייסט עפּעס איבער אויפן וועג!... אַי, נעביך, אויפן ניכטערן האַרצן...

און באָרוויס, מיט פּיאַש אויפן אַקסל, האָט אביגדור מיט ראובנין זיך אַרויסגעלאָזט דורכן הויף־טויער מיט מונטערע טריט.

דער נאָכטיגער טוי איז נאָך געהאָנגען איבער וועג און בוים. דער אָנגעקילטער, פּוכקער זאַמד האָט זיך דורכגעזיפּט צווישן די פוס־פינגער און האָט געצערטלט דעם טראָט. דורך אַן אָפענער טויער־פורטקע האָט אַ נאַרישע ציג אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין גאַס אַריין, האָט מעלה־גרהנדיק זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן, און האָט זיך אָפּגעטראָגן צוריק אין הויף אַריין מיט אַ פאַרריסענעם עק. איבער דער ליידיגער גאַס האָט זיך אויף אַ ספּריט־נעם אייזעלע דורכגעהעצקעט אַ תּימנער אידל מיט צוויי מילך־קאַנען אין ביידע הענט. דאָ און דאָרט האָט אַ לאָדן אויפגעפּראַלט. אַ פענצטער האָט זיך צעגענעצט. אַ טיר האָט הייזעריג זיך אויפגעשלאָסן און האָט זיך צוגעמאַכט פויל. אַ הדרת־פּנימדיגער איד, אין טלית און תפילין, האָט בהרחבה אומגע־שפּרייזט איבער דער אָפענער וועראַנדע און האָט געדאַוונט מיט אַ צעוואַרעמטן סקאַרבאָוון ניגון:

— אור חדש על ציון תאיר...

און פון איבער די בלוישאָטנדיגע בערג פון יהודה האָט אויפגעשיינט אַ שטראַלנדיגע זון אויף אַ פּריש־אויסגעבאָדענעם, קינדיש־שמייכלענדיגן הימל.

אַרויף גאַס האָבן זיי זיך פאַרנומען מיטן וועג וואָס האָט געפירט צום נייעם באָדן. פון ביידע זייטן וועג האָבן געטונקלט די אַקאַציע־קוסטן, און זייער סאַמעט־שאָטן האָט זיך אויסגעצויגן איבערן גאַנצן ברייט פון שליאַך. אונטער אַ באַיאָרנטן בוים, האַרט ביים דורכגאַנג, איז געזעסן אַן אַלטער אַראַ־בער איבער אַ הורבע צאַבערס. אין זיין פאַרגליווערטער אומבאַוועגליכקייט האָט ער אויסגעזען ווי אַ פאַרגעסענע שטיק נאַכט. ראובני האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אויסגעקליבן אַ צענדליג צאַבערס און האָט געהייסן דעם אַלטן זיי אויס־צושיילן.

— על חשבון הגביר! איך באַצאַל היינט פאַר דעם. אַלאַיהי אויאַל ראַסי [1]

— אַלְלַאַ יעסאַלעם ראַסאַק, יאַיכאַוואַדזשאַ! [2] — האָט דער אַלטער אָפּ־געענטפערט מיט אַ פרומער מינע.

אביגדור האָט זיך צוגעקוקט צו די אויסגעאיבטע באַוועגונגען פון דעם

1. אויף מיר און אויף מיין קאָפּ.
2. אַללאַ זאָל בענטשן דיין קאָפּ, כאַוואַדזשאַ.

אַלטנס לאַנגגאַלדיגע פינגער, וועלכע האָבן אַזוי קונציג אַרויסגעשיילט פון דער באַדאַרנטער שאָלעכץ די יאַדערדיגע, זאַפטיג־אָנגעגאָסענע פרי. די אָנגעקילטע זאַפטיגקייט האָט דערקוויקט דעם ניכטערן גומען.

— אָט אַזוי זיינען זיי, די פרוכטן פון ארץ־ישראל! — האָט ראובני גע־זאָגט, מאָלנדיג מיט אַפעטיט די געבלעכע, דרילעוואַטע ברייט צווישן די ציין — ווי דו קוקסט עס אָן: פון דרויסן — דאַרנדיג, שטעכיג, מיטן האַנט ניט צו באַרירן; דערשלאָגסטו זיך אָבער צום קערן, צום תוך, האָט עס אַלע זיבן טעמים!

אביגדור האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל. ער איז געווען האָפער־דיג, ראובני. זיין האָפערדיגקייט האָט זיך נאָך בולטער אַרויסגעוויזן ווען זיי זיינען שפּעטער געשטאַנען ביי דער אַרבעט, אין דער פריש־געעפנטער קאַ־נאַווע, און האָבן אויסגעגראָבן דעם אינדזשיל. דער באָדן אויף וועלכן זיי האָבן יענעם טאָג געאַרבעט איז געווען אַ ניי־עראָבערטער. עס האָט זיך גע־גרעניצט מיט אַ פאַרוואָרלאָזטן אַראַבישן דאָרף. אַרויף, האַרט ביי דער טורבע, האָט אַ קליינע גרופּע אידישע אַרבעטער זיך באַשעפטיגט מיט פלאַנצן אַ רייע יונגע עקאַליפּטוסן איבער דער לענג פון דער נייער מעזשע. דער טאָג איז געווען אַ תמוזדיגער, אַ טרוקענער. די זון האָט געסמאַליעט. דער שטח פעלד פאַר זיי איז געלעגן אָפן, אומבאַשאָטנט. דער ליימיגער באָדן האָט זיך גע־שניטן און געקרישלט אונטער דער וואַגיגער שאַרפקייט פון פיאַש, און האָט אַרויסגעשיילט פון זיך דעם ווייס־אָדערדיגן אינדזשיל. ראובני האָט מיט אונ־דערמידלעכער האַפטיגקייט אָפּגעהאַמערט איין קלאַפּ נאָכן אַנדערן, ווי זיין יעדער שלאָג מיטן פיאַש וואָלט געווען געטריבן פון זיין איבערפליסנדיגן עקסטאַז, פון זיין אָנקוועלנדיגער התלהבות. דער געמאָסטענער, זיכערער שוואונג פון זיינע אָרעמס האָט אָנגעהאַלטן מיט ליידנשאַפטלעכן אימפּעט. ער האָט זיך ווי ניט פאַרגונען די קורצע מינוטן פון רו אויף אויסצוגלייכן זיין איינגעבויגענעם רוקן. זיין פריידיגע התלהבות איז געווען אָנשטעקנדיג, און אביגדור האָט זיך אָנגעשטרענגט אים נאָכצוהאַלטן. דאָס אויבערהעמדל אויף אים איז געווען דורכגעווייקט מיט שוויס און האָט זיך געקלעפּט צום לייב.

— ווייסט, — האָט ראובני זיך אָנגערופן, אָפּשאַרנדיג דאָס אָנגעגראָבענע ערד אויף אַ זייט — קיין זאַך פאַרשאַפט מיר ניט אַזויפיל פאַרגעניגן, ווי דאָס אויפגראָבן פון אַ נייעם שטח לאַנד! די הענט באַוועגן זיך גאָר אַליין ביי אַזאַ אַרבעט. נ י י ־ ע ר אָ ב ע ר ט ע ר א י ד י ש ע ר ב אָ ד ן! א י ד י ש ־ ד ע ר ל י י ז ט ע ר ד!...

— ס'איז צו זען אָן דיין היינטיגן אַרבעטן. האָסט זיך צוגעכאַפּט צו דעם, ווי דו וואָלסט פון מי־יודע ווען קיין פיאַש אין דער האַנט ניט געהאַלטן! — האָט אביגדור געזאָגט, אָפּווישנדיג מיטן אַרבל די שווערע טראָפּנס שוויס פון זיין פנים, און האָט אָפּגעאָטעמט הייס.

ראובני האָט אַרויפגעקוקט צו אים פון אונטער דער ברייטראַנדיגער שטרויענער הוט —

— פאַרמאַטערט, האַ? וועסט זיך צוגעוואוינען, חביבי! ביי מיר איז די היינטיגע אַרבעט אַ יום־טוב. ס'איז נישט אָפּצורייסן זיך פון גראָבאייזן, ווען דו פילסט אַז מיט יעדער גליבע ערד וואָס דו שפּאַלסט אויף, ווערן אונדזערע גרעניצן פאַרברייטערט, אונדזער קיום דאָ — פאַרפעסטיגט. אַזאַ אַרבעט איז אַ פרייד, חביבי!

— יאָ... — האָט אביגדור קוויינקלענדיג צוגעשטימט — ס'איז אַ דערגרייכונג נאָר——

— נאָר וואָס?

— גאָרניט... כ'ווייס, עס וועט דיר אפשר אויסקומען פריקרע, אָבער איך בין אָפּט אונטערן איינדרוק, אַז אין דער באַרוישונג פון אונדזער נאַציאָ־נאַלער אויפלעבונג איז דאָ פאַרזען געוואָרן אַ וויכטיגער פונקט, אויב ניט דער וויכטיגסטער.

— פון וועמען?

— טאַקי פון אונדז אַליין — פון אונדז אידישע אַרבעטער.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ראובני אויסגעשאָסן אין אַ ברוסטיגן געלעכטער

— עס קלינגט מיר נאָך אַלץ טשיקאַווע צו הערן דיר זאָגן „מיר אידישע אַרבעטער!" אָ, ווען דיין משפחה זאָל דאָס הערן!...

— דאָס איז לחלוטין ניט וויכטיג! — האָט אים אביגדור אומגעדולדיג איבערגעשלאָגן — וואָס איך בין געווען דאָרט, איז אַ זאַך וואָס באַלאַנגט צו דער פאַרגאַנגענהייט. עס איז וואָס איך בין דאָ, וואָס דאַרף גענומען ווערן אין חשבון. און דאָ בין איך אַן אַרבעטער, אַ פּראָלעטאַריער — אויב דיר געפעלט עס בעסער אַזוי אָנצורופן — און אַלס אַזעלכן איז מיר די פראַגע דירעקט נוגע!

— כ'האָב ניט געמיינט דיר צו אונטערברעכן. וועסט מיר מוחל זיין. וואָס ביסטו אויסן?

— די פראַגע פון קלאַסנקאַמף. נאָך אַלעמען, וואָס גייט עס אונדז — אַלס אַרבעטער — אָן, וויפל נאָך דונאַם לאַנד דער אָדער יענער קאָלאָניסט קריגט־צו צו זיין פריוואַטן אייגנטום? וואָס אונדז איז בעיקר נוגע, (ניט באַ־רירנדיג די פראַגע פון נאַציאָנאַליזירונג פון באָדן) איז וויפל נאָך אַרבעטער־הענט דאָס לאַנד איז ביכולת אויפצונעמען אין איר אַנטוויקלונג; וויפל אַר־בעטער וועלן קאָנען באַשעפטיגט ווערן פאַר אַ געהעריגן אַרבעט־לוין, אונטער גינסטיגע לעבנסבאַדינגונגען — אַרבעטער אַלס קלאַס — אמת?

— יאָ, איז וואָס?

— היינט ווי קומט עס וואָס די אידישע פועלים האָבן אָנגענומען אַזאַ פיינדלעכע שטעלונג קעגן דעם אַראַבישן לוין־אַרבעטער? ווי קומט עס וואָס

מיר, אַלס אַן אַרבעטער־קערפּערשאַפט, פאַרשטויסן אים פון זיך — ווען זיין פּלאַץ, אַלס אַן אַרבעטער, איז מ י ט א ו נ ד ז? ווען אין די אינטערעסן פון קלאַסנקאַמף דאַרפן מיר שטיין האַנט־איין־האַנט מ י ט א י ם?!

ראובני האָט לייכט אַ שמייכל געטאָן;

— דעם אמת געזאָגט, האָב איך דערוואַרט אַז, פריער אָדער שפּעטער, זאָלסטו די פראַגע שטעלן. עס איז אפשר ניט מער ווי נאַטירלעך אַז פאַר איינעם, וועלכער איז געקומען אין נאַנטן באַריר מיט דער ראַדיקאַלער באַוועגונג זאָל די דידאַזיגע סיטואַציע אויסקומען פריקרע, זעלבסט־ווידער־שפּרעכנדיג. און לאָמיר דיר זאָגן, חביבי, אַז ט עָ אָ ר ע ט י ש — על־פּי־תורת־הסאָציאָלאָגיע — ביסטו גערעכט; פּ ר אַ ק ט י ש אָבער זיינען די פאַקטן אינגאַנצן אַנדערש. ס'איז אַן „אליהו וקוץ בה". דו מוזט פאַרשטיין, אַז כדי צו אָנפירן דערפאָלגרייך אָט דעם קלאַסנקאַמף, מוז דאָ, ראשית־כל, געשאַפן ווערן אַן אַרבעטער קלאַס — אַ ב אַ ו ו אוס ט ז י נ י ג ע א ר ב ע־ ט ע ר ש אַ פ ט. דאָס איז געווען אונדזער ערשטער שטרייט־ציל. און די שווערסטע שטערונג אויף דעם וועג איז געווען דער אַראַבישער לוין־אַרבעטער. מיר האָבן צו אים אויסגעשטרעקט אַ ברודערלעכע האַנט, מיר האָבן גערופן צו אים, ווי ברודער צו ברודער, צו שטעלן זיך אין אונדזערע רייען — פאַר זיין אייגענער טובה־וועגן. אָבער אונדזער רוף איז געפאַלן אויף אַ טויבן אויער. דער אַראַבער איז צו־בלינד צו זיין אייגענעם גורל; ער באַזיצט ניט דעם מינדסטן חוש פאַר אחדות, פאַר געמיינשאַפטלעכער אַרבעט; און — וואָס ס'איז ערגער פון אַלץ — ער איז ניט פאַרטרויאונגסווירדיג! ס'איז דורכאויס אין די אינטערעסן פון זייערע עפענדיס, אַזוי גוט ווי אַ סך פון א ו נ ד ז ע ר ע א י י ג ע נ ע גוטבאַזיצער, אַז דער אַראַבישער לוין־אַרבעטער זאָל שטיין מיט אונדז אין דירעקטער קאָנקורענץ אין אַרבעט־לוין, זאָל זיין אַנטאַגאָניסטיש געשטימט צו אונדז. און ס'איז זיי, ליידער, געלונגען... אפשר האָבן מיר זיך מיט אים ניט גענוג אָפּגעגעבן; אפשר האָבן מיר ניט געפונען דעם ריכטיגן צוגאַנג צו אים. אָבער ווי איז דאָס אַלץ מעגלעך געווען פאַר אונדז צו באַווייזן, ווען מיר זיינען נאָך מ י ט ז י ך אַ ל י י ן ניט פאַרטיג?! ווען מיר זיינען נאָך ניט אינגאַנצן זיכער מיט אונדזערע אייגענע כוחות; — ווען אונדזערע אייגענע רייען זיינען נאָך אַזוי לויז־געקניפּט, צעשוואָרמען! — ווען יעדער טראָפּן פון אונדזער ענערגיע מוז דערווייל געלייסטעט ווערן דער טאָפּלטער עובדא, וועלכע שטייט אונדז פאַר: אונדזער נ אַ צ י אָ נ אַ ל־ס אָ צ י אַ ל ע ד ע ר ל י י ז ו נ ג, וואָס מיינט: שאַפן צווישן אונדז אַ באַוואוסטזיניגן אידישן אַרבעטער־עלעמענט, און אים מאַכן פאַרן ווירקנדן כוח אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל אויף סאָציאַלע יסודות. מיר מוזן דאָ שאַפן אַ „סטראַטעגישן פונקט" פאַר דער אַ ל ו ו ע ל ט־

ל ע כ ע ר אַרבעטער באַוועגונג — אַזוי, אַז ווען דער רוף וועט קומען: „דער באָדן פאַר דיינע באַאַרבעטער!” זאָל אויף די פעלדער פון יהודה און גליל שטיין אַ אידישע אַרבעטערשאַפט, וועלכע וועט זיין גרייט און ראוי אויפצונעמען דידאָזיגע לאָזונג. דער אַראַבער, אין זיין איצטיגע מעמד פון האַלב־פיש־האַלב־זייגער־מאַכער — מיט די התחייבות פון אַ כלומרשטן גוטבאַזיצער און מיט דעם הונגער־לוין פון אַ בידנעם שכיר־יום — קאָן זיך אין אונדזער רעמל ניט אַריינפּאַסן! מיר זיינען גרייט צו פאַרשטענדיגן זיך מיט זיי, אויפקלערן זיי; מיר קאָנען אָבער אין דידאָזיגע פוילע ברואים קיין לעבנס־ווילן, קיין זעלבסט־רעספּעקט ניט אַריינגעבן. טו אַ קוק אויף דעם מושב זייערן... — האָט ער מיט די אויגן אָנגעוויזן אין דער ריכטונג פון דעם אַראַבישן דאָרף, און איז פּלוצים שטיין געבליבן מיט אַ נשתוממדיגן בליק און אָנגעשטרענגטע אויערן — אַהאַ, ס'איז שוין „פריילעך” ביי דער טורבע! הערסט?!... קום, לאָמיר אויפגיך אָנציען אַהין!... שנעל!...

זיי האָבן זיך געלאָזט אין אַ געלאָף איבערן ווילדן בור צו דער טורבע. צוקומענדיג אַהין, האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ פאַרביסענע קריגעריי צווישן צוויי אַראַבישע דאָרף־פּרויען און די פּועלים וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דער מעזשע. אַ געפילדער ביזן הימל, אַ האַמפערניש. פון די רוגזהדיגע הענט־באַוועגונגען און פון די אויפגעכאַפּטע געשרייען האָט אביגדור זיך אָנגעשטויסן אין וואָס די קריגעריי איז געגאַנגען: די טורבע איז געלעגן אויפן ווייטן זייט פון אידישן גערעניץ און האָט זיך איינגעשניטן אין אַ ווינקל אויפן אידישן באָדן. פון אַראַבישן זייט האָט זיך די טורבע געגרעניצט מיט אַן אַרומגעצוימטן הויף פון אַ רייכן עפענדי, די צוויי אַראַבערקעס האָבן זיך געוואָלט דערשלאָגן צו זייער בית־עולם מיטן וועג, מיט וועלכן זיי זיינען געוואוינט געווען צו גיין, און וועלכער איז אַצינד געלעגן אויפן נייעם אידישן באָדן. די יונגען האָבן זיי פאַרשטעלט דעם דורכגאַנג ביי דער מעזשע און ניט געלאָזט:

— איינמאָל ג י י ן! ביט דורך דאָנען!

— יאַסאַק! מאַמנון![1]

— גייט דורכן עפענדיס הויף — אַרום און אַרום — אונטער דר'ערד — ניט דורך דאָנען!...

— יאַללאַ, אימשי![2] ניט געטענהט — ס'וועט ניט העלפן! יאַללאַ!...

די אַראַבערקעס האָבן געטייטלט מיט צאַפּלדיגע פינגער, געשריען אויף גאַרגלדיגע קולות, האָבן אויסגעשיפּעט וויסטע קללות דורך ווייסע, פאַרקלעמטע ציין און שוימיגע ליפּן. זיי האָבן געקוקט מיט צעשטורעמטע אויגן פון געיאָגטע חיות, געדראָט מיט פאַרקלעמטע, קנאָכיגע פויסטן און האָבן זיך געפּרואווט דורכברעכן מיט געוואַלד. די יונגען האָבן זיי אָפּגעשטויסן. אין ביטע־

---

1. פאַרבאָטן! פאַרווערט!
2. געגאַנגען זאָל חערן!

רער פאַרצווייפלונג האָבן די פרויען פאַרשאַרט די לויזע שפּיציגע אַרבל פון די בלויע אויבערהעמדער און האָבן גענומען האָגלען מיט שטיינער —
— איינאַאל דינקום! [3]
— איינאַאל דין אַבו אַבוקום!! [4]
די יונגען האָבן אויך ניט געשוויגן, האָבן ניט געשפּאָרט קיין אָטעם, קיין קלעפּ, און האָבן זיי פאַרטריבן.
אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך די צווי פרויען־געשטאַלטן באַוויזן אויף דער אַנדערער זייט פון דער טורבע. זיי זיינען געשטאַנען פון דער ווייט און האָבן פאַרלאָרן אַריבערגעקוקט צו די צערויעטע קברים. זיי האָבן זיך געפּאַטשט איבער די איינגעפאַלענע, דאַרע ברוסטן, איבער די ליפּן, און זייער שלוכציגער געוויין איז אַריבער אין אַ ווילדן יאָמערלעכן געהויל.
אביגדורן האָט אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן.
— אָט ד אָ ס איז וואָס איך בין אויסן געווען!... — האָט ער מיט פאַר־שטיקטער פיינלעכקייט זיך אָנגערופן צו ראובנין, ווען זיי זיינען צוריקגע־געגאַנגען צו זייער אַרבעט־פּלאַץ — עס איז אָט די בייזוויליגע עקשנות פון אונדזער זייט, וועלכע גיט דיר אָפּט דעם געפיל, אַז דער אַראַבער ווערט פון אונדז אומזיסט געקריוודעט; אַז מיר איזדיקעווען זיך איבער אים. און—— ס'האָט ניט באַדאַרפט זיין אַזוי, ראובני — ג י ט מ י ר!
— דו אָבער פרואוו נאָר און גיב זיי אַ דריסת־רגל, און זיי וועלן דיר אַרויספּקריכן אויפן קאָפּ. זיי וועלן דיר אָוועקטראָגן די בוימער מיט באָדן צוזאַמען! בחיי, ס'איז נישט כדאי צו אָפּעסן זיך ס'האַרץ איבער אַזוינע קליי־ניגקייטן...
— אפשר זיינען דאָס קלייניגקייטן; אָבער ווער איז בכוח צו מעסטן מענטשלעכע געפילן און געוויסנהאַפּטיג אורטיילן וועלכע פון זיי זיינען „גרויס" און וועלכע „קליין"? מענטשן האָבן דאָ געלעבט, מענטשן זיינען פון דאַנען אַרויסגעשטויסן געוואָרן, מענטשן האָבן דאָ נאָך זיך עפּעס איבערגעלאָזט: זאָל עס זיין אַ בית־עולם, אַן אַלטע חורבה, צי אַפילו אַ קרומער שטעג צו וועלכן דער טראָט האָט זיך, אין פאַרלויף פון יאָרן, צוגעוואוינט; אָבער עפּעס איז זיי דאָך דאָ נאָנט, טייער; עפּעס בינדט זיי דאָך צו אַהער. ווי קאָן מען זיך אַזוי גלייכגילטיג באַציען צו מענטשלעכע געפילן?! ווי קאָן מען מיט אַזאַ קאַלטבלוטיגקייט פאַרטרייבן מענטשן פון אַ ווינקל וואָס איז אַמאָל געווען היים?!...
ראובני האָט אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און האָט אים גוטמוטיג אַ צי געטאָן צו זיך:
— ווערסט דאָ זיין אַביסל לענגער, ווערסטו אויסגעפינען ווי! דו ווערסט

3. אַ שוך אין אייער גלויבן אַריין.
4. אַ שוך אין אייער טאַטנס־טאַטנס אַריין!

איינזען, אַז דאָ מוז עס אַזוי זיין... ווייסט, אַזוי ביסטו דוקא אַ גאַנץ וואוילער בחור, דו ביזט נאָר אַביסיטשקע צו־סענטימענטאַל. דער סענטימענט כשהוא לעצמו איז אפשר אַ גאַנץ אויפריכטיגער, אַ גאַנץ געהויבענער; אָבער מיט סענטימענטן, חביבי, קאָן מען קיין לאַנד ניט אויפבויען. מיט סענטימענטן אַליין—— אַהאַ, אָט איז שוין דער גלאָק, זאָל געזונט זיין! נו, צו דער אַכילה, ברודער! מיט סענטימענטן ווע‌סטו דעם מאָגן ניט אָפּפּטרן: ער וויל פון דעם ניט וויסן...

זיי זיינען אַריין אין דער באַיאַרע און האָבן זיך אויסגעזוכט אַ שאָטנדיגן פּלאַץ אונטער אַ שומר־ביידל. זיי האָבן אויסגעלייגט פאַר זיך דאָס מיטגע־בראַכטע שפּייז און האָבן פאַרגעזעצט דעם איבערגעריסענעם שמועס. פון צווישן די ביימער איז אָנגעקומען תמרה מיט אַ דזשאַרע וואַסער אין דער האַנט —

— אָט האָט איר אייך קאַלט וואַסער, איר פּוילעניצער! אַליין וועט איר זיך דאָך ניט מטריח זיין פאַר אַזאַ פּראָזאַאישער זאַך, ווען איר זאָלט אַפילו פאַרשמאַכט ווערן פון דורשט. אָסור אויב איר האָט פאַדינט אַזאַ באַדינונג.

— זאָלסט אפילו געוועזן זיין מיט זיבן קעפּ, וואָלסטו קיין בעסערס ניט געקאָנט צוטראַכטן. ס'איז מיר שוין טרוקן אין האַלדז פון אויסטענהן זיך מיט דיין טאַטנס תנ״כניק!

— וואָס, ער געפינט שוין חסרונות אויף ארץ־ישראל? האָט טענות צו דער וועלט?

— לאו דוקא. פאַלעמיזירט. אין געוויסע היניזיכטן איז ער אפשר ניט אינגאַנצן אומגערעכט. — האָט ראובני זיך כלומרשט איינגעשטעלט פאַר אביגדורן.

ער האָט אויפגעהויבן די דזשאַרע וואַסער איבער קאָפּ, האָט פאַרריסן ס'פּנים אַרויף און האָט געלאָזט פאַלן אַ דינעם וואַסער־שנור פון דער דזשאַרע, איבערן גראָבן פינגער, גלייך אין מויל אַריין. —

— אַי, גוט!

אביגדור האָט געפּרוווט אים נאָכטאָן, און ביים ערשטן שלוק האָט ער זיך אומגעגלומפּערט פאַרכלינעט. ראובני מיט תמרהן האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

— האָסט נאָך אַ סך דאָ צו לערנען, חביבי. דעם צווייטן מאָל פּרוּוו דעמזעלבן קונץ מיט אַ פלעשל אַליקאַנט... דאָס דערמאָנט מיר: וואָס הערט זיך מכוח דעם מאָרגנדיגן נשף,[1] תמרה?

— אַלץ גייט־צו כשורה. מיר'ן האָבן אַ נשף כדבעי! — אַ ליטעראַרישע

1. אָוונט־פאַרוויילונג.

פראַגראַם, מוזיק, טענץ. אדון הלוי האָט אונדז צוגעזאָגט צו ברענגען דעם אָרקעסטער. פאַרפעלט ניט צו קומען!

— מיך דאַרף מען קיין סך ניט בעטן אויף אַזוינע זאַכן.

— און איר דוכס?

— מסתמא.

— מסתמא איז ניט גענוג; איר מוזט קומען. ס'וועלן פאַרקומען אייראָ־פּעאישע טענץ. דאָס טאַנצט איר דאָך געוויס?

— אַ שאלה אַביסל! אונדזער משפחה האָט געהאַט אַ שם מיט אירע טענצער. ביי אונדז אויף אַ שמחה, איז צעדרייסן אַ פּאָר שטיוול טאַנצנדיג געווען אַ וואָכעדיגע זיך...

— הידד! אָט בין איך שוין געהאָלפן געוואָרן מיט אַ קאַוואַליער פאַרן נשף! און איך האָב זיך אַלץ געזאָרגט... איר וועט מיר ניט אַנטוישן, דוכס?... כ'מיין באמת, יונגען: ברענגט־מיט עטלעכע לעבעדיגע חברה. לאָמיר זען אַריינצוברענגען אַביסל מער לעבן, מער ברען, די אמתע התלהבות!

— דאָס איז אָבער אַ זאַך, וואָס קיינער קאָן אין קעשענע ניט מיטברענ־גען! — האָט אביגדור זיך אָנגערופן — התלהבות מוז קומען פ ו ן ז י ך — פון אינעווייניג.

— ש—שאַ! דער פילאָזאָף רעדט! — האָט ראובני אויסגעשריען, אויס־ציענדיג זיך אין זיין פולער לענג אויפן גראָז, די הענט צענומען — פאַר־נעמט, איר הימלען, און הער זיך צו, דו ערד! דער דיכטער צווישן אידן טוט טאָן טריפן זיינע רייד, און דוכס איז זיין נאָמען! און התלהבות, זאָגט דער משורר, — איז ער פאַרגאַנגען אין אַ מגידישן ניגון — איז אַ זאַך וואָס מוז קומען פון זיך, פון די אינגעווייטן!... אמת, אמת! אין דעם בין איך מיט דיר לחלוטין מסכים: התלהבות מוז קומען פון ד ע ר זייט חוט־השדרה... און איצט, חביבי, אַז אין דעם זיינען מיר שוין א ו י ך איינפערשטאַנען, און די אי־דיש־אַראַבישע פראַגע האָבן מיר שוין פריער צופרידנשטעליג געלייזט——

— אפשר פון ד י י ן צד; — האָט אים אביגדור אונטערבראָכן — פאַר מיר איז נאָך דידאָזיגע פראַגע ווייט פון צו זיין פאַרענטפערט!

און נאָך אַ געלונגענעם אויסטויש פון גוטמוטיג־געצילטע שטעכווערטער, איז דער געשפרעך אויפסניי אויפגעשוואומען, אין זיין גאַנצן ערנסט, אויף דער פריערדיגער טעמע. ראובני איז געלעגן אויף אַ זייט, דעם קאָפּ אָנגע־שפּאַרט אויף דער האַנט, און האָט מיט מיושבדיגער דורכגעטראַכטקייט איינגע־טענהט מיט אביגדורן. אביגדור, ליגנדיג מיטן בויך אַראָפּ, האָט אים אויסגע־הערט מיט כבוד־ראש און האָט פון צייט־צו־צייט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג אין פולער אָפנקייט. ס'האָט זיך אויסגעבריט אַ לעבהאַפטיגער ויכוח צווישן די צוויי. תמרה האָט זיך צוגעזעצט אַנטקעגן זיי, די הענט פאַרשלייפט איבער די קני, און האָט מיט געשפּאַנטער אויפמערקזאַמקייט פאַרנומען די אַרגומענטן

פון בײדע צדדים. זי האָט זיך ווי געהאַלטן פון דער װײט, און האָט נאָכגעפאָלגט יעדן וואָרט מיט וואַכזאַם אויג און אויער.

— ניין! — איז געקומען אביגדורס ענטפער מיט אונדערוואַרטער אנטשלאָסנקייט — איך קאָן בשום־אופן אויף אַזאַ השערה ניט איינגיין! היסטאָרישע רעכט — געוויס יאָ. אָבער דאָס אַליין גיט נאָך אונדז ניט קיין רעכט צו באַעולען אָט די אומשולדיגע פעלאַכן.

— באַעולען די פעלאַכן?! — האָט אים ראובני אָנגעקוקט פאַרווירט — מיט וואָס?! ווי אַזוי?!

— טאַקי דורך אונדזער אַזויגערופענער דערלייזונג פון באָדן.

— דאָס איז אַן אַבסורד! דורך דעם האָט קיינער גאָרניט געליטן. דאָס האָט דעם פעלאַך קיין שאָדן ניט געבראַכט!

אביגדור איז אויפגעשפרונגען —

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז דורך אונדזער דעראָבערן אַ געוויסן שטח לאַנד ווערט דער אַראַבער ניט אַראָפּגעטריבן פון זיין באָדן?! מיינסטו מיר צו זאָגן, אַז דער אָרימער אַראַבישער פויער, וועלכער באַאַקערט זיין שטיקל פעלד און מידט זיך איבער זיין וויינגאָרטן, איז זינט אונדזער באַזעצן זיך דאָ ניט געוואָרן מער פאַראָרימט, מער פאַרזונקען אין דחקות און נויט?! איז עס ניט אַ שלאָגנדיגער פאַקט, אַז גאַנצע אַראַבישע דערפער זיינען אונטערגעגאַנגען נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט ביישטיין אונדזער קאָנקורענץ?! און איז עס צוגלייך ניט אַ פאַקט, אַז מיר אידישע אַרבעטער האָבן זיך אויך, דורך אַ בלינדן צופאַל, פאַרפלאָנטערט אין אַן איראָנישן טעות? — פון איין זייט צווינגען מיר דעם פעלאַך צו אַראָפּגיין פון זיין בעל־הבתישקייט, צו ווערן אַן אַרבעטער, ווי דו האָסט זיך פריער אויסגעדריקט; און פון דער צווייטער זייט, ווען עס קומט צו באַשעפטיגן אים ביי אַרבעט, פאַרשטויסן מיר אים אונטערן אויסרייד אַז „אידישער באָדן מוז באַאַרבעט ווערן פון אידישע הענט!"... וואו, פרעג איך איך, זאָל אַ מענטש אַזאַ, אַ באַרויבטער, זיך אַהינטאָן?! וואו איז די לאָגיק, דער יושר, פון דער גאַנצער זאַך?! ו ו א ו א י ז ד י ב אַ ר ע כ ט י ג ו נ ג פ אַ ר ד ע ם?!...

ער איז געבליבן שטיין מיט אויסגעשפרייזטע אָרעמס, און זיינע אויגן האָבן זיך אומגעטראָגן פון ראובנין צו תמרהן און האָבן געמאָנט אַן ענטפער. תמרה האָט אָנגעהאַלטן איר לפנימדיגן גלייכגילט. זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים קאַלט און וואַכזאַם אין אַ פאַר־שטורעמדיגן שווייגן. ראובני האָט זיך אויפגעזעצט און האָט שווער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— עס איז לחלוטין אַ פאַלשער באַגריף, חביבי. און איך קאָן באַשיינפערלעך זען, ווי אַזוי אַזאַ באַגריף קאָן זיך אויספורעמען און זאָל, אין פלוג, אויסקומען צו זיין אויסגעהאַלטן. עס איז אָבער נישט אַזוי. ניין! דער אמת איז, אַז מיר האָבן קיינעם ניט באַעולט, פון קיינעם זיין פעלד און וויינגאָרטן

ניט צוגענומען — פון פעלאַך אודאי ניט. מיר האָבן דעם אַראַבישן פויער פון זיין לאַנד ניט פאַרשטויסן, ניט באַרויבט אים פון זיין האָב־און־גוטס — ווייל ער האָט עס אין דער אמתן קיינמאָל ניט געהאַט! ווייל ס'איז גאָר קיינמאָל זיינס ניט געווען! זיין נחלה איז פון דור־דורות פאַרמשכונט צום עפענדי. צו אים, צום עפענדי, געהערט דער באָדן מיטן פעלאַך אינאיינעם. דער פאַקט אַליין, אַז דער פאַרקויף פונ'ם באָדן איז אַפּהענגיג אינגאַנצן אָן דעם ווילן פון דעם עפענדי, איז גענוג צו צייגן וואָס פאַר אַ כוח־הדעה, דער פעלאַך האָט איבערן שטיקל פעלד, וואָס ער האָט, אין זיין בלינדן אונוויסן, פאַררעכנט פאַר זיינס. און אויב דער אַראַבישער ערד־אַרבעטער ווערט פון טאָג־צו־טאָג אָרימער און בויטבאַדערפטיגער, האָט ער דאָס ניט אונדז צו פאַדאַנקען, נאָר זיין אייגענעם ברודער — דעם עפענדי! אים, צו וועמען ער איז אַזוי שפּלותדיג פאַרשקלאַפט; פאַר וועמען ער אָקערט און זייט; פאַר וועמענס־וועגן ער פאַרצוואוועט מיט ווייב און קינד צו צאָלן שטייערן פאַר אַ קרן, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט אָנגעקוקט און וועלכן ער וועט קיינמאָל ניט זיין ביכולת אויס־צוצאָלן! — שטייערן, וואָס וואַקסן מיט יעדן פאַרזייטן קערנדל ווייץ, מיט יעדן טראָפּן טוי און רעגן וואָס פאַלט אויף דאָס פאַרמשכונט פעלד. און עס איז אָט דער בייזווויליגער „בעל־טובה" זיינער, וועלכער האַלט אים נאָך אין איין איינריידן, אַז מיר זיינען די וואָס האָבן אים געבראַכט בידנע דאַליע! אַז מיר זיינען דעם פעלאַכס שונאים! און דער אונוויסנדער פעלאַך גלויבט און טראָגט אַ בלוטיגן האַס צו אונדז... חביבי! יעדער שפּאַן ערד, וואָס ווערט באַאַרבעט פון באַוואוסטזיניגע אידישע אַרבעטער, מוז דינען אַלס אַ וועק־רוף צום אַראַבישן פויער און לוין־אַרבעטער צו דערוואַכן פון זיין צעפוילטער שפלות; מוז קומען צו אים ווי אַ צייכן פון דעם מאָרגן, אַז ס'איז צייט פאַר אים צו אויסטשוכען זיך פון זיין קאָשמאַר און איינזען, אַז ער איז ווייט פון זיין דער בעל־הבית איבער זיך; אַז ער איז אַ פאַרשקלאַפטער, אַ פאַר־קויפטער צו זיין אייגענעם ברודער; און זיין איינציגער אויסקויף פון הונ־גער און נויט איז דורך אַרבעט און רעכטפערטיגער באַלוינונג. ער וועט מוזן איינזען, אַז ער איז אָן אַרבעטער, אַ פּראָלעטאַריער, און אַלס אַזעלכער וועט ער סוף־כל־סוף מוזן קומען צו אונדז — צו דער אָרגאַניזירטער ארץ־ישראלדיגער אַרבעטערשאַפט — און אַלס אַזעלכן וועלן מיר אים גערן אויפנעמען... אויב דערפער גייען־אונ־טער, איז עס ניט דערפאַר, ווי דו ווילסט דרינגען, „ווייל מיר שטייען מיט זיי אין קאָנקורענץ", נאָר דערפאַר ווייל זיי קאָנען ניט נאָכהאַלטן אונדזער פאַרשריט אין דער אַנטוויקלונג פון לאַנדווירטשאַפט. מיר האָבן די פרייזן פון די לאַנד־פּראָדוקטן ניט אונטערגעשלאָגן און מיר האָבן זייערע מערק ניט אויסגעדונגען. מיר האָבן זיך געשטייערט מיט זיי אין אַרבעטספּע־

איגקייט, און מיר האָבן דעם געוועט געוואונען. מיר האָבן זיי קאַטעגאָריש אויפגעוויזן, אַז דורך געהעריגער אַרבעטזאַמקייט און פאַרנונפט קאָן די פּרוכטבאַרקייט פון אַ באַטרעפנדן שטח לאַנד פילפאַך פאַרגרעסערט ווערן, הן אין כמות און הן אין איכות. די וועלכע האָבן נאָכגעפאָלגט אונדזער ביישפּיל, האָבן דורכדעם אַ סך געוואונען. ווייל בעצם גייט דאָ ניט אָן קיין פאַרמעסט צווישן אונדז און זיי, נאָר צווישן פאָרשריט און הינטערשטעליגקייט... ניין! מיר האָבן דאָ קיינעמס טראָט ניט ענג געמאַכט. מיר האָבן קיינעמס לאַנד ניט פאַרנומען. מיר האָבן באַבויט זאַמדיגע שטחים, מיר האָבן אויפגעגראָבן אונדזערע אייגענע בריגימער, האָבן אויסגעטריקנט פאַרגיפטיגטע זומפּן, האָבן געזייט און געפלאַנצט אויף וויסטן בור! הפקר־ערד, מדבר־לאַנד האָבן מיר פאַרנומען! לעגאַל האָט אפשר דידאָזיגע וויסטעניש צו אימעצן געהערט, מאָראַליש — צו קיינעם ניט. און אָט דעם געזעץ פון הפקר האָבן מיר אויסגענוצט: די געזעצלעכע רעכט האָבן מיר אויסגעקויפט מיט די אויסגעבלוטיגטע פּרוטות פון אידישע נדבות, די מאָראַלישע רעכט האָבן מיר דערוואָרבן דורך כשרער פּראַצע און פאַרביסענעם ווילן אויפצולעבן אַ טויט לאַנד. דאָס באַזיצן פון אַ קושאַן[1] גיט נאָך קיינעם דאָס גאַנצע רעכט איבערן באָדן!... און ריידנדיג וועגן רעכט, פאַר וועמען האָבן מיר זיך צו פאַרענטפערן? ווער וועט זיצן אין משפּט איבער אונדז? — די וועלט?! העי! אַ סך טאַקי האָט די וועלט זיך אָנגענומען אונדזער קריוודע! א סך האָט זי זיך איינגעשטעלט פאַר אונדזער מענטשלעכער רעכט! מיר האָבן בייגעטראָגן אַ סך מער ווי אונדזער חלק אויף יעדן געביט פון מענטשלעכער טעטיגקייט איבער גאָר דער וועלט; מיר האָבן געשענקט מיט פולער האַנט אונדזערע פעאיגקייטן, אונדזער גאונות — דער ליטעראַטור, דער וויסנשאַפט, דער קונסט; מיר האָבן געבראַכט אונדזערע קרבנות פאַר דער באַפרייאונג פון גאָר דער מענטשהייט. און מיט וואָס האָט אונדז די וועלט אָפּגעדאַנקט פאַר דעם אַלעם? — מיט קאַלטער שנאה, מיט גיפטיגן האַס, מיט אומזיסטע רדיפות! אַ סך האָט די וועלט זיך אָנגענומען פאַר אונדז, ווען מיר זיינען געשאָכטן געוואָרן ווי די קעלבער אינ׳ם פינצטערן פאָניע־לאַנד? אַ סך גערעכטיגקייט האָט די וועלט געפאָדערט, ווען ישוב נאָך ישוב איז אָפּגעגאַנגען מיט אידיש בלוט, מיט לעבנס פון אומשולדיגע ווייבער און קינדער? וואו איז אַהינגעקומען דער שולחן־ערוך פון צדק און יושר, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אונדזער רעכט צו לעבן?! ווען מענטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און זיינען געבליבן שטיין הילפלאָז און דערנידעריגט און צעווייטאָגט פאַר די אויגן פון אַ ציוויליזירטער

1. אייגענטום־צייגעניס.

וועלט, נאָר דערפאַר ווייל זיי באַלאַנגען געשיכטלעך צו אַ ראַסע וואָס הייסט אידן?! וואו זאָלן אַזוינע מענטשן זיך אַהינטאָן?!... און אָט האָבן מיר זיך אויסגעזוכט אַ פאַרוואָרלאָזט ווינקל, אַ שטיקל ערד אויפן גרויסן וועלט־קוגל, אויף וועלכן מיר האָבן אַ היסטאָרישע תביעה. מיר האָבן ריין געמאַכט אירע וואַסערן, געזונט געמאַכט איר קלימאַט, האָבן פאַרטריבן פון דאָרט די טראַכאָמע, די מאַלאַריע, דעם געלן פיבער. מיר האָבן אַנטוויקלט אַ פרוכט־באַרע לאַנדווירטשאַפט, האָבן אויסגעבעסערט די לעבנסבאַדינגונגען, האָבן געעפנט נייע קוואַלן פון שפע. ער — דער אַראַבער — איז פריי צו געניסן פון דעם אַלעם אין דערזעלבער מאָס ווי מיר. אויב דאָס איז נישט קיין גענוגנדיגע באַרעכטיגונג פאַר אונדזער דאָ זיין, דאַן ווייס איך ניט וואָס באַרעכטיגונג איז!...

תמרה האָט אים ווײַלע שאַרף אָנגעקוקט און האָט ענדלעך דורכגעבראָכן איר ביזאַהעריגן שווייגן:

— איר זענט ביידע אַראָפּ פון גלייכן וועג! צוערשט האָב איך זיך געווּאונדערט אויף דוכסעס פּראַגע; נאָר אייער ענטפער, ראובני, האָט מיר אינגאַנצן דערשטוינט. צוואָוואָס דאָס דראַפּן זיך אויף גלאַטע ווענט? צוואָוואָס דאָס קריכן דורך הינטערוועגן? פאַרוואָס ניט אַרויסקומען אָפן מיטן גאַנצן אמת?! מיר זיינען דאָ פאַר איין צוועק: צו העלפן זיך אַליין! אויב אימעצער אחוץ אונדז האָט דורך דעם גענאָסן, איז אודאי גוט. אָבער מיר לעבן ניט און גערייען ניט בלויז אין דעם זכות פון נוצלעך זיין פאַר אנדערע, נאָר ווייל מיר האָבן אַ גלייכע רעכט צו לעבן אונדזער אייגן לעבן! מיר זיינען באַרעכטיגט צו דעם ניט ווייניגער ווי יעדער אַנדער פאָלק, ווי יעדער לעבעדיג באַשעפעניש. מיר ווערן געיאָגט, און מיר מוזן זיך ראַטעווען, באַשיצן! אויף דעם האָבן מיר אַ רעכט וואָס איז העכער פון געזעץ, קליגער פון געריכטלעכן קאָדעקס, שטאַרקער און אויסגעהאַלטענער פון מאָראַל און יושר: אונדזער דרינגנדיגע נויט — דאָס איז אונדזער רעכט!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יענעם גאַנצן נאָכמיטאָג ביי דער אַרבעט, האָט אביגדור געהאַלטן אין איין נאָכטראַכטן פון תמרהס ווערטער. זיי האָבן זיך ווי איינגעזויגן אין זיין האַרץ און מוח, זיך צעזונגען אין זיין בלוט. זייער באַטייט האָט אויפגעבליט און זיך צעוואָקסן פאַר אים מיט יעדן ריטמישן שוואונג פון פיאָש איבער דער נאָכגעביגער ערד. „נויט!... נויט!... דרינגנדיגע נויט!... העכער פון געזעץ, שטאַרקער פון יושר... נויט!... אונדזער דרינגנ־דיגע נויט — דאָס איז אונדזער רעכט!...“

# 27

## ווען דער אָוונט פאַלט צו

**אַ** בריוו פון הדסלען:

„— — — ס'איז צו זען פון יעדער שורה דיינער, אַז דו ווערסט נאָך אײנגאַנצן באַהערשט פון געפיל, מיטגעריסן פון דיין אייגענער באַגייסטערונג — כאָטש דער מאָטיוו איז, אָן ספק, אַן אויפריכטי־גער... איך, ווי דו זעסט, בין נאָך אַלץ דערזעלביגער טרוקענער בעל־חשבון — — —"

הדסלס מאַנסבילשער כתב, אירע קלוגע תלמיד־חכמשע אותעלעך. עס טוט אַ הויך מיט ווייטער היים, מיט פאַרחלומטע שעהן צוזאַמען מיט איר...

„— — — דו ביסט פאַרליבט, בחורל! אפשר — אין אימעצן, אפשר — אין עפּעס. אויב עס איז אַן אימעצער — ווער איז זי? — — —"

ער קאָן איר זען שנירלענדיק דידאָזיגע שורות: איר ווייסער שטערן צווישן די פאַרבענקטע פינגער, די ברעמען פאַרריסן, אויף אירע דינע ליפּן אַ דורכזיכטיגער שמייכל... הדסל — די זוניגע פריידיגקייט פון פרומע קינ־דער־יאָרן, דער טרייסטנדיגער שטראַל אינ'ם נעפּל פון צעטרייסלטע טעג. הדסל — אַ ווייטע, און... אַ זי, וואָס איז ניט הדסל...

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן ראַנד פון בעטל און האָט זיך אָנגעבויגן איבערן בריוו. דער לעצטער אָפּשיין פון טאָג האָט זיך דורכגעזיפּט דורכן פענצטער און איז געפאַלן אויף די צעשווימענדיגע, נאָענטע שורות —

„— — — און איך ווייס ווי שיין דו ביסט אין דיין דערהויבונג, און דיין דערהויבונג איז אין חלום... דו ביסט דער זינגער פון דיין טרוים, אביגדור — — —"

אַרום האָט זיך געטוליעט די פאַרנאַכטיגע דעמערונג. אין דער טונקל האָט אומגעבלעטערט די בלאַסקייט פון בריוו אין זיין האַנט. ער האָט זיך

אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן צו דער וואַנט און איז געבליבן זיצן אומבאַוועגט, מיט פאַרבענקטע גלידער:

„אַ חלום אָן הדסלען אין דער מיט... אַ זי, וואָס איז ניט הדסל... אַ חלום, ווען אַלץ אַרום שלאָגט מיט וואַרצלדיגערווירקלעכקייט, וויברירט מיט לעבעדיגער ממשות: ערד — אויפבוי — דערלייזונג — אַ בויט וואָס איז העכער פון געזעץ — און... די דערהויבונג איז אין חלום... אָ, ווען זי וואָלט נאָר דעם גאַנצן ליכטיגן דאָ מיט אירע אייגענע אויגן געזען, ווי אַנדערש זי וואָלט עס אַלץ אויסגעטייטשט! ווען דער טאַטע וואָלט נאָר דאָ געווען, ווי אַנדערש זיין גמרא־ניגון וואָלט געקלונגען!... הדסל — דער טאַטע — אַ חלום..."

טריט.

די שטילקייט האָט אַ ציטער געטאָן און האָט זיך צעבראָקלט ביים שוועל. ראובני האָט אַ שאָטן געטאָן אין דער טיר —

— אַה, זיבן־און־זיבעציג דונערן און בליצן! וואו ביסטו דאָס מיטאַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן?! כ'האָב אויף דיר געוואַרט ביז איצט אין מטבח, און „והילד איננו!" כ'האָב שוין געדענקט, ניט אַנדערש אַז דו האָסט געכאַפּט אַ טרייסל[1]!

— אַ טרייסל, אָבער פון אַן אַנדער מין... אַ בריוו...

— און אַ בענקעניש האָט דיר אַרומגענומען, וואָס?... זעט נאָר! ער האָט זיך נאָך אפילו ניט איבערגעטאָן! אַה, ניט גוט זאָל דיר ווערן! שוין זאָלסטו מיר אַרויסקריכן פון די תחתונים און — יאַללאַ — געגאַנגען! איך האָב דיר געבראַכט עפּעס צום עסן. די מבשלת האָט עס מיר פונדיינטוועגן מיטגעגעבן.

— אַ דאַנק. איך בין ניט הונגעריג. — האָט אביגדור זיך אויפגעהויבן פון בעטל און האָט גענומען פאַנאַנדערשפּיליען די אויבערהעמדל.

— ע, מיר דאַכט זיך, אַז דו ביסט כדבעידיג פאַרכליאָפּעט, חביבי! וואָס שרייבט זי?

— ווער?

— דיין אונטערקליידל.

— גיי מיר לעזאזל! — האָט אביגדור זיך האַסטיג אָפּגעריסן פון זיין שטעל און האָט זיך גענומען פאַרען אין דער פינצטער אַרום זיין קופערט.

ראובני האָט אָנגעצונדן דעם נאַפט־לעמפּל אויפן טיש —

— נו, האָב איך, הייסט עס, ניט געטראָפן!... דערוויל, ברודער, נישט פאַרלאָרן קיין צייט! — איבערגעטאָן זיך, אָפּגעוואַשן דער פּרצוף, און לאָמיר הויבן פיס! דער נשף מוז שוין זיין האַלב פאַראיבער. מיר'ן שוין קומען נאָך

1. פיבער.

אַלעמען... און תמרה האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל דיר אומבאַדינגט ברענגען אַהין אין צייט... — האָט ער צוגעגעבן אין דער שטיל און האָט וואַכזאַם אַריבערגעקוקט צו אביגדורן דורכן ווינקל פון אויג.

אביגדור האָט אויף אים געוואָרפן אַ פאַרוואונדערטן בליק:

— וואָס?

— גאָרניט. — האָט ראובני זיך געמאַכט אַרויפדרייענדיג דעם קנויט אין לעמפל — וואָס האָסטו זיך אַזאַ כאַפּ געטאָן?

— כ'האָב געמיינט אַז דו האָסט עפּעס געזאָגט.

— אפשר...

*

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין בית־עם, איז דער פאָרמאַלער טייל פונ'ם נשף שוין געווען כמעט פאַראיבער. דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט יונג־וואַרג — וואַכעדיג געקליידט, יום־טובדיג געשטימט. צווישן עולם האָט אביגדור דערקאָנט אַ סך חברה פון די שכנותדיגע קאָלאָניעס. אַ קליין מיידעלע, מיט צוויי שוואַרצע ארץ־ישראלדיגע קאַרשן־אויגן, האָט דעקלאַמירט ביאַליקס „בת ישראל". דער צויבער פון איר קלינגענדיג קינדיש קולכל, די חנעוודיגע באַוועגונגען פון אירע פּוכקע הענטעלעך, האָבן געהאַלטן דעם עולם פאַרגאַפט. אביגדור האָט פון דער ווייט אויסגעזוכט תמרהן. זי איז געשטאַנען ביי דער זייט פון דער בינע און האָט געשלונגען ס'מיידעלע מיט די אויגן; איר פּנים — אַ ליכטיגער אויסגוס פון געשפּאַנטער באַגייסטערונג. ווען דאָס קינד האָט געענדיגט איר דעקלאַמאַציע, האָט איר תמרה אַרומגעכאַפּט און האָט באַדעקט דאָס קליין פּנימל מיט ליידנשאַפטלעכע קושן. נאָך איר האָבן צוויי תימנער בחורימלעך געזונגען „בר יוחאי", און דערמיט האָט זיך געענדיגט דער ערשטער טייל פון דער פּראָגראַם.

די בענק זיינען אָפּגעשאַרט געוואָרן אויף אַ זייט, אַרום די ווענט. דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט אַ וואַלץ. פּאָרלעך האָבן זיך פאַרמירט צום טאַנץ. אביגדור האָט באַמערקט, אַז די קאָלאָניסטישע זין און טעכטער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, אָפּגעזונדערט; די אַרבעטער־יוגנט האָט זיך אָפּגעזוכט זייער גלייכן. אין עק זאַל זיינען געשטאַנען פּועלים אין אַ קרייז, און בן־טובים — אַ בעסאַראַבער בחור מיט זשוואַווע אויגן און געקרויזטע האָר — האָט מיט זיי איינגעזונגען אַ נייעם זמרל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון גליל. אביגדור איז צוגעשטאַנען צו דער גרופּע אַרבעטער און האָט מיטגעזונגען. תמרה איז באַלד צוגעקומען צו אים:

— אַ וואַלץ, דוכס!

— מיט אַ פּועל?

זי האָט אים שטיפעריש אַ פּאַטש געטאָן איבער די ליפּן און האָט מיט כלומרשטן פאַרדרוס אַ שמייכל געטאָן:

— וועגן דעם וועלן מיר זיך אַן אַנדערש מאָל אויסטענהן, דערווייל——

ער האָט איר לייכט אַרומגענומען ביי דער טאַליע און האָט איינגעשלייפט איר האַנט אין זיינער. איר בויגזאַמע פיגור האָט זיך ווי איינגעפורעמט אין זיינע אָרעמס. ער האָט איר שטייפער צוגעדריקט צו זיך, און מיט טאַנצנדיקע טריט האָבן זיי זיך אַוועקגעשיפט איבער די כוואַליגע קלאַנגען פון דער וואַלץ־מוזיק.

ער האָט געטאַנצט מיט שרה מייזלס, די מבשלת, מיט דער טשערניגאָווער פועלת — אַ פערגלדיגע, בלויאויגיגע מיידל, אויף וועלכער אבשלום כרמי, דעם מוכטאַרס זון, האָט געהאַלטן אַן אויג, און באַלד — ווידער מיט תמרהן. זיי האָבן זיך אומבאַוואוסטזיניג אויסגעזוכט, שווייגנדיג אַרומגענומען, און האָבן זיך אויסגעמישט צווישן די טאַנצנדיגע פּאָרלעך. תמרה האָט אָנגעלענט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל. אירע האָר האָבן באַרירט זיין שליף. ער האָט דערפילט אויף זיך די מיידלשע וואַרעמקייט פון איר לייב, דעם ציטער פון איר ווייכן אָטעם אַרום זיין האַלדז. זי איז מיט יעדן וויג ווי גרינגער געוואָרן אין זיינע אָרעמס.

— ביסט אַזוי לייכט, תמרה.

— ס'איז מיין ליבלינג־וואַלץ.

— שוין לאַנג אַזוי ניט געטאַנצט...

בן־טובים איז אויסגעוואַקסן אין מיטן זאַל;

— רבותי! אַ האָראַ!

די מוזיק האָט אויפגעהערט. בן־טובים האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע.

אָרעם אין אָרעם איינגעפלאָכטן, האַנט אויף אַקסל אַרויפגעלייגט. פויער־זון און ליאַדע־פּועל — איין שלענגלדיגע קייט, איין שווינדלדיגע ראָד —

הנה מה טוב ומה נעים
שבת אחים גם יחד!

ברייטער ווערט די ראָד־און־ראַנע, צעכראַשטשעטער — דער קאַראַהאָד; הייס און שטורעמדיג — דער אָטעם; דרייסט און מונטער הויבן, קרייצן זיך די פיס —

הנה מה טוב! ומה נעים!

— ראָנדאָ!

לאַנגע שרענג — אין פּאָרן, דרייען; שורות וויגנדיגע שטראָמען, כוואַליען. איינגל — מיידל — היגער — פרעמדער — יוגנט גייט אַצינד אַ טאַנץ!

שירה חדשה שבחו גאולים!

שערן, בויגל און קאַדרעלן; קרענץ פון אויפגעבליטער פרייד. אויגן ברענען, ליפּן גלוסטן, ס'פּויקן זינגענדיגע טריט —

שירה חדשה שבחו גאולים!

— דעבטשע!

ענג־געקניפט, הענט געגאַרטלט, טראָגט זיך דבקותדיג דער שנור. טעמפּע טריט, לויזע גלידער, אַ טאַמבורין פויקט־צו פאַרטויבט —

אשאלה אלהים
יגאל שבויים...

אַ בויג די קני, דעם קאָפּ געהויבן, מודימדיג א נייג דעם רוקן. אַ ברוסטיג צוברום, דער טראָט פאַלט שווערער, פרומער; פאַרקלערטער ציט זיך דער מזרח־טאַנץ —

יאסוף זרועים
רחמן רחם!...

— הידד, בן־טובים!!
דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט.
אביגדור האָט לאַנגזאַם אַרויסגעלאָזט תמרהס האַנט פון זיינער און האָט אַרויפגעשאַרט די האָר פון איבער זיין שטערן —
— ה—וי! ס'שווינדלט מיר אַזש פאַר די אויגן!
תמרה האָט זיך הילכיג צעלאַכט.
— נישט צוגעוואוינט. אין ארץ־ישראל טאַנצט מען ביז דער קאָפּ דרייט זיך די פיס אָבער מוזן בלייבן פעסט אויפן באָדן! דאָסמאָל וועל איך אייך פאַרגעבן...
ער האָט אָפּגעזוכט אַ פרייען פּלאַץ ביים אַריינגאַנג און האָט זיך צוגעזעצט. די טענץ האָבן אָנגעהאַלטן. ער האָט פון דער ווייט באַכגעקוקט די טאַנצנדיגע פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך דורכגעטראָגן פאַרביי. תמרה האָט געטאַנצט מיט אבשלום כרמין. אביגדורס בליק האָט זיך יעדן מאָל פאַרהאַלטן אויף איר. זי האָט זיך ווי אויסגעשיילט פאַר אים פון דעם גאַנצן פריילעכן האַרמידער. דורך די אָפענע טירן האָט אַריינגעדרונגען די דרויסנדיגע אָוונט־קילקייט. ער האָט לויז־געמאַכט דעם קאָלנער פון העמדל אַרום האַלדז און האָט טיף אָפּגעאָטעמט. פון קעגנאיבער האָט אימעצער אים אויפמערקזאַם אָנגעקוקט אַ לענגערע ווײַלע און האָט זיך ענדלעך דערנענטערט צו אים.
— דייכעס, אויב איך מאַך קיין טעות ניט... — האָט יענער פאַרזיכטיג באַרירט זיין אַקסל.
אביגדור האָט זיך אומגעקוקט אויף אים. דעם יונגמאַנס פּנים איז אים געווען באַקאַנט. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט: ס'איז דער אוקראַאינער בחור'ל, אַ בוכהאַלטער פון דערהיים, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט אין אָדעס, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.
— אַ, שלום, טווערסקי! פון וואַנען האָט איר זיך אַהער גענומען?
— פון נס־ציונה. געקומען אַהער צום נשף.

— די גאַנצע צייט געווען אין נס־ציונה?

— כמעט. שוין געפּראוווט זיך אין גליל, דורכגעשפּאַנט יהודה אין דער לענג און אין דער ברייט. פאַר די לעצטע פאַר וואָכן געפונען אַביסל אַרבעט אין וואַדי־כנין... בין געקומען מיט אַ כאַליאַסטרע צום נשף אַביסל אויסצו־לופטערן די מרה־שחורה, דורכטאַנצן זיך אַביסל איידער איך פאַר אָפּ פון דאַנען.

— איר פאָרט אַוועק?! וואוהין?

— צוריק.

— קיין חוץ־לארץ?

— יאָ, אַהיים... — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרשולדיגטן שמייכל — אַנטוישט...

אביגדור האָט זיך צוגעקוקט צו זיין פּנים, צו דער אַשיגער גרויקייט פון זיין הויט, צו די אַנגעשפּאַלטענע, פאַרטריקנטע ליפּן. עס האָט אַ גלי געטאָן פאַר אים די קרענקלעכע געלקייט פון טווערסקיס אויגן־ווייסלען. ער איז געווען דערשיטערט צו דערזען די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם ענטוזיאַסטישן יונגנמאַנס אויסזען דורך די עטלעכע חדשים צייט. זיינע לעצטע ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ טרוקן, פאַרטאַיעט קול, אונטער וועלכן ס'האָט זיך באַשיינפּערלעך געשטיקט אַ פאַרבאָרגענער, נאָגנ־דיגער וויטאָג. אביגדור האָט זיך אַנגעשטרענגט ניט אַרויסצואווייזן זיין איבעראַשונג.

— אַנטוישט אין ארץ־ישראל?

— אַביסל — אין ארץ־ישראל, מער אפשר — אין זיך אַליין. ס'איז קיין תכלית ניט אַזוי...

— איז אייך די אַרבעט געפאַלן צו־שווער?

— ניין. דאָס וואָלט נאָך אפשר ניט אַזוי אויסגעמאַכט. איך בין געקומען אַהער אַרבעטן, און מ'וואָלט זיך ווי עס איז צוגעוואוינט צו דעם. ס'איז ד אָ ס זוכן ד י אַ ר ב ע ט — דאָס דאַרפן זיך איינבעטן — איר פאַרשטייט? — די באַציאונג, וועלכע לאָזט דיר אויף יעדן טריט און שריט פילן דיין עלנט דאָ. אַ מענטש קאָן זיך דאָך ניט העלפן און ניט פאַרבענקען זיך, ווען אַרום אים — פון אַלץ וואָס האָט געזאָלט זיין אייגנס, דיינס — שלאָגט מיט אַזאַ קאַלטער אָפּ־געפרעמדקייט...

ער איז אויף אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן.

— און אפשר איז עס גאָרניט די שולד פון ארץ־ישראל; — האָט ער באַלד פאַרגעזעצט אין אַ צעברעקלט קול — אפשר איז עס מיין אייגענע אומ־פעאיגקייט, מיין פיזישע שוואַכקייט, דאָס אָפטע פיבערן, וואָס האָבן מיר אַריינגעטריבן אין אַ פּעסעמיסטישער שטימונג... אַלענפאַלס, איך בין מסתמא

ניט דער איינציגער און ניט דער לעצטער, וואָס פּילט אַזוי. איר געדענקט אודאי די שוועסטער מיטן ברודער, וועלכע זיינען מיט מיר צוזאַמען געפאָרן אַהער —

— די קוזינען אייערע ?

— יאָ, טאַקי די ! ער האָט שוין די טעג באַקומען אַ שיפסקאַרטע פון אַמעריקע און איז איצט אין יפו : וואַרט אויף אַ שיף. זי וועט מיט מיר צוריקפאָרן... נו, איך מוז גיין — האָט ער זיך פלוצים אַוועקגעריסן און האָט זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג — כ'מוז אָניאָגן די נס־ציונהר כאַליאַסטרע ; זיי וועלן נאָך אַוועקגיין אָן מיר. זייט געזונט ! אפשר וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל זען. להתראות ! ...

אביגדור האָט געהאַט דעם געפיל, אַז דער יונג נויטיגט זיך אין דער־מוטיגונג אין שטאַרקונג ; אַז אַ פריינדלעכע דערנענטערונג, עטלעכע וואַרעמע ווערטער פון אָפענער אויפקלערונג, וואָלטן אים אַרויסגעשלעפּט פון דער נידערשלאָגענער שטימונג זיינער, און וואָלטן אים צוריקגעהאַלטן פון באַגיין דעם שריט, וועלכער פאַרשאַפט אים אַזאַ האַרצקלעמעניש. ער האָט אָבער אין זיך די דאָזיגע ווערטער ניט געפונען. ער האָט בכלל ניט פאַרמאָגט קיין ווערטער פאַר דעם יונגנמאַן, וועמענס צווישן־שווייגן האָט גערעדט מער ווי דאָס ריידן אַליין ; וועמענס גליענדיג־שטומער בליק האָט אַזוי פאַרצווייפלט געזוכט אַן אָנהאַלט אין דעם געראַנגל מיט זיך, אַ ווערונג קעגן דער אַנטוי־שונג, וועלכע האָט אים אָנגעטראָפן איב'ם לאַנד פון זיין שטרעבן. ער האָט שווייגנדיג נאָכגעפאָלגט דעם יונגמאַנס נאָכגעלאָזענע באַוועגונגען, זיינע גע־איילטע, פלאָנטערדיגע טריט, וועלכע זיינען פאַרגאַנגען אין דער אָוונטדיגער בלויקייט. „ניין, ער איז ניט קיין שוואַכער. שוואַכע זוכן ניט די שולד פון זייער דורכפאַל אין זיך אַליין... און ער איז ניט דער איינציגער און ניט דער לעצטער... עס מוז זיין אַ טיפערע סיבה פאַר אָט דעם ניט־איינלעבן זיך, ווי בלויז די פערזענלעכע אַנטוישונג, ווי דער אייגענער בענקען. מענטשן גיבן ניט אַזוי לייכט אויף זייער חלום, זייער קאַמף ! מענטשן זאָגן זיך ניט אָפּ אַזוי לייכט פון זיך אַליין !...״

ער האָט זיך געפונען שטיין צווישן די בוימער פאַרן אַריינגאַנג צום בית־עם. ביי די טרעפּלעך פון אַריינגאַנג האָט אָפּגעהילכט תמרהס פולהאַלדזיגער געלעכטער. באַלד האָט זיך אין דער באַלויכטענער פאַסמע, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן פאַר דער טיר, אויסגעסילואירט די געשטאַלטן פון ראובנין מיט שרה מייזלס און עטלעכע פאָרלעך. זיי האָבן גענישטערט מיט די אויגן אין דער אַרומיגער טונקלקייט. זיין נאָמען איז עטלעכע מאָל דערמאָנט געוואָרן. תמרה איז געווען די ערשטע צו דערזען אים אַרויסקומען פון צווישן די בוימער.

— אָט איז ער, „דער קאַוואַליער״! לאָזט איבער דעם טאַנץ אין מיטן ברען און שטעלט זיך סודען מיט דער לבֿנה, כאַ־כאַ־כאַ! ווי ווערט מען דאָס אַזוי נעלם?!

— כ׳האָף אַז איר זענט זיך דאָרט באַגאַנגען אָן מיר... כ׳האָב זיך גע־טראָפֿן מיט אַ באַקאַנטן, אַ שיפֿברודער; ער פֿאָרט צוריק קיין חוץ־לארץ.

— אַזוי?! „ער פֿאָרט צוריק קיין חוץ־לארץ״ — יאַ־באַ־יע![1] אַזאַ אומ־גליק, אַזאַ פֿאַרלוסט! אָבער וואָס איז דער נשף שולדיק דערין?... בראַוואָ, בן־טובים! פֿאַר דער לעצטער ראָנדאָ קומט אייך אַן אמתן יישר כוח; ס׳איז געווען אַ טאַנץ מיט נשמה!... ס׳מעג אייך באַנג טאָן וואָס איר האָט עס פֿאַרפֿעלט, דוכס.

— ס׳טוט מיר באַנג — ס׳טוט מיר באמת באַנג... — האָט ער אָפּגערעדט ווי צו זיך אַליין, און איז צוגעשטאַנען צו דער כאַליאַסטרע.

זיי האָבן זיך דורכגעשלייכט דורכן באַשאָטנטן הויף פֿון בית־עם און אַרויס אויף דער לבֿנה־באַלויכטענער גאַס. דאָ האָט מען זיך איינגעטיילט אין פּאָר־לעך: ראובֿני איז געגאַנגען מיט שרה מייזלס, בן־טובים האָט אויסגעכאַפּט דער טשערניגאָווער מיידל איידער כרמי האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו צושאַרן זיך צו איר, אבֿיגדור האָט זיך געהאַלטן נעבן תמרהן, און אבֿשלום כרמי האָט ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי אַרומצונעמען זיך מיט שושנה פֿרומקינען. און מיט זאַרגלאָזע, אָונט־רואיקע טריט האָט מען זיך בחבֿרותא געלאָזט אַראָפּ־גאַס, צו די כרמים.

---

1. ווייגעשרייען!

# 28

## אין דער בלויער שטילקייט

ס'איז געווען איינע פון יענע ארץ־ישראל־נעכט, וועלכע לאָזן ניט גיין שלאָפן. עפּעס אַזויגס איז געהאַנגען אין דער קילער אָוונט־לופט, וואָס האָט גערופן צו באַטרעטן מיט ווייכע, געמאָסטענע טריט די פאַרסודעטע שטעגן צווישן די כּרמים, צו אומבלאַנקען צילל‏אָז צווישן די פאַרגאַפטע שאָטנס פון די שטילע ציפּריס־אַלעען, און זיך צוהערן מיט אָפענע חושים צום שטומען געזאַנג פון דער מזרח־נאַכט, צו פאַרנעמען מיט אַ וואַך האַרץ דעם חלום פון די שטערן, דעם געפּליסטער פון בוימער און גראָזן... יענע נעכט, ווען עס דערטראָגן זיך אויף סאַמעט־ווייכע פליגל זאַנפטע בערג־ווינטלעך, פאַרגנבענען זיך צווישן די קוסטן, וועקן־אויף פון זייער קינדישן שלאָף די עופלדיג־באַפּוכטע אַקאַציע־בלימעלעך און צעכישופן אין דעם בלויען רוים די בשמים פון זינגענדיגע פאַרלאַנגען; ווען דאָס אויג ווייסט ניט מער פון קיין ווייט, קיין הויך, און דער הימל הענגט אַזוי נידעריג, כאָטש נעם און דערלאַנג עס מיטן האַנט און פאַרקלייב זיך צווישן די שטערן, און וועב זיך איין מיט זיי צוזאַמען אין דעם סוד פון גאָלן שווייגן, אין דעם טרוים פון כולו־בלוי...

שטיל. ערגעץ אין דער טיף פון די גערטנער האָט אָפּגעהילכט דאָס פייפן פון אַ שומר. אַ שאַקאַל האָט זיך צעיאָמערט אין דער ווייט. צווישן די בייטן און אַ קירבעס־פעלד האָט זיך געבערעקלט דער טרוקענער פּרעפּלען פון אַ ווייס־געהילטן כאַדזש, בן־טובים האָט זיך צעזונגען:

מה ימים הלילות בכנען,
צוננים הם ובהירים;
הדממה פלטה שיר
ויען לה לבי בשירים[1]...

---

1. שיין זיינען די נעכט אין כנען,
העל און דורכזיכטיג און קיל;
אינ'ם שווייגן גייט־אויף אַ ליד,
מיין האַרץ ענטפערט מיט געזאַנגען שטיל...

אַרויסקומענדיק אויפֿן פֿרייען וועג הינטער דער קאָלאָניע, האָבן זיך די פֿאַרלעך ביסלעכווייז דערווייטערט איינע פֿון די אַנדערע. אביגדור מיט תמרהן זיינען געוועז אָפּגעשטאַנען אַ היבשע שטרעקע, און ביים ערשטן קרייצוועג האָבן זיי אײנגאַנצן פֿאַרלאָרן די שפּורן פֿון די איבעריקע. אין דער לופֿט האָט נאָך ערגעץ אומגעבלאָנדזשעט אַ ווייטער ווידערקול פֿון בן־טובימס געזאַנג:

מולדתי ארץ כנען,
מגמתי שדות חורן...[1]

נאָר פֿון וואַנען דער קול האָט זיך געטראָגן איז ניט געווען צו דערגיין, און זיי האָבן זיך גאָרניט געמיט דאָס אויסצוגעפֿינען. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען אויף אַ רואיגער סטעזשקע צווישן די וויינגערטנער און האָבן אָנגעהאַלטן זייער געלאַסענעם גאַנג. דאָ און דאָרט האָט זיך אַ גריל צעטשירפּעט אין דער באַהעלטעניש פֿון אַ צוים. נאַכטפֿליגן האָבן אויפֿגעטליעט און זיך געלאָשן איבערן וועג. אביגדור האָט איינגעשלייפֿט זיין אָרעם אין תמרהס און האָט זיך היסח־הדעתדיק אומגעשפּילט מיט אירע פֿינגער אין זיין האַנט.

— איך קאָן זיך נאָך אַלץ ניט באַפֿרייען פֿון דעם איינדרוק, וואָס דידאָזיגע אויגן האָבן אויף מיר געמאַכט! — האָט ער זיך אָנגערופֿן. — עס איז געווען אין זיי דער בליק פֿון איינעם וואָס שטייט ביים זוים פֿון אַן אָפּגרונט און דערזעט פֿאַר זיך דעם שוואַרצן תהום, אין וועלכן דאָס לעבן טרייבט אים זיך צו וואַרפֿן. תמרה! עס איז מ ע ר ווי דער פֿאַרדרוס פֿון דער אייגענער אַנטוישונג; ס'איז מ ע ר ווי די באַליידיגונג פֿון צוריקקומען מיט גאָרניט...

— אָ, ס'איז ניט כדאי צו לאָזן זיך פֿאַרשטערן אַזאַ שיינעם אָוונט איבער דעם! — איז געקומען תמרהס לייכטהאַרציגער ענטפֿער — דאָס זיינען שוואַכמוטיגע, אָפּפֿאַל; און אַזוינע וועלן שטענדיק זיין, אַזוי לאַנג ווי די איינוואַנדערונג קיין ארץ־ישראל וועט אָנהאַלטן. פֿאַר מוטלאָזיגע איז דאָ קיין פּלאַץ ניטאָ!

אביגדור האָט זיך געפֿילט געטראָפֿן —

— דערדאָזיגער אורטייל איז אַביסל צו־געאיילט, צו־האַרב, תמרה. ס'איז גרינג צו באַצייכענען אימעצן אַלס שוואַכלינג, אַלס מוטלאָזיגער, און דערמיט זאָל, ביז אַ געוויסער מאָס, פֿאַרענטפֿערט ווערן זיין דורכפֿאַל. ס'קאָן אָבער אַזוי לייכט מיט דער האַנט ניט אָוועקגעמאַכט ווערן! פֿאַרגעס ניט, אַז אַהער דערציט זיך דער בעסערער עלעמענט פֿון פֿאָלק, די שמנא וסלתא פֿון דער אידישער יוגנט. עס פֿאָדערט זיך מער ווי „שוואַכקייט“, מער ווי „מוטלאָזיגקייט“ צו פֿאַרלאָזן אַ היים, צו אויסוואָרצלען זיך פֿון אַן איינגעלעבטער

1. מיין היימאַט — דאָס לאַנד כנען,
מיין בענקשאַפֿט — די פֿעלדער פֿון חורן...

סביבה, צו אַפּזאָגן זיך פון אַלץ וואָס איז ליב און טייער, און אָנהויבן אַ לעבן פון דאָסביי. דידאָזיגע מענטשן האָבן דאָך עפּעס מיט זיך אַהער מיטגעבראַכט; מיט זיי איז דאָך אַהער מיטגעשוואומען אַ ווילן צו טאָן, אַ פאַרלאַנג צו בויען, צו אָפּפערן זיך; זיי האָבן דאָך, אָן ספק, געפילט אַ געוויסע אינערלעכע שייכות צום היגן לעבן. און עס פאָדערט זיך מער ווי פערזענלעכע אומצופרידנקייט, מער ווי אייגענע אַנטוישונג צו אַנערקענען דעם אייגענעם דורכפאַל, צו איינגיין אויף דעם באַנקראָט פון די אייגענע כחות! ס׳איז גענוג געווען איין קוק צו טאָן אין דעם יונגנמאַנס אויגן צו איינזען ווי טיף זיין לײַדן איז, ווי שווער עס קומט אים אָן דאָס שיידן זיך מיטן לאַנד פון זיין אידעאַל... ניין, די סיבה פון זייער ניט־איינלעבן זיך דאָ איז אַ סך אַ טיפערע.

— און וואָס, וואָלסטו געזאָגט, איז די אורזאַך?

— איך ווייס ניט. נאָר אפשר ליגט צומאָל די שולד פון דעם אין די וועלכע זיינען דאָ — אין די, וועמען די „שוואַכע" האָבן דאָ געטראָפן. איך מיין: אָט די קאַלטקייט, אָט די פרעמדקייט, אָן וועלכע די טוערסקיס שלאָגן זיך אָן ביים אָנקומען אַהער. תמרה! דאָ אין ארץ־ישראל האָט אַזוינס ניט געטאָרט געשען! פאַר אונדז זיינען דידאָזיגע כוחות וויכטיג. זיי טאָרן ניט איבערגעגעבן ווערן צום יאוש.

תמרה האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט.

— דאָס איז אפשר אַ גאַנץ פיינע השערה, דוכס, אָבער די אמתע אורזאַך איז ווייט ניט דאָס.

— וואָס דען?

— אָט וואָס: מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן אויפצובויען אַ ניי לעבן, אַ געזונטן לעבן — אָן אַרט לעבן, וועלכער איז אפשר דעם גלות־אידן פרעמד. און דערדאָזיגער נייער לעבן האָט שוין באַוויזן צו שלאָגן דאָ טיפע וואָרצלען, האָט אָנגענומען געוויסע פאָרמען, איז געוואָרן אַ ממשות. אידן האָבן דידאָזיגע דערשיינונג אויפגעכאַפּט פון דער ווייט, אידן האָבן זיך גענומען ציען אַהער, אידן קומען. און אין דעם שטראָם פון איינוואַנדערונג געפינען זיך אַזוינע, וואָס — אַ דאַנק זייער איינגעבאָרענער יערנונג נאָך ארץ־ישראל — האָבן געלאָזט זייער פאַנטאַזיע זיך צעשפּילן, און זייער כוח־הדמיון — זיך צעפליגלען. זיי האָבן זיך אויסגעמאָלט: ארץ־ישראל — אַ מלאכים־וועלט, אַ גן־עדן־לאַנד: אַלץ וואָס אַ איד דאַרף טאָן, איז נאָר דערשווימען צו איר ברעג, און ער ווערט באַלד דערלייזט און אויפגעריכט. דערדאָזיגער ארץ־ישראל האָבן זיי געזוכט, צו דערדאָזיגער ארץ־ישראל האָבן זיי זיך געצויגן. און ווען זיי האָבן זיך דאָ אָנגעטראָפן מיט דערווירקלעכקייט — ווען זיי האָבן דערזען אַז דאָס ניי לעבן דאָ איז אָן ערדישער, און פאָדערט אַרבעט און קרבנות, זיינען זייערע העכסטע פאַרשוואַכט געוואָרן און זייער מוט איז געפאַלן, און זיי האָבן זיך פאַרבענקט צוריק נאָכן טומל פון גלות.

פאַרשטייסט? — זיי ווערן אַנטוישט, ווייל דאָס לעבן איז ניט נאָכגע-
קומען זייער דמיון, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט צופּאַסן
דאָס לעבן צו זייער אויסגעחלומטן באַגריף.
מיר אָבער מוזן געדענקען, אַז מיר שטייען אין בויען. מיר נויטיגן זיך אין
געזונטע כוחות, און אַזוינע פאַרבלייבן מיט אונדז; די שוואַכע און די אָפּ-
הענדיגע מוזן פאַלן ביים זייט פון וועג, און מיר טאָרן צוליב זיי ניט פאַר-
האַלטן אונדזער פאָרדראַנג צום ציל!... איך ווייס, אַז עס איז אפשר אַביסל
אכזריותדיג זיך אַזוי אויסצודריקן, אָבער דאָס איז דער אמת פון לעבן.
מיר קאָנען זיך צופּאַסן צום לעבן — מיר קאָנען זיך
איינלעבן אין אים; מיר קאָנען אָבער דאָס לעבן ניט
איבערמאַכן!...

— אָבער דאָ גייט ניט אין איבערמאַכן דאָס לעבן, תמרה; דאָ איז
די פראַגע, פאַרוואָס קאָנען זיך אָט די ניט איינלעבן? כ'וועל צוגעבן, אַז ביז
אַ געוויסער מאָס האָבן זיי אפשר צופיל דערוואַרט, צופיל געחלומט; אָבער
די יסודות פון דער נייער סביבה. די נשמה פון דאָס ניי לעבן
איז דאָך זיי נאָענט, ליב, טייער. דאָס איז דאָך וואָס האָט זיי גערופן, געבראַכט
אַהער. זאָל שוין אפילו זיין ווי דו ווילסט דרינגען: זיי זיינען
שוואַך; זיי קאָנען זיך מיט די אייגענע כוחות ניט צוקניפּן צו דער נייער
סביבה; איז דערפאַר קומט זיי אָפּגעענטפערט צו ווערן מיט אַזאַ קרירות, מיט
אַזאַ גלייכגילט?! וואו זאָל אַ מענטש אַ שוואַכער זיך אַהינטאָן?! אַ מענטש —
ווי אָרים זיינע כוחות זאָלן ניט זיין — מוז דאָך האָבן פאַר זיך אַן אָרט אין
לעבן, מוז דאָך נוצלעך זיין פאַר עפּעס... און לאָמיר זיין אָפנהערציג: איך
קאָן נאָך פאַרשטיין אָט די באַציאונג מצד דעם עלטערן דור דאָ — די
אַליין־אַריבערגעקומענע. זיי האָבן נאָך אינגאַנצן ניט אויסגעלופטערט פון זיך
דעם גלות; זיי האָבן נאָך פון דאָרט מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אומצוטרוי צום
ברודער־מענטש, אַן איינגעבוירענע מורא אַז זייער שטיקל זיכערקייט זאָל פון אי-
מעצן אַנדערש ניט באַשעדיגט ווערן. זייער פריערדיגער באָדנלאָזער עקאָנאָמי-
מצב האָט עס אין זיי איינגעפלאַנצט. אָבער דער נייער דור — דער ארץ־
ישראלדיג־געבוירענער — ווען ער וואַקסט אַרויס אַזאַ באַציאונג, דאָס טראָגט
שוין אַ גאַנץ אַנדער באַטייט: דאָס שמעקט שוין מיט דערווייטערונג,
מיט אָפּגעפרעמדקייט פון אייגן פלייש־און־בלוט. און אַזאַ
באַציאונג עקזעסטירט, תמרה. דו ווייסט אַז עס עקזעסטירט. און איך טראַכט
אָפט אויב דאָס זאָל אַמאָל ניט דערפירן דערצו, אַז עס זאָל ביי אונדז געשאַפן
ווערן אַ באַזונדער שבט — אַ שבט פון ארץ־ישראל־אידן...

— איך בין גרייט איינצוגיין אפילו אויף דעם! — האָט תמרה אַנטשלאָסן
זיך אָפּגערופן — נאָך אַלעמען, וועט דאָס גאַנצע פאָלק קיינמאָל
ניט אַריבערוואַנדערן קיין ארץ־ישראל, און דאָס לאַנד איז גאָרניט מסוגל זיי

אויפצונעמען. און ס'איז אפשר גאָרניט וויכטיג אַז אַזוינס זאָל געשעהן. נאָר אויב אַן ארץ־ישׂראל־שבט וועט געשאַפן ווערן, וועט עס זיין אַ שבט פון מוטיגע, פון דורכאויס־דערלייזטע — אַ שבט פון אידן וועלכע זיינען קערפּער־לעך שטאַרק און געזונט גייסטיג, וועמענס השפּעה ס'וועט זיך מוזן לאָזן פילן אויפן גלות.

— דאָס, תמרה, איז נאָך ביי מיר אַ גרויסער ספק. איך ווייס נאָך ניט אויף וויפל דער נייער ארץ־ישׂראלדיגער דור איז מסוגל אויפצונעמען דעם ריין־אידישן גייסט, זיין עטיק און טראַדיציע, און עס מאַכן פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. און אָפּן גערעדט: איך ווייס נאָך בכלל ניט ווי שטאַרק זיין אייגענע צוגעבונדקייט צום לאַנד איז, און ווי ווייט זיין נאַצי־אָנאַלער באַוואוסטזיין דערגרייכט. אויף וויפל איך קאָן זען, איז זיין אַלגעמיינע דערציאונג אַן אויסגעשנאָרעטע, אַ צעקריפּלטע, און אויפן ריין־אידישן געביט — שוידערלעך הינטערשטעליג און אויבערפלאַכיג. דער היגער חינוך האָט נאָך, ליידער, ניט אָנגענומען קיין באַשטימטע פאָרמען, קיין אייגנאַרטיג פאַרב. אונד־זער גייסטיגע ווערטן, אונדזערע פאָלקס־אוצרות, ווערן נאָך געטראָגן פון אונד־זערע ברידער אין גלות. זיי זיינען נאָך עד־היום די ממונים איבער דעם. דאָס אַלץ וועט מיט דער צייט מוזן איבערגעפלאַנצט ווערן, דורך געטרייע הענט, אויפן ארץ־ישׂראלדיגן באָדן, לאָזן זיך אויסזונען אונטערן ארץ־ישׂראלדיגן הימל, און וועט מוזן איינגעזאַפּט ווערן אין דאָס בלוט פון דעם נייעם ארץ־ישׂראלדיגן אידן. און דאָס וועט מוזן געטאָן ווערן איידער די עקזעסטירנדיגע אָפּגעפרעמדקייט איז צו־ווייט דערגאַנגען; איידער די אָפּגעזונדערטקייט האָט זיך איינגעפעסטיגט. די דערלייזונג פון גייסט טאָר ניט פאַרשפּעטיגט ווערן!

— אין דעם, בחור, בין איך מיט דיר פולשטענדיג מסכים! — האָט תמרה ווילּיג איינגעשטימט. — און איז דאָס אַליין ניט די איראָניע פון אונדזער גורל? מיר — דער עם־הספר — האָבן אַרויסגעגעבן פון צווישן זיך אַ סך געלערנטע, אַן אַ צאָל דענקער; נאָר מדריכים, פאָלק־לערער פאַר זיך אַליין — דאָס האָבן מיר ניט באַוויזן צו דערציען. מיר האָבן מלמדים, אָן אַ שיעור פאַרמוחטע אידן; אָבער מענטשן מיט פאָרזוכט, מיט אַן אָפענער אויג און אַ געזונטן חוש פאַרן יונגן לעבן — די פעלן אונדז אויס דאָ, אַזוי גוט ווי אין גלות... עס איז די עובדא פון דעם אמתן פאָלק־לערער צו אויסגעפינען און אָפּשאַצן באַצייטנס די נאַטירלעכע נייגונגען און פעאיגקייטן פון יעדן קינד וואָס קומט אונטער זיין השגחה, און זיי אינדיווידועל אַנטוויקלען אין דער באַטרעפנדער ריכטונג. וואָלטן מיר אַזוינע לערער פאַר־מאָגט, וואָלטן מיר איצט ניט פאַרמאָגט אַזויפיל טוערסקיס. עס פאָדערט זיך אַ גוטער פאָלק־לערער צו דערציען אַ גוטן פויער, אַ געזונטן פאָלק־מענטש.

פאָלק־לערער זיינען די גרונטזיילן פאַר די קומענדיגע דורות! נויט וועט זיי אויפזוכן, צייט וועט זיי אַנטוויקלען...

זי האָט באַזאָכט אַ קוק געטאָן אויף אַביגדורן.

אביגדור האָט פון דער זייט באַטראַכט איר פּנים: זי איז געווען שיין. אין דעם מילדן לבנה־שיין איז איר גאַנצער וועזן געווען אין בלאַסע שטיק־רייץ. אירע שטאַרקע געזיכטצוגן האָבן זיך ווי מיטאַמאָל אויסגעווייכט און זיינען באַהויכט געוואָרן מיט אַ טויאיגער צאַרטקייט, ווי פריער אין אָוונט, ווען זי האָט זיך צוגעהערט צו דער קליין מיידעלע דעקלאַמירן. דידאָזיגע ענדערונג האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ שטילער צעטומלטקייט און האָט אים גערעגט צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין זיינע געפילן צו איר; צו דערשיילן זיך צום סוד פון איר וועזן, פון איר אַנדערשקייט.

אין אָנהויב, ווען ער האָט זיך מיט איר צוערשט באַקאַנט, האָט ער אין איר געזען די זוניגע שפּילעוודיגקייט, די אָפענע זאָרגלאָזיגקייט, וועלכע האָבן אַרויסגעזונגען פון איר וועזן. עס איז געווען עפּעס באַזונדערס חנעוודיגס אין אירע שטיפעריי. ער האָט אין דעם איינגעזען דאָס געזונטע, דאָס קערנדיגע, דאָס דערפרישנדיגע. נאָר אַזוי, האָט ער געטראַכט, דאַרף אַ טאָכטער פון דעם נייעם ארץ־ישראל־דור אויפנעמען די זיכערע סביבה, דאָס ניי־געשאַפן לעבן! איינגעפונדעוועטע פּרעגן ניט, איינגעפונדעוועטע חקרנען זיך ניט; איינגעפונדעוועטע לעבן, איינגעפונדעוועטע באַזינגען זייער אומגעבונג מיט פולן געלעכטער, באַפליגלען עס מיט לייכטע קאַפּאָווען. דידאָזיגע דערשיי־נונג האָט אים געפרייט, כאָטש אָפט זיינען אירע שפּאַסן געפאַלן אויף זיין חשבון.

ער האָט אָבער אינגיכן דערפילט, אַז איר כלומרשט אומשולדיגע וויציג־קייט איז מער ווי בלויז אַ גוטמוטיגער ווערטער־שפּיל; — אַז עס האָט אין זיך אַ נאָדל־שפּיזיגע שאַרפזיניגקייט, און איז געצילט צו טרעפן מיט איר שפּילעוודיגער בייסיגקייט אין אַ געוויסן ציל. עס האָט זיך אין אים דער־וועקט אַ פאַרדאַכט, אַז איר זאָרגלאָזיגקייט נעמט זיך פון אַן ענגער איינגע־שלאָסנקייט אין אייגענעם איך; פון אַ פאַרבאָרגענעם ביטול צו דער וועלט אויסער אירע אייגענע דלד־אמות. ער האָט חושד געווען, אַז איר אָפטער קלוגער שוויגן, איר קונציגער אויסוואַל פון ווערטער, איז נאָר אַן אויסגע־רעכנטער מיטל צו פאַרהוילן אַן אינערלעכע בלינדקייט צו זאָבן וואָס שטייען ווייטער פון אויג, צו פאַרדעקן אַ נאַקעטע אָרעמקייט אין גייסטיגע ווערטן און געפילן — און זי פאַרמעסט זיך דעריבער עס אָפּצופּטרן מיט אַ געלונ־גענעם וויץ, מיט אַן אויסגערעכנטן קאַפּאָווע. ער האָט אויסגעטייטשט איר אַנטשלאָסנקייט, איר דרייסטע האַלטונג, ווי אַ קאַפּריזנער עקשנות פון אַ בת־יחידה, ווי די פּוסטע גאווה פון אַ צולאָזן קינד, וועמען די נאַטור האָט באַשאָנקען מיט אויסערלעכן חן. און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן צו דערוויי־

טערן זיך פון איר. ער האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו אָפּענטפּערן איר מיטן זעלבן אויסערלעכן גלייכגילט, וועלכן זי האָט אַרויסגעוויזן צו מענטשן און געשעענישן וועלכע זיינען איר ניט דירעקט נוגע. פונדעסטוועגן, ווען זי איז אויף עטלעכע טעג געווען אַוועקגעפאָרן קיין יפו, האָט ער שטאַרק געפילט איר ניט־זיין. זי האָט אים אויסגעפעלט, און ס'האָט אים געצויגן צו איר. ער האָט זיך געפּרואווט איינריידן, אַז ס'איז נאָר איר פיזישער געבוי, די שטאַרקע געזיכטצוגן פון איר באַלעבט פּנים, איר מיידלשער רייץ, וואָס האָט אים אָנ־גערעגט, געצויגן צו איר... ער האָט זיך דערמאָנט אָן איינמאָל אַ נאָכמיטאָג, ווען זיי זיינען ביידע געווען באַשעפטיגט מיטן פאַרריכטן די באַוואָסערונג־גריבער אַרום די מאַראַנצן־בוימער. ער האָט זיך געפלייסט צו נאָכהאַלטן איר אימפּעט אין דער אַרבעט. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ שטומער געשטייער צווישן זיי ביידן. פּלוצים האָט ער זיך געפונען שטיין מיט אַרונטערגעלאָזטע הענט אויפן פּיאַש, נאָכקוקנדיק מיט דורשטיגע אויגן איר האַסטיגן שווינגען מיטן פּיאַש, דעם ריטמישן שפּיל פון אירע מוסקלען, די גראַציעזע בויגיגקייט פון איר יונג־מיידלשן קערפּער. פון אונטערן לויזן האַלדז־אויסשניט האָט זיך פאַר אים אַנטבלויזט די פּלאַסטישע רונדיגקייט פון אַ שטיק מיידלשן אַקסל. זיינע בליקן האָבן זיך איינגעגעסן אין דער בליענדיגער פרישקייט פון איר לייב. זיין אָטעם איז געקומען הייס, אָפּגעריסן. ס'בלוט האָט זיך אים געשפּילט אין פּנים. און ווייט אין דער נאַכט האָט ער זיך נאָכדעם אומגעוואָרפן אַ שלאָפלאָזיגער אויף זיין געלעגער און האָט געטראַכט פון איר. ער האָט גע־וואוסט, אַז ס'איז הדסל וועמען ער איז גערן; אַז ס'איז הדסל נאָך וועמען ער לעכצט, און ס'איז הדסל וועמען ער האָט געזוכט צו געפינען אין דער גע־שטאַלט פון תמרהן. הדסלס פאַרנונפט, הדסלס עמפּינדלעכקייט, הדסלס נשמה־רייכקייט — האָט ער, אין זיין בענקשאַפט, געוואָלט אַנטדעקן אין דער קער־פּערלעכער שטראַליגקייט פון תמרהס אויבערפלאַכלעכער פּערזענלעכקייט... הדסל — די זוניגקייט פון זיינע טעג, תמרה — אַ שמעטערלינג אין אַ זוניגן חלל...

די טעג די קומענדיגע האָבן אים אַנדערש געלערנט. ער האָט איינגעזען, אַז תמרה איז ווייט פון זעלבסזוכטיג, פון זיין איינגעפּאַנצערט אין'ם אייגענעם איך, ניין! אַזוינע ריידן אַ סך פון זיך, באַטראַכטן ז י ך אַלס דעם צענטער־פּונקט פון זאַכן און טאַטן. תמרה האָט וועגן זיך ווי אויסגעמיטן צו ריידן. זי האָט בכלל ווייניג גערעדט וועגן ענינים פון אַ ריין־פּערזענלעכן אינטערעס. זי האָט זיך באַטראַכט נאָר אַלס אַ ט י י ל פון עפּעס גאַנצעס, אַלס אַ לעבעדיג צעל פון אַ גרויסן, קראַפטיגן אָרגאַניזם; און דער יחיד, דער פּרט, האָט איר אינטע־רעסירט נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל ער האָט אַ שייכות מיטן כ ל ל... ער האָט איינגעזען, אַז איר פאַרזיכטיגער אויסוואַל פון ווערטער, איר אויסגעשלי־פענער זאַץ, איז ניט קיין קאָקעטישער קאַפּריז, נאָר די אויסקריסטאַליזירונג,

דער פּינקטלעכער סך־הכל פון אַ קלאָרער דורכטראַכטונג, און איז דער דירעק־טער אויסוואוקס פון איר פעאיגקייט צו בעאַבאַכטן זאַכן פון ד ע ר ה ו י ך, צו אויפכאַפּן דאָס געזעענע אַ ל ס אַ ג אַ נ צ ע — צו דערטאַפּן דעם גרונטגעדאַנק, די נשמה פון דער זאַך... ער האָט דערפילט, אַז איר וויץ — ווי שטיפעריש, ווי לייכטזיניג עס זאָל אין פלוג ניט אויסקומען צו זיין — אַנטהאַלט אין זיך עפּעס קערנדיגס, וואַגיגס, דעם אויפבליץ פון אַ ליכטיגער מחשבה. ער האָט זיך אַלץ מער איבערצייגט, אַז איר אויסערלעכער גלייכגילט האָט זיין אורשפּרונג אין איר שטאָל־פעסטער אַנטשלאָסנקייט, אין איר ווידערשטאַנדקראַפט קעגן איינפלוס פון צופעליגע דערשיינונגען, אין איר פאַרנונפטיגן פאַנאַנדערקלייבן זיך אין געפילן, אין איר קאַלטן, שכלדיגן אָפּשאַצן פון ווערטן. ער האָט קלאָר באַגריפן, אַז איר אַנשטעקנדיגע פריידיגקייט, איר אָפענער באַנעם, נעמען זיך ניט בלויז פון אויסערלעכער אַנרעגונג, פון צופעליגער מיטגעריסנקייט — נאָר שלאָגן אַרויס פון אַ סך טיפערן קוואַל, ציען זייער אויפשטראַל פון אַ פאַר־הוילענעם מקור... אָט האָט ער זיך דעם אָוונט צוגעקוקט צו איר ביים נשף: זי האָט מיט איר לעבהאַפטיגקייט אַ סך בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון דער פאַרוויילונג. איר אַנוועזנהייט האָט זיך באַשיינפערלעך געלאָזט פילן איבעראַל. ער האָט געזען, אַז מ'איז צו איר ניט גלייכגילטיג. יונגעלייט — סיי פועלים, סיי קאָלאָניסטישע זין — האָבן געזוכט איר נאָענטקייט. די האַלטונג איז גע־ווען אַ פרייע, אַ משפחהמעסיגע. אויגן אין אויגן האָבן זי געשפּיגלט, שמייכלען האָבן געפונען. תמרה איז אַנטקעגנגעקומען יעדן רוף, האָט זיך איינגעוועבט אין דער אַרומיגער פרייד. זי איז געווען צוגעלאָזן, פריינדלעך. און דאָך האָט זיך געפילט, אַז עפּעס שיידט איר אַרויס פון דער גאַנצער אַרומיגקייט; אַז צו איר מוז די פאַרהאַלטונג זיין אַן אַנדערע; אַז עפּעס פאַרהוילענעס שטייט ווי אַ מחיצה צווישן איר און אירע נאָענטע, ווי עפּעס סודותדיגס וואָלט איר אַרומגענומען ווי אַ באַשוואוירענער עיגול. און אָט דער פאַרהוילענער עפּעס האָט אים, אַביגדורן, געמאָגנעטן; צו אָט דער סודותדיגער אַנדערשקייט האָט ער זיך געזוכט צו דערקלייבן.

— ביסט אַ מאָדנע מיידל, תמרה... — האָט ער אַ זאָג געטאָן נאָך אַ לענ־גערן שוויַיגן.

— אַ מאָדנע, מיט וואָס?! — האָט תמרה, מיט אַ דערשטוינטן אָנשטעל, זיך אַ טאָפּ געטאָן ביים שטערן — דאַכט זיך אַז איך האָב אויף זיך קיין הער־נער ניט. אַ מיידל ווי אַלע מיידלעך.

— ניין. עפּעס מאַכט דיר פאַרט אַנדערש. דו ביסט שטענדיג אַנדערש, היינט מער ווי אַלעמאָל.

— אפשר. און אפשר קאָן מען זיך ניט העלפן און נ י ט זיין אַנדערש אין אַזאַ אָוונט.

— וואָס, פּאָעטיש געשטימט פאַר אַ נאָווינע?!

— חלילה! ווי קאָן גאָר אַ פּשוטער בשר־ודם זיך דערוואַגן צו אַזאַ זאַך?! נאַטור־שיינקייט, אָוונט־רו, אויף דעם האָבן נאָך געקרוינטע דיכטער אַ רעכט. זיי האָבן אויף דעם אַן אויסשליסלעכן מאָנאָפּאָל...

— כ'האָב עס ניט געמיינט אין דעם זין, תמרה.

— כ'ווייס אַז ניט, נאַרישער בחור, און דערפאַר טאַקי רייד איך צו דיר אַזוי. עס זיינען אָבער פאַראַן גענוג אַזויגערופענע דיכטער, וועלכע גלויבן אין דעם באמונה שלמה. נאָר לייענענדיק זייערע קורצע שורות, בין איך אָפט איך ספק, אויב דער גרעסטער טייל פון דידאָזיגע „דיכטער פון גאָטס גענאָד" זיינען בכלל פעאיג אויפצוכאַפּן דאָס לעבעדיגע לעבן, די אמתע שיינקייט פון דער נאַטור, און עס באַקליידן מיט ווערטער. איך צווייפל שטאַרק, אויב זיי האָבן זיך גאָר ווען צוגעקוקט צו דעם מיט אָפענע אויגן. דאָס רוב זיינען ניט מער ווי אומבאַהאָלפענע פאַרזוכן צו איבערגעבן זייערע אייגענע פאַרנעפּל־טע באַגריפן ווי אַזוי די נאַטור דאַרף אויסזען; אַ בלינדע אָנשטרענגונג צו באַפליטערן זייערע אייגענע קוואַטשיגע „געפילן". זיי פּרוּוון זיך מיט אַלע כוחות אַרויפצוצווינגען זייער נישטיגן איך אויפן ניכטערן לעזער, און דערוואַרטן פון אים אַז ער זאָל זיך אָפּרופן אויף זייער שטומען וואָרט. דאָס איז וואָס האָט דעם באַרוף אַזוי פאַרביליגט, אַזוי פאַרבטלניש!... דער אמתער כוח פון פּאָעזיע ליגט אין אויפכאַפּן די שטימונג פון אַ דערשיינונג — זאָל עס זיין אַ מענטשלעכע איבערלעבונג, אָדער אַ נאַטור־קאַפּריז — און דאָס פאַראייביקן אין אַזאַ געשליפענער פאָרם, אין אַזאַ פול־באַהערשטן, אויסגעהאַ־מערטן וואָרט, אַז לייענענדיק זאָל עס זיין ביכולת אויפצולעבן פאַר דיר דידאָזיגע אויפגעכאַפּטע שטימונג אין איר גאַנצער פאַרנומענער פאַרבלעכקייט — אוי־סערלעך, אַזוי גוט ווי אינערלעך... סענטימענט אַליין איז ניט שטימונג, פּאַטאָס און אויסגעדראָשענע ליבגעזאַנגען איז ניט דיכטונג — פּונקט ווי אַ קונציג־פאַרקלערטע מעשהלע מיט אָטעם־פאַרכאַפּנדיגע עפעקטן איז ניט שטענדיג ליטעראַטור, און ריטם — כשהוא לעצמו — איז ניט מוזיק. עס איז די דויערהאַפטיגקייט און די השפעה פון אַ ווערק וועלכע גיבן איר ווערט! און אָט נעם אַשטייגער דעם גרעסטן טייל פון די „בייע" קורץ־געשריבענע שורות, לייג זיי אויס זייט־ביי־זייט, ווי אַ מענטשלעך געשריפט דאַרף געליי־ענט ווערן. און לייען עס, אָדער הער זיך צו צו אַן אַרויסלייענונג פון זיי. אַלץ וואָס דו וועסט פון דעם אַרויסבאַקומען איז אַ זינלאָזע ווידערהאַלונג פון גליטשיגע ווערטער, אַן אַקראָבאַטישן געפּלעכט פון אויסגעווייקטע פראַזן און אַ קרענקלעכע אָנרעגונג פון אַ קורצזיכטיגן כוח־הדמיון — כאָטש דער מאָטיוו גופא איז אפשר צומאָל אַן אויפריכטיגער. אָט אויף דעם מין דיכטונג האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אונדזערע טווערסקיס. זיי האָבן זיך גענערט מיט עפעקטן, האָבן זיך געקוויקט מיט אָנרעגונגען, און דעם פּועל־יוצא דערפון האָסטו אַליין געזען... ליטעראַטור און לעבן האָבן אַ שייכות — גאָר אַ

נאַנטע שייכות: וואָס אויפריכטיגער די ליטעראַטור איז, אַלץ שטאַרקער און דויערהאַפטיגער איז איר ווירקונג אויפן לעבן. און עס פאָדערט זיך מער ווי סענטימענט, מער ווי אַ חוש פאַר שיינקייט אַליין, צו זיין אַ דיכטער; עס נעמט מער ווי געפיל, מער ווי מיטגעריסנקייט, צו באַגרייפן דאָס לעבן...

עפּעס אין איר רײדן, אין דער זיכערקייט פון אירע באַהויפּטונגען, האָט אים דערמאָנט אַן הדסלען, אַן איר לעצטן בריוו. די ענלעכקייט איז פאַר אים געוועזן אַזוי בולט, אַז מאַמענטנווייז האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז ער הערט הדסלען אַרויסריידן פון איר. ער האָט געפילט ווי צו זאָגן איר דאָס, אָבער האָט זיך אויף דערווייל צוריקגעהאַלטן.

זיי זיינען צוגעקומען ביזן זוים פון די אידישע גערטנער און זיינען אַ ווײלע שטיך געבליבן פאַרטראַכט. תמרה האָט זיך אָנידערגעזעצט צווישן די ציפּריס־בוימער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים זייט פון גראָבן. אביגדור האָט זיך אָנידערגעלייגט נעבן איר, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט, און האָט אַרויפגעקוקט צו די ציפּריסן, אין דער מיסטישער בלויקייט אַריין. דער בערגל איז אים געווען אַזוי נאָנט, אַזוי ליב.

— ווי שטיל דאָ איז... — האָט תמרה אַרויסגערעדט ווי צו זיך אַליין.

— און ווי ליב דער ווינקל איז מיר; — האָט אביגדור אָפּגעענטפערט באַזאַכט — ס'דערוועקט אַזוינע ליכטיגע זכרונות. ס'דערמאָנט...

— וואָס?

— עפּעס... אַ פרימאָרגן — אימעצער — ד ו...

ער האָט זיך אויפגעזעצט, האָט זיך צוגערוקט נענטער צו איר און האָט איר אַרומגענומען. זי האָט זיך ניט געוועהרט. זיינע פינגער האָבן געצערטלט איר ווייס לייב, האָבן זיך אומגעשיפט איבער די סודותדיגע קאָנטורן פון איר מיידלשן קערפּער, און מיט אַ בריאיגן ציטער באַרירט איר קנאָפּסיג ברוסט. זי איז געווען נאַכגעביג. ער האָט דערפילט איר קילע האַנט אַרום זיין האַלדז, איבער זיין שטערן. ער האָט איינגעזויגן דעם אָטעם פון אירע האָר, פון איר בליענדיגן ווּעזן.

— נאַריש אינגל דו...

— און דו דערמאָנסט מיר אַזוי שטאַרק אָן אַ מיידל וואָס איך קען, און אַזאַ וואויל מיידל...

— דאָ?

— ניין, דאָרט — אין מיין געבורטס־שטאָט.

— אַ חברטע?

— מער ווי דאָס.

— אַ געליבטע?

— יאָ און ניין; און אפשר מער ווי דיביידע צוזאַמען. אַ הדסל, אויב דאָס זאָגט דיר עפּעס...

— דערציייל מיר וועגן איר, דוכס! ס'איז אינטערעסאַנט צו הערן וועגן אימעצען אַן וועמען מ'דערמאָנט, אין וועמען מ'איז ענלעך. דערציייל... וואַרט, כ'וועל זיך מאַכן באַקוועם. אויב דו האָסט ניט דאַגעגן, וועל איך אָנשפּאַרן מיין קאָפּ אויף דיין שויס... אָט אַזוי. דערציייל!

— וואָס איז דיר איינגעפאַלן, תמרה?

— גאָרניט. אפשר איז עס בלויז אַ מיידלשער קאַפּריז, אַ נייגער, אָבער איך בין גערן צו הערן וועגן דער הדסלען. עקשן זיך ניט און דערציייל. איך בעט דיר...

ער האָט זיך געפּרואווט אָפּבעטן, אַוועקמאַכן די גאַנצע זאַך ווי אַ צופעליגן שפּאַס; ס'איז אים אָבער ניט געלונגען. אַז תמרה בעט זיך — אַז תמרה באַשטייט... ער האָט ענדלעך נאָכגעגעבן. ס'איז אים צוערשט אָנגעקומען שווער: ער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען אָנצוהויבן, האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ געוועב פון אָנהויבס. ער האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויקלט פון דער פאַרלעגנהייט און האָט דערטאַפּט דעם גרונט־פאָדים פון זיין געוועב. ער האָט זיך אַליין געוואונדערט אויף דער מיושבדיגקייט, אויף דער פּערזענלעכער התפשטות, מיט וועלכער ער האָט געצויגן דעם ספּור־המעשה. תמרה איז געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן אויף זיין שויס. ער האָט געפילט בחוש אַז די פאַרבענקטע יעדן וואָרט. אַ צאַרט ווינטל האָט זיך אומגעשפּילט מיט אַ לויזן לאָק פון אירע ווייכע האָר. אין דער אָונטדיגער בלייכקייט האָט זי אויסגעזען ווי אַ גליקלעך־איינגעשלאָפן קינד; און ס'איז אַזוי לייכט צו שפּינען מעשהלעך מיט אַ קינדיש פנימל פאַר זיך. ער האָט דערציילט פון הדסלען, פון זיינע קינדער־יאָרן אינאיינעם מיט איר, פון זיידן, פון זיין פאַרלאָזן דעם טאַטנס היים, און די וועגן וואָס האָבן געפירט דערצו. די ווערטער זיינען געפלאָסן ווי פון זיך אַליין, האָבן ווי אויפגעטויכט פאַר אים פון דער פאַרטראַכטער נאַכט אַרויס. תמימותדיגע עפּיזאָדן האָבן אויפגעבליט אין זייער פולער פאַרבענקטער פאַרברייכקייט, און האָבן זיך ווי אַליין איינגעוועבט אין דער באַשיידענער איבערשפּינונג פון די ליכטיק־פאַרגאַנגענע טעג.

— ...און אַזוי האָבן מיר מיינע וועגן דערפירט ביז אַהער, פאַר דיר אין ווערטער אָרימע דאָס צו איבערדערציילן... — האָט ער אויסגעלאָזט שטיל.

ער איז געבליבן זיצן שווייגנדיג, מיט אַן אויפגעבונדענער, נאַקעטער נשמה.

תמרה האָט לאַנגזאַם אויפגעמאַכט די אויגן. אַ צופרידענער שמייכל האָט צענומען אירע ליפּן —

— האָסט אויסגעצויבערט אַ האַרציג מעשהלע, בחורל. אין פשוטע ווערטער — אַן איבערשפּיצלעך, אַן פקחותדיגע צוטראַכטענישן — האָסטו באַצונגען אַ שטיק לעבעדיג לעבן. איך האָב עס געזען פאַר זיך, האָב עס איבער־

געלעבט מיט דיר צוזאַמען. אַט אַזוי דאַרף אַ מעשה דערציילט ווערן! שוואַרץ אויף ווייס — און ס'איז שיינע ליטעראַטור... האָסט נאָר צונויפגעקניפּט גע־ציילטע דינע פעדימלעך, האָסט נאָר באַרירט דעם תמצית, די נשמה פון דאָס פאַרלאָפענע — און דאָס איבעריקע האָט זיך שוין דערשפּינט פון זיך אַליין. איך, דיין צוהערער, האָב עס דורכגעפילט מיט דיר, האָב דיר פאַרשטאַנען, און — וואָס איז נאָך וויכטיגער — איך האָב דורכדעם ד י ר קאָנען געלערנט...

— און וואָס וואָלט איך ניט געגעבן, אַז איך זאָל קאָנען זאָגן דאָס זעל־ביגע וועגן דיר, תמרה...

— ס'איז ניט אַזוי שווער. דיר דאַרף עס גאָר ניט שווער אָנקומען.

— ווי אַזוי?

— קוק זיך צו... — האָט זי לאַנגזאַם אַרויסגעפּליסטערט — אַלץ וואָס דו דאַרפסט, איז זיך צוקוקן, און דו ווייסט ו ו י, א ב י ג ד ו ר...

ער האָט אַראָפּגעקוקט צו איר. זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן. צוויי טיפע שוואַרצע קוואַלן האָבן אויפגעשלאָגן פאַר זיין דערשטוינטן בליק — ווי אין דידאָזיגע אויגן אירע וואָלט זי אַריינגעגאָסן איר גאַנצן כוח. אי־בערן זוים פון אירע ליפּן האָט אומגעשוועבט אַ שטום געבעט. צוויי אויפגע־פליגלטע מיידלשע אָרעמס האָבן אים אָנטקעגנגעטראָגן אויף לעכצדיגע פינגער אַ באַגאַרטן סוד. אַ וואַרעמקייט האָט זיך צעריזלט אין זיין בלוט. ער האָט זיך בלינד אַ צי געטאָן צו איר. לייב אין לייב האָט זיך איינגעקלאַמערט. ליפּן אויף ליפּן האָבן גענומען און פאַרגאַנגען אין קושן —

— תמרה...

— אביגדור...

# 29

## קנאַספּן

פּעג זוניגע, פאַרנומענע, פול מיט אַרבעט, פול מיט באַטייט. שטימונגס־פולע פאַרנאַכטן, ווען די טאָגיגע באַרוישונג זיפּט זיך דורך אַ שלייער פון זאַנפטער שטילקייט, לייטערט זיך אויס אין מחשבות, צעבליט זיך אין געזאַנגען. און אָוונטן דורכזיכטיגע, בלויע מיט תמרהן. פרייע רוימען, פאַרחלומטע וועגן הינטער דער קאָלאָניע, ליכטיגע שטיפעריַיען און בשותפותדיגע פאַרטראַכטונגען: ווערטן — ירושה פון דורות — דערלייזונג פון גייסט — לחלוטינדיגע איינוואָרצלונג — פראַגן וועלכע האָבן לעצטנס פאַרנומען זיין האַרץ און מוח, און וועלכע תמרה פלעגט מיט אַ פאַרהוילענעם כיוון אַרויפּ־ברענגען. זי האָט מיט דעם געצילט אין אַ פאָראויסגעזעענער ריכטונג, און אביגדור האָט דידאָזיגע ריכטונג אויפגעכאַפּט בחוש.

ס'איז אָנגעשטאַנען דער בציר.

הענט פאַרטרונקען אין אַרבעט, וועגענער באַלאָדן מיט אָנגעגאָסענע טרויבן. דער סאָפּענדיגער געדויש פון די מאָטאָרן אין יקב האָט אָנגעהאַלטן דורך טאָג און נאַכט. אין דער טיף פון די כרמים האָט זיך, דורכן זון־באַטרונ־קענעם חלל, געטראָגן דער אָפּהילך פון קינדישע קולכלעך, זייער פריילעכער געפּילדער צווישן די צייטיגע קוסטן, זייערע קונדסדיגע קאַטאָוועסן פון אונטער פולע קוישן. און פון יעדן צייטיגן טרויבן־הענגל, פון צווישן יעדן אַרונטער־געוואויגענעם צוויַיג, האָבן צו אביגדורן אַרויסגעקוקט תמרהס אויגן, האָט אַרויסגעלויכטן צו אים איר זאַפטיגער שמייכל.

גלייכצייטיג האָט זיך אָנגעהויבן דער חופש־סעזאָן אין די לער־אַנשטאַלטן איבערן לאַנד. פון יפו איז געקומען אפרים ליפשיץ, עליע ליפשיצעס אַ פלימעניק — אַ באַשיידענער בחורל, מיט אַ בלייך פּנים און שאַרפע אויגן — אַ תלמיד אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע אין תל־אביב. ער איז געווען אַ פּאָגראָם־יתום, און ליפשיץ האָט אים אַראָפּגעבראַכט קיין ארץ־ישראל און דערצויגן ווי אַן אייגן קינד.

אין דער שטיבל ביי ליפשיצן אין הויף, וואו אביגדור מיט ראובנין האָבן געוואוינט, איז צוגעקומען באַך אַ שכן, דוד קאַפּלאַן, אַ סעמינאַריסט פון ירושלימער לערער־סעמינאַר, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ מין חזקה צו קו־מען אַרבעטן ביי ליפשיצן אין דער צייט פון בציר. ער איז געווען אַ דיקלעכער, בויקער בחור פון אַ יאָר ניינצן, מיט אַ קיילעכדיגן גוטמוטיגן פּנים, ניכטערע אויגן, געדיכטע געלע ברעמען, דיקע, קראַפטיגע ליפן און אַ צוציענ־דיגן, רואיגן שמייכל. פון זיינע שומר־טעג אין די קאָלאָניעס האָט ער זיך אָפּגעשפּאַרט אַן אַראַבישע קויל און אַ קורצע פּוס. דערדאָזיגער מום האָט אָבער אויף אַ האָר ניט דערשלאָגן זיין מוט; אדרבה, עס האָט צוגעגעבן אַ געוויסן אימפּעט צו זיינע באַוועגונגען, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן צו דעריאָגן מיט דער איינציגער געזונטער פוס דאָס וואָס ער האָט פאַרפעלט מיט דער לאָמער. ער איז שטענדיג געווען מיט עפּעס פאַרנומען. זיין האַלטונג איז געווען אַן אויפגעראַמטע, אַ פּינקטלעכע, זיין צוגאַנג צו זאַכן — אַ מעטאָדישע, אַן אויס־גערעכנטע.

בטבע איז קאַפּלאַן געווען אַ שווייגנדיגער, אַ צוריקגעהאַלטענער, אָבער ווייט ניט קיין פאַרשלאָפענער. אין זיין שווייגן איז געווען אַ וואַכזאַמע בעאָב־אַכטונג, אַ דורכגעטראַכטקייט, און זיינע צופעליגע, קורץ־געפאַסטע באַמער־קונגען האָבן שטענדיג געצויגן אויפמערקזאַמקייט און האָבן צוגעגעבן קאָליר און לעבן צום געשפּרעך. זיין רידן איז געווען אַ שטילער, אַ מיושבדיגער, און האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אויסגעשפּראָכענעם טראַכטן. ער האָט זיך ווי אומגעשפּילט מיט יעדן וואָרט, האָט געקליבן, געזיפּט, און זיין זאַץ איז תמיד אַרויסגעקומען געטאָקט, געשליפן, שיעור ניט געקינצלט אין פּינקטלעכקייט. איינשטימיג, צי ביטער דאַגעגן — האָט ער קיינמאָל ניט געצ־ביטן די געמאָסטנקייט פון זיין טאָן, די ישוב־הדעתדיגע טעמפּאָ פון זיין רידן. און דידאָזיגע רואיגקייט זיינע האָט אין זיך געהאַט וואַגיגקייט, פאַרנעם, האָט געוועקט באַכדענקונג.

אינגאַנצן אַנדערש איז ער געווען, ווען ער פלעגט זיך צוזאַמענקומען מיט ראובנין. פייער מיט וואַסער! ווי נאָר די צוויי האָבן צווישן זיך אויסגע־רעדט צוויי ווערטער, איז באַלד אַוועק אַ האַמפּערניש, אַ שפּאַרעניש אויף לעבן־און־טויט. מ'האָט זיך צעקאָכט, צעשריען, געוואָרפן מיט אַרגומענטן אויף רעכטס און לינקס — מ'איז געשפּרונגען פון דער הויט. און אין דעם ברען פון ויכוח האָט מען זיך שוין אָביסל דורכגעטרייבערט פערזענלעך:

— מלמד!

— עקשן!

— פאַרבטלנותטער הפועל־הצעירניק!

— פאַרביסענער פועלי־ציוניק!

— פּעסטאַלאָצי!

— קאַרל מאַרקס!
— לעזשאַיקע־פּאָליטיק! פּ ר י נ צ י פּ, מיין פּוקע־לבבות!
— פּאַניעס תורה: „בוד פּאָסעמנו!"[1] ש כ ל, קאַפּיטאַן!

ס'איז אָבער קיינעם פון זיי ניט געגאַנגען אין פּערזענלעכן נצחון, אין ווער־וועמען. ס'איז געווען אַ מין מחלוקת לשם־שמים: דער קאָנפליקט צווישן צוויי באַזונדערע צוגאַנגספּונקטן צו איין און דערזעלבער ליזונג; דער צו־זאַמענשטויס פון צוויי געגנזייטיקע טעמפּעראַמענטן: ראובני — דער קפדן, דער שטרענגער אָנהענגער פון פּרינציפּ, קאַפּלאַן — דער אָביעקטיווער ותרן, וועל־כער האָט געקאָנט איינזען אַז „אַ שטעקן האָט צוויי עקן" און האָט גלייכמעסיק פּאַרטיידיקט ביידע זייטן פון אַ פראַגע. עס איז אָבער געווען צו זען, אַז טיף אין האַרצן איז איינעם אינ'ם אַנדערן געפעלן געוואָרן דווקא יענע אייגנשאַפטן, וועלכע זיי האָבן זיך אויפגעוואָרפן אין טאַדל, און אונטער די אויגן וואָלט זיך איינער פאַרן צווייטן געלאָזט דעם נאָז אָראָפּשניידן.

— אַ גריבלער, אָט דער ירושלמי, אָבער ווייט פון אַ בטלן. ער איז אַ געבוירענער לערער.

— אַן עקשן, אָבער ווייסט וואָס ער וויל, דער קאַפּיטאַן. ער איז אַ געווינס פאַר ארץ־ישראל.

אָבער מיט אַ „שטיקל ויכוח" האָט ער גאָרניט געהאַט צו טאָן.

ביי ליפשיצן אין הויף האָט מען דיזאַזיגע „שטיקלעך ויכוחים" אָנגענומען פאַר אַ געווינטלעכע זאַך, אַן וועלכע די צוויי קאָנען ניט לעבן. ליפשיץ מיט תמרהן האָבן זיך אָפּט פון דער ווייט צוגעהערט צו זייער געהאַמפּער. חוה, וועלכע האָט ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען זייער „צאַצקעדיגן לשון־קודש", האָט עס אָוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט:

— מ'קאָן שוין דאָרט ווידער ניט הויזן! דער שלום־בית האָט זיך שוין ביי זיי צעפלאַקערט...

אפילו די אַלטיטשקע האָט זיך מיט דער צייט צוגעוואוינט צו דעם. פונדעסטוועגן פלעגט זי יעדן מאָל צוגיין כאַפּן אַ קוק —

— אַהאַ, דער רב מיטן רבין זיינען שוין אַרויס פון די האַלאַבאַלעס! אָנגע־טראָפן זיך קאָסאַ נאַ קאַמען...[2] איר שלאָגט זיך חלילה ניט, קינדער — אַ־יאָ, ביין?

— שטער זיי ניט, מאַמע. ס'איז אַ פאַראַדע אַזאַ: זיי מוזן אָפּלאָזן אַביסל פּאַרע. זיי וועלן דורכקומען.

— אודאי 'עלן זיי דורכקומען; וואָס זיינען זיי, שכורע גוים, חלילה?... נאָר צוואָוואָס דאָס שרייען אַזוי, האַ? מענטשן קאָנען נאָך מיינען מי־יודע וואָס.

---

1. אַזוי מוז עס זיין.
2. אַ קאָסע אויף אַ שטיין.

אַי, אַ געזונט אויף זיי, ס'אַר אַ געמבעס, קיין עין־הרע! נאַר, אָסור, אויב ס'איז צו פאַרשטיין אַ וואָרט.

— ס'איז אַ שוואַכקייט אַזאַ ביי זיי, מאַמע...

נאָר אַחוץ דערדאָזיגער „שוואַכקייט" האָט קאַפּלאַן געהאַט נאָך צוויי: גריבלען זיך אין ליטעראַטור־קריטיק, און די מאַנדאָלינע. דידאָזיגע מאַנדאָלינע האָט ער מיטגעשלעפּט מיט זיך וואו ער איז געגאַנגען. די מאַנדאָלינע איז אים געווען טייער; ער האָט עס באַקומען פון אַ קראַנקנשוועסטער אינ'ם שפּיטאָל, פון וועלכן ער איז אַרויסגעקומען מיט אַ קאַליקע פוס. און דורך די לאַנגע וואָכן, וואָס אים איז אויסגעקומען צו ליגן מיט אַ פאַרגיפּסעוועטער פוס ביז איבער די היפטן, האָט ער זיך אויסגעלערנט שפּילן פון געהער. ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ פרייע מינוט, האָט ער זיך באַלד צוגעכאַפּט צו דער כלי און פלעגט אויסציטערן אויף דעם שטימונגספולע מאַטיוון, האַרציגע מעלאָדיעס. ער האָט געשפּילט מיט פאַרשטאַנד, מיט געפיל, מיט אַ טיפער דורכלעבונג פון דער אויסגעשפּילטער מעלאָדיע. די אונטערשטע ליפּ פלעגט ביי אים דאַמאָלט אַרונטערהענגען, די אויגן פלעגן זיך צומאַכן אָדער קוקן ערגעץ אין עולם־התוהו, און ער מיט דער מאַנדאָלינע האָבן זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איין שפּילנדיקן וועזן. אַז מ'פלעגט אים אַמאָל ניט־ווילנדיק איבעררשלאָגן דאָס שפּילן, פלעגט ער אַרויפקוקן מיט זיינע רואיקע בלויע אויגן, און אויף זיין פּנים פלעגט זיך אויסלייגן אַן אָפענער, קינדיש־נאַאיווער שמייכל, ווי מ'וואָלט אים געכאַפּט ביי עפּעס אַ העלמה...

פאַר חברה פּועלים איז ער געווען אַ יש. מ'האָט אים ליב געהאַט. ער האָט שטענדיק מיטגעבראַכט אַ נייעם זמרל, אַ פרישן געדאַנק, אַ באַנייט וואָרט פון וועד־הלשון. ער האָט מיט זיך אַריינגעטראָגן אַ פרישקייט, אַ מונטערקייט.

אַ סך צו ריידן האָט ער געהאַט אין דער געזעלשאַפט פון תמרהן. די צוויי האָבן געהאַט עפּעס געמיינשאַפטלעכעס צווישן זיך — אַן אַלטע חברשאַפט, וועלכע האָט זיך געצויגן פון די טעג ווען קאַפּלאַן איז געשטאַנען ביי דער שמירה. און עס האָט תמרהן געפרייט צו זען, וואָס אביגדור מיט קאַפּלאַנען האָבן, באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש, זיך פאַרקניפּט אין אַ פריינדשאַפט. די דריי האָבן זיך ס'רוב געהאַלטן צוזאַמען, כאָטש קאַפּלאַן האָט זיך אָפט געלאָזט בעטן מיטצוגיין אויף די אָונט־שפּאַצירן, און פלעגט פון צייט־צו־צייט געפינען אַן אויסרייד און איבערלאָזן תמרהן מיט אביגדורן אַליין. אביגדור פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערן צו קאַפּלאַנס אויסגעדקדוקטן, פאַרברייכן העברעאיש, צו זיין באַגייסטערטן דערציילן פון אהרון שיפּריסן, דעם דירעקטאָר פון לערער־סעמינאַר. קאַפּלאַן האָט דעמדאָזיגן מענטשן ממש פאַרגעטערט, און האָט פאַרבונדן די פערזענלעכקייט פון אהרון שיפּריסן מיט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום נייען לעבן אין ארץ־ישראל. פון זיין שילדערן אים אַלס לערער, אַלס שריפטשטעלער און אַלס מענטשן־פריינט, האָט זיך פאַר אביגדורן גע־

שאַפֿן כמעט אַ לעגענדאַרישע פיגור. עס האָט אים באַזונדערס אינטערעסירט צו הערן קאַפּלאַנען ריידן וועגן די למודים און זיין בילדלעכע שילדערונג פון די געהאַפּטע טעג, ווען זיין ציל וועט דערגרייכט ווערן און עס וועט אים אַנ־פאַרטרויט ווערן דער אויפזיכט איבער אַ קלאַס; ווען ער וועט קאָנען אויס־איבן זיין איינפלוס איבער דער אַנטוויקלונג פון די קליינע אידעלעך, וואָס וועלן זיין אונטער זיין השגחה. אין דיזאַזיגע מינוטן פלעגט קאַפּלאַן ווערן גאָר אַן אַנדער בחור: ער פלעגט ווי פאַרטראָגן ווערן פון זיין אייגענעם קאָנקרעטן געמעל פון דער געגאַרטעטער צוקונפט. זיינע אויגן פלעגן זיך פאַר־חלומען, זיין פנים פלעגט אויפלויכטן, און זיין גאַנצער וועזן האָט געפלאַטערט מיט ענטוזיאַזם און אומגעדולדיגער דערוואַרטונג: ער וועט גיין אין די פוס־טריט פון זיין גרויסן רבין... די אחריות פון דער אַרבעט... אַ ניי פעלד, אַ נייער דור, נייע שיטות... — ס'איז גאָר ניט געווען צו דערקאָנען, אויף דער מינוט, אַז ס'איז דערזעלבער מיושבדיגער, אויסגערעכנטער קאַפּלאַן.

אביגדורן האָט ער אַ סך דערמאָנט אַן דעם אַמאָליגן אברעמעלען פון זיינע חדר־יאָרן. דערדאָזיגער פאַרגלייך איז פאַר אים בולטער געוואָרן, ווען די אַלטיטשקע האָט די דריי געקרוינט מיטן נאָמען „די טראָיקע״:

— געהערט אַ טשיקאַוועס?! — האָט זי זיך איינמאָל אָנגערופן אין גוטן מוט — צוויי אינגלעך מיט א י י ן מיידל — אַ טראָיקע! וואָס, איינעם מוזטו אודאי מיטנעמען פאַר אַ שומר, אַ־יאָ, תמרינקע?

— אין צווייען, באָבינקע, איז גוט, אין דרייען איז מזלדיג... — האָט ראובני זיך אַריינגעמישט.

— זי וועט, אם ירצה השם, אַזוי אויך זיין אַ מזלדיגע: זי איז אַן ארץ־ישראלדיגע!

— און וועמען פון דיביידע וואָלסטו, באָבעניו, געוואָלט אַז איך זאָל נעמען פאַר אַ חתן? — האָט תמרה אַ פרעג געטאָן, און האָט זיך בשעת־מעשה שטיפעריש איבערגעוואונקען מיט אביגדורן.

— ס'הייסט ד ו וועסט נעמען?! ס'וואונדט זיך סיידן אַן דיר, דו ווילדע ציג?!

— ניט אַן מיר? אַן וועמען־דען?

— אַן ווער דער א מ ת ע ר זיווג איז. דו קאָנסט זיך אויסדערוויילן איינעם, און דיין באַשערטער קאָן גאָר באמת זיין אַן אַנדערער. וואָרים דרייסיג טעג אידער דער מענטש ווערט געבוירן, ווערט אין הימל אויסגערופן אַז „די טאָכ־טער פון דעם־און־דעם איז דעם־און־יענעמס באַשערטע!״; און דאָס, תמרינקע, קאָן שוין קיינער ניט איבעראַנדערשן: עס ווערט פאַרחתמעט מיטן ערשטן טראָפּן בלוט וואָס ווערט אַריינגעגאָסן אין די אָדערן פון דעם מענטשן וואָס דאַרף געבוירן ווערן... אַהאַ, מיין ראובעלע לאַכט שוין! וואָס טוט דיר אַזאַ הנאה, צער־בעל־החיימניק מיינער?!

— איך בין געפאַלן אויף אַ גאַונישער המצאה, באַביטקע! — האָט ראובני זיך אַזש פאַסמאַקעוועט פון זיין אייגענעם איינפאַל — אַז אַ מיידל ווייסט ניט וועמען פון די צוויי אויסצוקלייבן, נעמט זי איינעם פאַר אַ מאַן און דעם אַנ־דערן פאַר אַ ליובאָוניק...

— אַז שלוקערצן זאָל זיך דיר! — האָט די אַלטיטשקע אים אַ שמיץ גע־טאָן מיטן פאַרטוך איבערן פרצוף — געהערט דבורים אַביסל פון אַ פילענאָווער שוחטס קדיש?! וואָס איז זי, חלילה, אַ פאַראַסקע פון דאָרף?! זאָל דיר נאָר דער קאָפּ ניט דאַרן; זי וועט שוין, אם ירצה השם, איר ריכטיגן זיווג געפינען...

אין דער פרייער צייט האָבן די דריי צוזאַמען געלייענט רוסאָ'ס „עמיל״ — אַ בוך פון וועלכן קאַפּלאַן האָט געהאַלטן אַ וועלט. קאַפּלאַן פלעגט מיט אַ באַזונדערער הנאה צעגלידערן דאָס געלייענטע, האָט זיך געקוויקט מיט גע־וויסע שטעלן און האָט עס אויף זיין אייגנאַרטיגן שטייגער „צעלייגט אויף טע־לערלעך״. עס פלעגט זיך צווישן די דריי פאַנאַנדערוויקלען אַ דיסקוסיע, געמיטלעכע מיינונג־אויסטיישונגען, פאַנאַנדערקלייבונגען. אויף אביגדורן האָט דער־דאָזיגער בוך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. ער האָט עס שפּעטער איבערגע־לייענט ביחידות אייניגע מאָל, און ער האָט געהאַט דעם געפיל, אַז דער איינ־דריק וואָס דער בוך האָט אויף אים געלאָזט וועט האָבן געוויסע פאָלגן. ער האָט איצט אַ סך געטראַכט פון דעם, און ווען אים איז אויסגעקומען צו אַר־בעטן צוזאַמען מיט קאַפּלאַנען, פלעגט ער זען אַרויפצופירן דעם געשפּרעך וועגן רוסאָן. ער האָט ביי יעדער געלעגנהייט זיך פאַנאַנדערגעפרעגט באריכות וועגן דעם למודים־פּראָגראַם פון סעמינאַר, וועגן די איינטריט־באַדינגונגען, וועגן דעם פאָלק־שול־סיסטעם. און איינמאָל, צוריקגייענדיג מיט קאַפּלאַנען פון דער אַרבעט, האָט אביגדור פאַר אים אויפגעבונדן זיין האַרץ און האָט אַנטפּלעקט פאַר אים זיין באַגער צו פאַרברייטן זיך פאַר אַ לערער־קאַריערע.

— איך האָף אַז איך בין ניט גענאַרט אין זיך, קאַפּלאַן. איך האָב ליב די ערד־אַרבעט — שטאַרק ליב. און פאַר דער צייט וואָס איך אַרבעט דאָ, גלויב איך, אַז איך האָב באַוויזן צו איינלעבן זיך אין דעם. איך בין ווייט פון צו זיין אַנטוישט אין וואָס איך טו. איך פיל אָבער, אַז איך קאָן נוצלעכער זיין פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אונדזער שטרעבונג דורך ווידמען מיינע כוחות דעם געביט פון דערציאונג. איך האָב פון שטענדיג־אָן געפילט אַ געוויסע נייגונג דערצו. דאָ איז מיר די זאַך נענטער געוואָרן. איצט האָב איך דערפילט אַ דראַנג צו דעם. איך בין זיכער אַז איך וועל בכוח זיין ביי־צוטראָגן מיין חלק אויף דעם געביט.

קאַפּלאַן האָט אים אַ לענגערע ווײַלע אָנגעקוקט שווייגנדיג, זיין אונטער־שטע ליפּ האָט אַ צוק געטאָן פאַראויס און ער האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— שטעק אריין א האנט, בחור! אט דאס איז גערעדט! קומסטו, הייסט עס, קיין ירושלים — אויסגעצייכנט! מיר דארפן אזוינע חברה ווי דו. דאס איז גוט! דעם אמת געזאגט, האב איך שוין עטלעכע מאל בעוואלט דיר פרעגן פארוואס—— נאר——

— נאר וואס?

— נאר—— אט, תמרה—— זי האט מיר פארבאטן דאס צו טאן.

— תמרה?!

— יא, זי. פארשטייסט? מיר האבן אפט גערעדט וועגן דיר. וואס מיר האבן גערעדט, איז ניט וויכטיג. איין זאך קאן איך דיר זאגן, דוכט: זי פארשטייט דיר, בחור. זי איז די גאנצע צייט געווען זיכער, אז דיין באררף איז ניט ביים פיאש, אז „כוחך לתורה”, און אז היינט־מארגן, און דו וועסט עס דערפילן אין זיך. און, ווי דו זעסט, האט זי געטראפן.

— אבער איך פארשטיי ניט פארוואס זי זאל האבן דאגעגן דיין ריידן מיט מיר וועגן דעם? אונדזערע שמועסן זיינען, דאכט זיך, שטענדיג געווען וועגן ענלעכע ענינים.

— אט דאס איז תמרה, דוכס! זי איז ווייטזיכטיגער פון אונדזביידן. זי איז ניט געווען בלינד צו דיינע נייגונגען. זי האט גוט געוואוסט וואס ס'ליגט הינטער די שמועסן אונדזערע און וואוהין זיי וועלן ענדלעך דערפירן. זי האט אבער געוואלט — נוצבנדיג אירע אייגענע ווערטער — „אז די קנאפסן זאלן זיך געהעריג אויסזונען, און אויפשפאלטן זייערע צוויטן מיטן אייגענעם כוח”, און זי איז גערעכט. זי איז מיט דעם אויסן געווען דיין טובה. צי דו ווייסט עס, צי ניין — דו האסט מער ווי א געטרייען פריינט אין דער מיידל, און דאס מיינט א סך. דאס וואלט געמיינט א סך פאר מער ווי איינעם. און ס'טוט מיר באמת הנאה וואס ס'איז אזוי... איר זענט מיר בײדע שטארק צום הארצן... — האט ער ארויסגערעדט אין א געדעקט קול, מיט ארונטער־געלאזטע אויגן — דו ביסט הפנים געבוירן געווארן אונטער א מזלדיגן שטערן...

יענעם אוונט, ווען אביגדור איז פארבליבן אליין מיט תמרהן, האט ער איר דערציילט פון זיין באשלוס, און האט מיט א קלאפיג הארץ געווארט צו זען ווי זי וועט רעאגירן אויף דעם. און תמרה? —

צו דער בליענדיגער סודותדיגקייט פון איר ווען איז צוגעקומען נאך א סוד: ס'איז ניט געווען צו דערקאנען צי פרייט זי זיך, צי באדויערט זי די שיידונג. זי האט די גאנצע זאך אויפגענומען ווי עפעס וואס קאן אנ־דערש ניט זיין. זי האט דאס דערוואַרט, ס'איז געקומען, זי בעמט עס אן פאר ליב. קיין סימן פון איבערראשונג, קיין שפור פון אנדערשקייט. זי האט אים אויסגעהערט מיט אינטערעס, האט אים דערמוטיגט. ער פלעגט א שטארקע נייגונג דערצו? — ער דארף עס טאן, ער מוז עס טאן. ער דענקט זיך צו

פאַרברייטן פאַר די העכערע קלאַסן? — גוט! ס'וועט אים אפשר פון אַנהויב פאַלן אַביסל שווער, אָבער ער וועט עס דערוויזן. קאַפלאַן וועט דאָרט זיין, ער איז אַ גוטער חבר, ער וועט אים אַרויסהעלפן. זי? — אַ, זי פאָרט סיי־ווי באַלד נאָך סוכות קיין יפו, אין דער גימנאַזיע. ירושלים איז ניט ווייט... אפשר... דער עיקר: ער טוט דאָס, וואָס ער פילט אַן אינערלעכן דראַנג צו טאָן. ער דאַרף זיין צופרידן — ער האָט זיך געפונען...

און אַלץ רואיק, דורכגעטראַכט, אָביעקטיוו.

ער האָט אָבער באַמערקט, אַז זינט יענעם אָוונט איז איר בליק געוואָרן נצחונדיגער, איר טראָט — זינגענדיגער, איר באַנעם צו אים — צערטלעכער, מוטערלעכער.

„איז זי ניט צומאָל די זוניגקייט, וואָס האָט געוועקט די קנאָפּסן? די פרימאָרגנדיגע טויאיגקייט, וואָס האָט באַקושט די בליטן אין זייער באַהעלטעניש?..." — האָט ער געטראַכט.

— ס'וועט זיין שווער אָן דיר, תמרה.

— ס'ווילט זיך ניט זען דיר אַוועקגיין, ס'איז אָבער דער רוף, אביגדור.

— יאָ. דערווייל אָבער — די שיידונג...

— נישט אַזוי סענטימענטאַל: ס'איז ניט אויף אייביג.

— ניין, ניט אויף אייביג, תמרה — ניט אויף אייביג. איין זאַך איז אייביג, איין זאַך נאָר איז אייביג——

אויגן, ליפּן, שטיף־באַהעפטע אָרעמס, און הייסע קושן אין דעם שווייגן פון דער נאַכט.

*

אין סוף פון בציר, אין אַ שבת נאָכמיטאָג, ווען די נייעס איז געפאַלען ביי ליפּשיצן אויף דער ווערענדע אַז אביגדור פאָרט־מיט מיט קאַפּלאַנען קיין ירושלים, האָט ליפּשיץ זיך באַנומען איבערגעקוקט מיט ראובנין:

— האַ?! כ'האָב מורא אַז איר האָט געטראָפן, קאַפּיטאַן!

— נו, ווער איז איצטער דעם חכם?! — האָט ראובני אויסגעשאַלט מיט נצחון — אַ שאָד נאָר וואָס איך טרינק ניט קיין וויין, איר וואָלט שוין איצט בעשטעלט משקה!

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן אָן דעם תב"כניק? ס'האָט אים אַ צי געטאָן צום טייטל און כאַלאַס![1] נאָר געפאַלן דאַרפט איר ביי זיך ניט זיין, דווקא: דאָ אין ארץ־ישראל איז מלמדות אַ גאַנץ בכבודיגע פרנסה...

— פונדעסטוועגן, כאַפּ זיך אַמאָל אַריבער אַהער — אָט, אין חול־המועד, אָדער אין אַ בין־הזמנים, ווען די קנעלונג איז אַביסל געשלאָגן, און לאָז טאַקי אונדז ישובניקעס אויך גענוסן עפּעס פון ירושלימער סתרי־תורה... — האָט

1. פאַרטיג!

ראובני געגומען אביגדורן אויף דער העצקע — נישקשה, מיר'ן דיר אויפנעמען בכבוד גדול, מירן פֿאַר דיר אונטערבעטן אַ שטול כיאה וכנאות פֿאַר אַ ירושלימער מלמד — אַט אַזוי ווי קאַפּלאַנען, למשל... אַלץ זיין קאַפּ, דעם הפועל־הצעירניקס!...

— וואָס, ער פֿאַרט טאַקי אַוועק פֿון דאַנען? קיין ירושלים טאַקי? — האָט די אַלטיטשקע זיך אָנגערופֿן ניט אינגאַנצן אָן שטילער קנאה — אַי דאָרטן איז דאָך דער כותל־מערבי, און דער מאַמע רחלס קבר, זאָגט מען, איז פֿון דאָרטן אינגאַנצן אַ תחום־שבת די ווייט...

— איכ'ל דאָרט מתפּלל זיין פֿון אייערטוועגן, באָבינקע, — האָט אביגדור איר געפּרואווט איינבעמען.

— טאַקי אַ געהויבענער מליץ־יושר זיך אָפּגעזוכט פֿאַר מיר! וואָסי, פֿון דאַנען, מיינסטו, הערט מיר שוין דער רבונו־של־עולם ניט? אַי, קינדעלע, דו האָסט נאָך געגוג אויסצובעטן פֿאַר זיך אַליין אַלדאָס גוטס...

חוה האָט זיך געהאַט אירע זאָרגן:

— אפשר וואָלסטו טאַקי צוגעפּאָרן מיט זיי, עליע? ער האָט דאָך דאָרט קיינעם ניט.

— וואָס איז ער, אַ שיפֿע־זיבעלע? ער'ט חלילה פֿאַרפֿאַלן ווערן? — האָט ליפּשיץ זיך כלומרשט געעקשנט — ער האָט אַ צונג, ט'ער זיך דערפֿרעגן וואו אידן וואוינען... געהערט אַביסל? — פֿירן אַ מלמד אין חדר אַריין!

— אָבער נאָך אַלעמען, אַ פֿרעמדער מקום...

— איז דעריבער?...

פֿונדעסטוועגן האָט ער געפֿונען אַן אויסרייד און איז מיטגעפֿאָרן.

# 30

## דער חלום פון שטיין און גרויז

אפל לאפי על ארצך
ואחונן אבניך מאד
— — — — — — —
מי יתנני משוטט במקומות אשר
נגלה אלהים לחוזיך וציריך
(ר׳ יהודה הלוי)

וואָס איז מיט אים געשען דורך דער נאַכט? האָבן זיך זיינע פיס אָפּגעריסן פון דער ערד און אים פאַרטראָגן אין דער וועלט פון זעאונגען?
— י ר ו ש ל י ם —

דער כשופדיגער רייץ פונ׳ם דאַזיגן קלאַנג, די פערבענקטע שטראַליגקייט פון די צעפּליגלטע, פרומע אותיות; דער נאָמען, וואָס האָט מיט אַזאַ ליכטיגן ציטער געצונדן זיין קינדישן דמיון, וואָס האָט געוועקט אַזאַ וואַכע פאַרחלומטקייט אין זיין אינגליש געמיט; די אַלטע שטאָט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו אים אַזוי טרויעריג־שיין פון זיינע פרימסטע תפילות, פון די ליכטיגע סדריםביים זיידן אין הויז, פון ר׳ משה־לייבס ליריש־טרויעריגע חורבן־מעשהלעך — ז י האָט זיך אַצינד אַרויסגעוויקלט פאַר אים פון איר פעלזיגן הויך, אין איר גאַנצער הערלעכקייט, באַצירט מיט אַ קרוין פון פאַרקלערטע מויער־ווענט —
— י ר ו ש ל י ם —

געבאָדן אין ווייסער זוניגקייט, באַקושט פון געלייטערטע בערג־ווינטלעך, האָט זיך געטורעמט די אוראַלטע שטאָט מיט אירע מינאַרעטן און קופּאָלן, טורעמס און קלויסטער־שפּיצן, און האָט זיך געצויגן צום לויטערן בלויען הימל איבער זיך; האָט זיך געגעסטיגט און געפעסטיגט הינטער די טיף־געקאַרבטע מויער־ווענט, מיט די טויערן ברייט־צעעפנט פאַר אַלע פיר ווינקלען פון דער וועלט —

ירושלים —

די שטאָט פון אייביגער האָפענונג, פון אייביגן בענקען, פון אַלע הייליגקייטן — די הייליגסטע, פון אַלע רייצן — די זינדיגסטע; איבער וועמענס ווייסער ברוסט עס האָבן ליפּן געטלעכע געטריפט שלום און ליבשאַפט, וועמענס בחעם ס'האָט אויסגעבריט אַזאַ רציחה ברודער־האַס פאַר אַ בלינדער וועלט; וואו חסד און צער האָבן זיך אויסגעוויגט אין איין מוטער־שויס... צעצוויגטע גאַסן און וועגן, וועלכע האָבן פאַרפירט די זינגענדיגע טריט פון די זין און טעכטער ציונס; וואָס האָבן געברענט די פיס פון נביאים און זיי געטריבן צו באָדן זייערע טריט אין די זאַמדן פון מדבר, צו פאַרבאָרגן זיך אין דעם פינצטער פון היילן — פון דער ווייט צו לאָזן פאַלן זייער פאַרצווייפלטן בליק אויף איר שאַלקהאַפטיגן פּראַכט, אויף איר פאַרפייניגטן שטאָלץ, אויף דער שטראַליגער קדושה וואָס ווערט פאַרוואַלקנט, און האָבן אויסגעהאָגלט זייער צאָרן אויף די וויסטע שייטלען פון די בערג און מיט קללה פאַרריגלט אירע טויערן פאַר די געהייליגטע טריט פון מלך המשיח —

ירושלים —

פאַרשוואונדן איז די מיידלשע ברויזיגקייט, די פרילינגדיגע באַרוישונג פון דער יונגער תל־אביב אַנטקעגן דעם באַזאַכטן מוטער־חן פון דער אַלטער ירושלים. אויסגעלאָשן האָט זיך דער בלענד־ווייסער צויבער פונ'ם זאַמדשוימיגן ים־ברעג אונטער דער שווייגנדיג־גלעטנדיגער גרויקייט פון דער באַיאָרנטער שטאָט. צערונען איז די שמאַראַגד־גרינע צעוואַקסנקייט פון די שרון־געדטנער אַנטקעגן דער פאַרגליווערטער שטייניגקייט אַרום. זיינע אויגן האָבן זיך געבאָדן אין דער וויד־זוניגער פאַרחלומטקייט, זיין ברוסט האָט דורשטיג איינגעזויגן די דורכזיכטיגע באַרג־לופט, און מיט טריט לאַנגזאַמע, פאַרטראַכטע, ווי די וואָלטן קוים באַרירט דעם באָדן אונטער זיך, ווי זיין גאַנצער מהות וואָלט פאַרלאָרן יעדע וואָגיגקייט, האָט ער זיך אומגעשלייכט איבער די גאַסן פון דער אַלטער שטאָט.

אַראָפּ, אַראָפּ האָבן זיך זיינע טריט געצויגן איבער די גליטשיגע, אויסגעקרימטע גאַסן־טרעפּ. נידעריגער, טיפער האָבן אים געפירט די שטייניגע שטעגן — שטיינער, וועלכע זיינען פאַר דורות הונדערטער געשליפן געוואָרן אונטער די טריט פון אומגעציילטע מחנות; וועלכע האָבן דורכגעטראָגן אויף זיך דעם פרעכן טראָט פון זיגער, האָבן באַקושט פיס אין קייטן געשמידטע; טריט פון הערשער מיט לאָרבער־קראַנצן אויף די קעפּ, געפייניגטע — מיט קרוינען פון דערנער; טריט פון עולי־רגל און פון די אין קנעכטשאַפט געטריבענע; שטיינער וועלכע האָבן אויף זיך אויפגענומען דעם הייסן צחויג פון הייליג־פאַרבענקטע ליפּן, און אויף וועלכע עס האָט געזאָדן דער גאַליגער שפּוג פון האַס־פאַרקריצטע ציין... דורך אַ דורכגעזיפּטער שאָטנקייט פון גרויע ווענט שלענגלען זיך די ענגע געסלעך אונטער אַ געפלאָנטער

פון געוועלבטע סטעליעס, סודותדיגע פאַרטיקאָס און פאַרגאַפּטע אַרקעס. יעדער שטיין — אַ לעגענדע, יעדער טויער — אַ שטיק געשיכטע, יעדער נישע — אַ שטומער עדות פון פאַרשוואונדענע קאַפּריזן, און פון יעדן פאַרהוילענעם ווינקל קוקן אַרויס דורותדיגע ווייטקייטן. דער דמיון פליגלט זיך אַוועק, שניידט זיך איין אין דער פאַרגעסנקייט; ווייטע נעכטנס שטייען־אויף פון זייער פאַרנעפּלטן אַמאָל, היינטן קיטלען זיך מיט זיי צוזאַמען, און——

דער שאַל פון קלויסטער־גלאָקן האָט זיך מיטאַמאָל צעטראָגן איבער זיין קאָפּ און האָט איבערגעריסן זיינע טראַכטונגען. *קלויסטער־גלאָקן אין ירושלים!* — דער פאַרשייטער אָפּקלאַנג פון שטאָל און אייזן איבערן שטומען געזאַנג פון שטיין! *גלאָקן־קלאַנג* — דער קול וואָס רופט אַראָפּ פון גאוהדיגע הויכן און וועקט צו תקיפות, צום פאַרגעטערטן ברודער־האַס און נקמה פון בלוט אין דעם נאָמען פון איינעם, וועמענס וואָרט ס'איז *דאָ* געפאַלן אַזוי שטיל און פרום, און האָט געטריפט מיט לייטזעליגקייט און פאַרגעבונג...

ניין! ניט דאָרט אויפן איינזאַמען וויאַ דאָלאָראָזאַ, אויפן יסורים־וועג וואָס פירט קיין גולגתא, האָט ער אים אָנגעטראָפן, דעם בלאַסן נביא פון נצרת. נאָר דאָ אויף די פרום־שאָטנדיגע גאַסן, צווישן די פאַרוויינטע מקום־קדושדיגע ווענט, וואו יעדער אויסגעגלאָצטע לאָך אָטעמט־אָפּ מיט געטלעכן שימל, מיטן טוכלן ריח פון הייליגע בשמים, און טריפט מיט חלבֿ־טרערנדיגע תפילות; וואו אונטער אַ חופה פון שטיין ווירבלט אָן אויפהער אַ שוימיגע מענטשן־כוואַליע, כאַטיש, צעפלאָכטן: אידן מיט געכאָליעטע בערד און פאות אונטער צעמוחטע פליושענע קאַפּעליושן, אין געל־געשטרייפטע כאַלאַטן, מיט שקלאַ־וטריאַדיגן צאַפּל פון פאַרדבקטע הענט און פינגער; מאָנאַכן אין ברייט־אַרבלדיגע טאָגעס, מיט צעפּאַטלטע, אומרואיגע לאָקן אַרום די שלוהדיג־פּוכקע פּנימער; נאָנעס אין צעפלאָסענע קליידער, מיט פאַרטרויערטע ברעמען, פאַרמעטענע געזיכטער און מיט ציטערדיגע קאַרעלן־קראַנצן איבער גאָטספאָרכטיג־פאַרלייגטע הענט; אַסקעטישע פּרחי־כהונה פון יעדער אומה און גלויבן; אויסגעווייקטע, באַטורבאַנטע שעיכן און צעכראַשטשעטע בעדואינער אין דורכגעווינטיגטע העמדער, מיט שווארצאימהדיגן בליק אין די אויגן און מדבר־דורכגעברענטע פיס וואָס ציען זיך צום קניען; וואו פאַרבליפּטע מענגעס מיט שמן־זיתדיגע אויגן פלאָנטערן זיך מיט געהייליגטע טריט אין דעם געפלעכט פון סומנע קלייטן און הויפלעך, וואו קדושה ווערט פאַרקויפט פאַר זילבער־שטיקער און תשובה און איפּער ווערן געוואויגן אויף איין וואָגשאָל —— *דאָ* האָט ער אים באַגעגנט, דעם געפייניגטן וועלט־דערלייזער, אַן איינזאַמן, אומבלאָנדזשענדיג מיט פאַרלאָרענע טריט, מיטן שווערן קרייץ אויף זיינע געבויגענע אַקסלען, די אויגן אַרונטערגעלאָזט צו דער ערד, די ליפּן פאַרביסן ביז בלוטלאָזער בלאַסקייט —

— זיבן־און־זיבעציג מאָל יעדער רגע ווערט מיין נאָמען דאָ דערמאָנט; זיבן־און־זיבעציג מאָל יעדער שעה ווערט מיין וואָרט דאָ געלעסטערט; זיבן

מאָל זיבן־און־זיבעציג ווער איך דאָ יעדן טאָג געקרייציגט פאַר די אויגן פון דער זון...

און נידעריגער שלענגלען זיך די געסלעך פון דער אַלטער שטאָט. איין טרעפּ אַרויף און זיבן טרעפּ אַראָפּ — נידעריגער, אינעווייניגער, טיפער. לאַנג־זאַמער, פאַרקלערטער ווערן די טריט. געצוימטער, ענגער שפּאַלטן זיך די שטעגן וואָס פירן צום שוועל פון דער טרויער־וואַנט. נאָך אַ שפּרייז, און דער טראָט פאַרהאַלט זיך, בלייבט צוגעשמידט צום שטעל. אַנשוויגן ווערן אַלע גע־פילן, אויסגענאָגט אַלע טראַכטונגען. פון דער ענגער טיפעניש אַרויס דערהויבט זיך די אַלטע וואַנט און קוקט־אַראָפּ פון אונטער מאָך־באַוואַקסענע ברעמען, מיט פאַרקלעמטן שטאָלץ, מיט פאַרגליווערטן אומעט. צייל אויף צייל, קאַלט און שווער און שטום, טוליען זיך די גרייז־גרויע שטיינער. יעדער קנייטש — אַ דורות־אַלטער נעסט פון ווייט־דערשוואומענע תפילות, יעדער שפּאַלט — אַ מקום־מקלט פאַר די פאַרוואַלגטע טרערן פון אַ הימלאַזער אומה, וועלכע האָט דאָ איר בענקשאַפט, איר פאַרשמאַכט געמיט אויסגעהאַנגען... אַט הילט זיך דאָרט ווער אין ווינקל, ס׳פּנים איינגעגראָבן אין קאַלטן שטיין, די פינגער קלאַ־מערן זיך לײַדנשאַפטלעך צו דער וואַנט, די ליפּן צוקן:

— פון די טיפענישן האָב איך גערופן צו דיר, גאָט, אָ, ענטפער מיר!...

אַ פרויען־געשטאַלט אין דרייען געבויגן, דער שטערן צוגעזויגן צום מויער, אַ נערוועזער צאַפּל פון יונגע אַקסלען —

— פאַר מיין ליבשאַפט האָבן זיי מיר מיט האָס באַצאָלט, און איך קום מיט אַ תפילה אויף מיינע ליפּן...

און אַזאַ פאַרלאָרנקייט, אַזאַ יאוש, גיסט זיך אין שויס פון די גלאַטע שטיינער!

די טרויער־וואַנט — דער מויער פון טרערן!

און אין געדעכעניש צעוואָרימען זיך ר׳ משה־לייבס ווימוטיגע, קורצ־אָטעמדיגע פאַרציילונגען: „... און ווען טיטוס הרשע האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש, זיינען אַלע דריי ווענט אומגעקומען אין פייער, נאָר אויף דער מערב־וואַנט האָט דער פייער קיין שליטה ניט געהאַט. האָט דער רשע זיך געוואָרפן אויף דער וואַנט מיט שפּיזן און מיט העק און מיט ברעכאייזנס; האָט זיך דאָס אייזן אין זיך האַנט צעקרישלט. האָט ער געלאָזט אויפשטעלן אַרום מויער די שטורעמבעק; זיינען ביי זיינע חיילות די אברים געלעמט גע־וואָרן. ווייל אין יענער נאַכט האָבן אויף דערדאָזיגער וואַנט אַראָפּגענידערט די מלאכים פון הימל צו וויינען אויף גאָטס צאָרן, האָבן זיך זייערע טרערן צוזאַמענגעשמאָלצן מיט די שטיינער פון מויער און זיינען פאַרגליווערט גע־וואָרן אין טרערן־פעלז, וועלכער וועט שטיין אויף אייביג־און־אייביג צו וויינען אויף גלות־השכינה... דאָס איז די טרערן־וואַנט — דער כותל־מערבי...“

די אויגן הענגען אויף דער וואַנט; קאַלטער שטיין — ריזיג און שווייגנדיג און גרוי.

גרויע שטיינעגקייט — דער פּנים פון דער אַלטער שטאָט, דער הויפּט־מאָטיוו פון ירושלים. גרוי — די פאַרב פון צווישנליכט, דער קאָלאָריט פון נאָך־אונטערגאַנג, פון פאַר־אויפגאַנג. שטיין — דער סימבאָל פון האַרטנעקיגקייט, פון געדולדיגן וואַרטן, פון חורבן און פון ווידעראויפבוי, דער צייכן פון אומגעבראָכענעם בטחון. גרויער שטיין — עדות פון אַ הערלעכקייט וואָס איז פאַרגאַנגען, פון אַ הערלעכקייט וואָס האַלט ביים אויפגיין...

אַ צעצויגענער גלאָקן־קלאַנג האָט זיך צעטראָגן אין דער ווייט. פון אַ דערבייאיגן מינאַרעט־טורעם האָט דער ציקלדיגער קול פון אַ מואַזין גערופן צו אַשיע [1]. און איבער די דעכער פון דער אידישער גאַס איז אויפגעגאַנגען דער געשאַל פון אַ שופר וואָס האָט אַנגעזאָגט דעם אָנקום פון שבת — שבת אין ירושלים.

דער הימל האָט זיך איבערגעגאָסן אין ווייכע שקיעה־פאַרבן. אין בלויע שאָטנס האָט זיך געוויקלט די מערב־וואַנט. אין דער טיף פון די שטיינער־שפּאַלטן האָבן זיך געצונדן בוימל־קנייטן, עמוד־ליכט. אַ שרייענדיגע פאַר־ביגקייט פון אַטלעסענע זשופּיצעס אַנטקעגן דער באַזאַכטער שטיין־גרויקייט פון דער וואַנט —

שבת אין ירושלים.

און אין דער שעה פון צווישנליכט, דאָ, אין דער שטאָט פון שבת, אין דער שטאָט פון גרויקייט און שטיין, האָט זיך אין זיין האַרץ געשפּינט די זעאונג פון זיין מאָרגן, דער אויפגאַנג פון זיין טרוים.



1. אַוונט־תפילה.